א. ס. טורגעניעוו

# פאַטערס און קינדער

## Отцы и Дѣти

ראָמאַן אין אכט און צוואַנציג קאַפּיטלען

איבערזעצט פון

א. פיינבערג

מאַקס נ. מייזעל
אידישער פארלאַג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט
424 גרענד סטריט, ניו יארק.
1921

*

# 1

— וואָס, פּיאָטער? מ'זעהט נאָך נים? — האָט אַ פרעג געטאָן ביי זיין דינער דעם 20טען מאַי, 1859טען יאָהר. דער פרעג איז געווען אַ מאַן פון איבער פערציג יאָהר. אין קעסטעלדיגע הויזען און אין אַ פאַרשטויבטען מאַנטעל, איז ער אַרויס אָהן אַ היטעל אויפ'ן נידעריגען גאַניקעל פון איינפאָהר־הויז, וואָס שטעהט אויפ'ן שאָסיי.

דער דינער איז געווען אַ יונגער פול־פּנים'דיגער בחור מיט אַ ווייסליכען פוך אויפ'ן קין, מיט קליינינקע טונקעלע אויגעלאַך, אויף וועלכען אַלץ: סיי דער טירקיזינער אוירינגעל, סיי די אָנגעפּאָמאַדעטע פאַרשיידענפאַרביגע האָר, סיי די העפליכע באַוועגונגען — מיט איין וואָרט: אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מענש פון דעם נייסטען דור, וואָס האָט זיך פאַרפאָלקאָממט. ער האָט אַ קוק געטאָן אין דער ווייט פון דער וועג און געענטפערט:

— ניין, מ'זעהט נים.

— מ'זעהט נים? — האָט דער פריץ איבערגעפרעגט.

— מ'זעהט נים! — האָט דער יונגער דינער געענטפערט צום צווייטען מאָל.

דער פריץ האָט אַ זיפץ געטאָן און זיך צוגעזעצט אויפ'ן ביינקעלע. לאָמיר דעם לעזער באַקענען מיט איהם פאַר דער ווייל וואָס ער זיצט זיך אַזוי מיט די פיסלאַך אונטערגעבויגען אונטער זיך און קוקט פאַרטראַכט אַרום.

מ'רופט איהם ניקאָלאַי פּעטראָוויטש קירסאַנאָוו. ער פאַרמאָגט

א רייכען גוט פאר א פופצעהן וויארסט פון דער איינפאהר־הייזעל, וועלכע צעהלט א צוויי הונדערט נפשות, אדער, ווי ער דריקט זיך אוים, זינט ער האט זיך אפגעגרענעצט פון די פויערים און האט איינגעפיהרט א „פארם“ פון א צוויי דעסיאטין לאנד; זיין פאטער, א גענעראל פון 1812טען יאהר, א האלב־גראמאטנער, א גראבער נפש אבער ניט קיין שלעכטער רוס, האט זיך געלעבט זיין לעבען. אין אנהויב האט ער קאמאנדירט א בריגאדע, דערנאך א דיוויזיע, האט שטענדיג געוואוינט אויף דער פראווינץ, וואו ער האט, א דאנק זיין אמט, געשפיעלט א באדייטענדע ראלע. ניקאלאי פעטראוויטש איז געבארען געווארען אין דרום־רוסלאנד, אזוי ווי זיין עלטערער ברו־דער פאוועל, וועגען וועלכען עס וועט נאך דערצעהלט ווערען. ער איז ערצויגען געווארען ביז זיין פערצעהן־יאהריגען עלטער אין דעם היים, ארומגערינגעלט פון ביליגע ערציהער מיט הפקר'דיגע, אבער שקלאפיש־אונטערטעניגע אדיוטאנטען, און נאך אזעלכע אנ־געזעהענע פערזענליכקייטען פון שטאב. זיין מאמע, פון דער פא־מיליע קאליאזינס, וועלכער מ'האט מיידעלווייז גערופען אגאטע, און ווערענדיג א גענעראלשע — אגאפקאליע קוזמינישנע קירסאנאוו, האט באלאנגט צו דער צאהל „מאמע קאמאנדירקעס“. זי האט געטראגען וואונדער־שעהנע הייבלאך און רוישיג זיידענע קליידער. אין קלויסטער פלעגט זי זיין די ערשטע צוצוגעהן צום צלם. זי האט גערעדט הויך און א סך. אין דער פריה פלעגט זי ערלויבען די קינדער איהר האנט א קוש צו טאן; פאר'ן שלאף פלעגט זי זיי געבען איהר ברכה — מיט איין ווארט: זי האט געלעבט אין וואוילטאג. זייענדיג א גענעראל'ס א זוהן, האט ניקאלאי פעטרא־וויטש געדארפט, אזוי ווי זיין ברודער פאוועל, אריינטרעטען אין דיענסט, ניט קוקענדיג וואס ער האט זיך ניט אויסגעצייכענט ניט נאר אין בראווקייט, נאר האט נאך געקראגען דעם צונאמען פייג־לינג. ער האט אבער איבערגעבראכען א פוס אינ'ם זעלבען טאג וואס ער איז אנגענומען געווארען, און נאכדעם ווי ער איז אפגעלעגען צוויי חדשים אין בעט, איז ער שוין אויף זיין גאנצען לעבען פארבליבען א ביסעל הינקעדיג. דער פאטער האט אויפ־

געגעבען אלע זיינע האפנונגען אויף איהם און אזוי שנעל ווי איהם איז געווארען אכצעהן יאהר, האט ער איהם אוועקגעפיהרט קיין פעטערבורג און איהם אריינגעגעבען אינ'ם אוניווערזיטעט. אין דערזעלבער צייט איז זיין ברודער געווארען אן אפיצער אין דער גווארדיע. די יונגע לייט האבען אנגעהויבען לעבען צוזאמען, אין איין צימער, אונטער דער וויטער אויפזיכט פון א פעטער פון דער מוטער'ס צד, איליא קאליאזין, א וויכטיגער באאמטער. דער פאטער זייערער האט זיך צוריקגעקערט פון זיין דיוויזיע צו זיין ווייב, און בלויז ווען־ניט־ווען וולעגט ער צושיקען זיינע זיהן גרויסע פערטלען גרויע פאפיר, פארקלעקטע און פארשמירטע פון אן אויס־געשריבענער האנט. אויפ'ן סוף פון אט די בריוועלאך האבען ארויסגעשיינט, ארומגעפוצטע מיט דריידלאך פון אלע זייטען, די ווערטער: „פיאטר קירסאנאוו, גענעראל־מאיאר".

אין 1835טען יאהר האט ניקאלאי פעטראוויטש געענדיגט אוניווערזיטעט, און אין דעמזעלבען יאהר איז גענעראל קירסאנאוו, וועלכער איז אפגעזאגט געווארען פון זיין אמט פאר א נאכלעסיגער רעוויזיע, געקומען מיט זיין ווייב וואוינען אין פע־טערבורג. ער האט שוין געהאט געפונען א הויז לעבען טאוורישען גארטען און האט זיך איינגעשריבען אין דעם ענגלישען קלוב, איז ער אבער פלוצלינג געשטארבען פון א הארץ־שלאג. אגאפאקליע קוזמינישנע האט איהם גאר אין גיכען נאכגעטאן: זי האט זיך ניט געקאנט צוגעוואוינען צו דעם טומעלדיגען שטאדטישען לעבען; דער אומעט פון איהר איינזאמען לעבען האט איהר אויפגעגעסען. דערוויל האט ניקאלאי פעטראוויטש, נאך פאר דעם טויט פון זיינע עלטערן און צו זייער גרויסען פארדראס, זיך איינגעליעבט אין דער טאכטער פון דעם באאמטען פרעפאלאווענסקי, דעם געוועזענעם באלעבאס פון דער הויז, וואו ער איז איינגעשטאנען, א ליעבינקע און, ווי מען זאגט, אן אנטוויקעלטע מיידעל: אין זשורנאלען האט זי געלייענט ערנסטע אפהאנדלונגען אין דער אפטיילונג פון „ווי־סענשאפט". ער האט מיט איהר חתונה געהאט, ווי נאר עס איז אריבער די צייט פון טרויער און, איבערלאזענדיג דעם לאנד־מיי־

ניסטעריום, וואו ער איז אנגעקומען דורך זיין פאטער'ס פראטעק־
ציע, האט ער גליקלאך פארבראכט די צייט, פריהער אויפ'ן זומער־
פלאץ לעבען וואלד־אינסטיטוט, און נאכדעם אין שטאדט, אין א
קליינינקער, לעבעדיגער וואוינונג, מיט ריינע טרעפ און א קאלט־
ליכען גאסט־צימער, און ענדליך אין דארף, וועלכען ער האט גע־
מאכט פאר זיין שטענדיגער היים, און וואו ביי איהם איז אין גיכען
געבארען געווארען א זוהן, ארקאדי. מאן און פרוי האבען צווישען
זיך געלעבט גוט און שטיל, זיי האבען זיך כמעט קיינמאל ניט
פאנאנדערגעשיידט, געלייענט צוזאמען, געשפילט פיאנא אויף פיער
הענט, האבען געזונגען דועטען; זי האט געפלאנצט בלומען און
אכטונג געגעבען אויף די פויגעלאך; ער פלעגט אמאל ארויספאה־
רען אויף יאגד און פלעגט זיך אפגעבען מיט באלעבאטישקייט. און
ארקאדי איז געוואקסען און געוואקסען, אויך גוט און שטיל. צעהן
יאהר זיינען פארפלויגען ווי א חלום. אין 47טען יאהר איז קיר־
סאנאוו'ס פרוי געשטארבען. ער האט עס קוים אריבערגעטראגען;
אין עטליכע וואכען איז ער גרוי געווארען; ער האט זיך שוין
געקליבען פאהרען קיין אויסלאנד, כדי זיין אומעט צו פארטרייבען...
אבער עס האט זיך אנגערוקט דעם 48טער יאהר. ער האט ניט ווי־
לענדיג זיך אומגעקעהרט צוריק אין דארף און נאך א לאנגער צייט
פון נארנישט טאן, האט ער ווידער גענומען איינארדנען זיין בא־
לעבאטישקייט. אין 55טען יאהר האט ער זיין זוהן אוועקגעפיהרט
אין אוניווערזיטעט, האט פארבראכט מיט איהם דריי ווינטערען
אין פעטערבורג, ער איז כמעט אין ערגעץ ניט ארויסגעגאנגען און
געזוכט צו פארפיהרען א באקאנטשאפט מיט ארקאדי'ס יונגע
חברים. לעצטען ווינטער האט ער ניט געקאנט קומען, און אט
זעהען מיר איהם אין חודש מאי, 1859טען יאהר, שוין אינגאנצען
א גרויען, א גראבינקען און אביסעל אז איינגעהויקערטען. ער ער־
ווארט זיין זוהן, וועלכער האט געקראגען, ווי ער אליין אמאל, זיין
טיטעל.

דער דינער, וועלענדיג זיין אנשטענדיג, אדער אפשר ניט ווע־
לענדיג שטעהן פאר די אויגען פון זיין באלעבאס, איז אוועק הינ־

טער'ן טויער און האט פארדויבערט זיין ליולקע. ניקאלאי פעטראָ־וויטש האט אראפגעלאזען די קאפּ און האט אנגעהויבען קוקען אויף די אלטע טרעפלאך פונ'ם גאניק: א גרויסע, קאלירטע הינדעלע האט אויף איהם ארומגעשפּאצירט, קלאפּענדיג שטארק מיט די גרויסע געלע פיס; א פארשמירטע קאץ האט אומפריינדלאך גע־קוקט אויף איהם, זיצענדיג אויף דער פּארענטשע. די זון האט געבאקט: פון טונקעלען פארהויז פון דער קרעטשמע האט זיך געטראגען א ריח פון ווארעמען קארענעם ברויט. ער האט זיך פאר'חלומ'ט אונזער ניקאלאי פעטראוויטש: „דער זוהן... א קאנ־דידאט... ארקאשא...“ — האט זיך אומאויפהערליך געדרעהט אין זיין קאפּ. ער האט זיך אנגעשרענגט צו טראכטען וועגען עפּעס אנדערש, און ווידער האבען זיך דיזעלבע געדאנקען צו איהם אומ־געקערט. עס האט זיך איהם דערמאנט אז זיין פארשטארבענער ווייב... „זי האט זיך ניט דערוואַרט!“ — האט ער טרויעריג א מור־מעל געטאן... א טונקעל בלויע טויב איז געקומען צופליהען אויפ'ן וועג און האט זיך האסטיג אוועקגעלאזען טרינקען צו דער לוזשע, וואס ביים ברונעם. ניקאלאי פעטראוויטש האט אנגעהויבען קוקען אויף איהר, און זיין אויער האט שוין אויפגעכאפּט דאס קלאפּען פון אנקומענדע רעדער...

— זיי פאהרען! — האט געמאלדען דער דינער, ארויסרוקענדיג זיך פון הינטער דעם טויער.

ניקאלאי פעטראוויטש איז אויפגעשפּרונגען און האט אנגע־שטרענגט זיינע אויגען צום וועג. עס האט זיך באוויזען א טאראנ־טאס, געשפּאנט מיט דריי פערד; אין דעם טאראנטאס האט א פינקעל געטאן דער באנד פון א סטודענטען־היטעל, א באקאנטער צייכען פון א ליעבען פּנים.

— ארקאשא! ארקאשא! — האט אויסגעשריען קירסאנאוו, און איז אנטקעגען געלאפען מאכענדיג מיט די הענט... אין א ווײלע ארום זיינען שוין זיינע ליפּען צוגעפאלען צו דער גלאטער, פאר־שטויבטער און פארברענטער באק פון דעם יונגען קאנדידאט.

2

— לאז זיך אביסעל אפטרייסלען, טאטע! — האט ארקאדי געזאגט מיט א קלינגענדען יוגענדליכען קול, וואס איז אביסעל הייזעריג געווארען פון וועג. ער האט פריידיג געענטפערט אויף זיין פאטער'ס צערטליכקייט: — איך וועל דיך דאך איינשמירען.

— עס מאכט נים, עס מאכט נים! — האט ליעבליך שמייכלענדיג געזאגט ניקאלאי פעטראוויטש, און האט צוויי מאל א קלאפ געטאן מיט'ן האנט איבער'ן זוהנ'ס מאנטעל און אויך איבער זיין אייגענעם. — לאמיך דיר אנקוקען, לאמיך דיר גוט אנקוקען! — האט ער געזאגט, אפרוקענדיג זיך, און איז גלייך אוועק מיט גיכע טריט צום איינפאהר־הויז, רופענדיג: — אהער, אהער, זאל מען גיכער שפאנען די פערד!

ניקאלאי פעטראוויטש האט אויסגעזעהן מעהר אויפגערעגט, ווי זיין זוהן. עפעס אזוי ווי ער וואלט זיך פארלוירען אביסעל; עפעס אזוי ווי ער וואלט מורא געהאט. ארקאדי האט איהם אפגעשטעלט:

— טאטע, — האט ער געזאגט, — ערלויב מיר צו באקענען דיר מיט מיין גוטען חבר, באזאראוו, וועגען וועלכען איך האב דיר אזוי אפט געשריבען. ער איז אזוי גוט געווען, אז ער האט איינגעוויליגט צו קומען צו אונז צו גאסט.

ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך אומגעדרעהט, און איז צוגעגאנגען צו א מענשען פון א הויכער וואוקס, וועלכער איז נאר וואס ארוים פון טאראנטאס, אין א לאנגען מאנטעל מיט קוטאסען. ער האט שטארק א דריק געטהאן זיין הוילע, רויטע האנט, וועלכע יענער האט איהם ניט גלייך געגעבען.

— עס פרעהט מיך זעהר, — האט ער אנגעהויבען, — און איך בין אייך דאנקבאר פאר אייער גוטען פארלאנג, צו באזוכען אונז. איך האף... ערלויבט מיר צו וויסען אייער נאמען.

— יעווגעני וואסיליעוו. — האט באזאראוו געענטפערט מיט א פוילען, אבער מענערשען קול, און אפלייגענדיג דעם קאלנער פון

זיין מאנטעל, האט ער געוויזען ניקאלאי פעטראוויטש'ען זיין גאנ־
צען פנים. ער איז געווען א לאנגער און א דארער, מיט א ברייטען
שטערען, מיט א נאז וואס איז געווען פלאטשיג פון אויבען און
פארשפיצט פון אונטען, מיט גרויסע גרינליכע אויגען און מיט
באקענבארדען פון זאמדיגען קאליר. א ליעבער שמייכעל איז געלע־
גען אויפ'ן פנים, וועלכער האט אויסגעדריקט זעלבסטזיכערהייט און
קלוגשאפט.

— איך האף, ליעבער יעווגעני וואסיליטש, אז איהר וועט זיך
ביי אונז ניט לאנגווייליגען. — האט ניקאלאי פעטראוויטש ווידער
געזאגט.

באזאראוו'ס דינע ליפען האבען זיך קוים א ריהר געטאן. ער
האט אבער גארניט געזאגט, ער האט בלויז זיין היטעל א הויב
געטאן. זיינע לאנגע, געדיכטע, טונקעל בלאנדע האר האבען ניט
פארדעקט די בערגלאך פון זיין גרויסען שארבען.

— ווי זאל זיין, ארקאדי, — האט ניקאלאי ווידער אנגעהויבען,
ווענדענדיג זיך צו זיין זוהן, — זאל מען שוין שפאנען די פערד,
אדער איהר ווילט פריהער אפרוהען?

— אין דער היים וועלען מיר אפרוהען, טאטע. הייס שפאַ־
נען.

— שוין, שוין! — האט אונטערגעכאפט דער טאטע. — עי,
פיאטר, דו הערסט? געה באזארג, לעבעדיגער!

ווי א פארפאלקאמטער דינער איז פיאטר ניט צוגעגאנגען צו
זיין באלעבאס'ס האנט; ער האט זיך בלויז פון ווייטען א נייג
געטאן און איז פארשוואונדען הינטער די טויערען.

— איך בין געקומען מיט א קאליאסקע, אבער פאר דיין טאַ־
ראנטאס האב איך אויך דריי פערד, — האט זארגפעלטיג גערעדט
ניקאלאי פעטראוויטש פאר דער צייט, וואס ארקאדי האט געטרונ־
קען וואסער פון אן אייזערנעם קרוג, וואס די באלעבאסטע פון איינ־
פאהר־הויז האט געבראכט. באזאראוו האט פאררויכערט זיין ליולקע
און איז צוגעגאנגען צום פוהרמאן, וועלכער האט אויסגעשפאנט
די פערד.

— אין דער קאליאסקע איז דא פלאץ בלויז פאר צוויי, און איך ווייס ניט ווי אזוי דיין פריינד...

— ער וועט פאהרען אין טאראנטאס, — האט ארקאדי איבער־געשלאגען. — דו דארפסט איהם קיין כבוד ניט אפגעבען. ער איז א וואוילער בחור, א פשוט'ער — וועסט זעהן.

ניקאלאי פעטראוויטש'עס פוהרמאן האט ארויסגעפיהרט די פערד.

— נו, ריהר זיך, גראבבארדיגער! — האט זיך באזאראוו גע־ווענדט צו זיין פריהערדיגען פוהרמאן.

— דו הערסט, מיטיוכא, — האט אונטערגעכאפט דער צווייטער פוהרמאן, וועלכער איז געשטאנען דערביי, מיט זיינע הענט פאר־לעגט אויף הינטען, — ווי אזוי האט דיך דער פריץ גערופען? דו ביזט טאקע א גראבבארדיגער.

מיטיוכא האט בלויז א קלאפ געטאן מיט'ן היטעל און האט א שלעפ געטאן די לייצעס פון פארשוויצטען פערד.

— לעבעדיגער, לעבעדיגער, קינדער! העלפט צו! — האט אויסגערופען ניקאלאי פעטראוויטש. — איהר וועט אויך בראנפען קריגען!

אין עטליכע מינוט ארום זיינען די פערד געווען געשפאנט. דער פאטער מיט'ן זוהן האבען זיך אריינגעזעצט אין דער קאליאס־קע. פיאטר איז ארויפגעקראכען צום פוהרמאן; באזאראוו איז אריינגעשפרונגען אין טאראנטאס, האט זיך אנגעלעהנט אן דער לעדערנער קישעלע, אוןביידע עקיפאזשען האבען זיך א לאז געטאן אין וועג.

## 3.

— אזוי, אזוי. ענדליך ביזטו א קאנדידאט געווארען און ביזט אהיים געקומען, — האט גערעדט ניקאלאי פעטראוויטש, אנ־ריהרענדיג ארקאדי'ן אלע ווייל, דא פאר'ן פלייצע, דא פאר'ן קניע — ענדליך!

— און וואס מאכט דער פעטער? איז ער געזונט? — האט ארקאדי א פרעג געטאן, וועלענדיג אומבייטען די אויפגערעגטע שטימונג פאר א וואכעדיגער, ניט־קוקענדיג אויף דער אויפריכטי־גער, כמעט קינדערשער פרייד וואס האט איהם אנגעפיהלט.

— געזונט. ער האט אפילו איין אנהויב געוואלט פאהרען מיט מיר דיך באגעגענען, אבער איך ווייס ניט פאר וואס: ער האט נאכדעם חרטה געקראגען.

— און דו האסט לאנג אויף מיר געווארט? — האט ארקאדי געפרעגט.

— יא, אומגעפעהר א שעה פינף.

— ביזט א גוטער טאטע!

ארקאדי האט זיך לעבעדיג א קעהר געטאן צום טאטען און האט איהם א הילכיגען קוש געגעבען אין באק.

ניקאליי פעטראוויטש האט זיך שטיל צעלאכט.

— וואס פאר א גוטען פערד איך האב פאר דיך צוגעגריים! — האט ער אנגעהויבען. — וועסט זעהן, און דיין צימער איז מיט אבאיעס אויסגעקלעפט.

— און פאר באזאראוו'ן איז פאראן א צימער?

— פאר איהם וועט זיך אויך געפינען.

— איך בעט דיר, טאטע, זיי נאהענט צו איהם. איך קען דיר גארניט אויסדריקען, ווי טייער עס איז מיר זיין פריינדשאפט.

— דו האסט זיך מיט איהם ניט לאנג באקאנט?

— ניט לאנג.

— דעריבער האב איך איהם טאקע ניט געזעהן לעצטען ווינטער. וואס טוט ער?

— ער גיט זיך איבערהויפט אפ מיט נאטור־וויסענשאפט. ער ווייס אבער אלץ. קומענדען יאהר קלייבט ער זיך צו עקזאמינירען אויף דאקטאר.

— אזוי? ער איז אין דעם מעדיצינישען פאקולטעט. — האט ניקאלאי פעטראוויטש באמערקט און א'ז א־שוויגען געווארען. — פיאטר, — האט ער א זאג געטאן אין א ווייל ארום, אנווייזענדיג

מיט דער האנט, — זעה נאר, דאכט זיך, אז אונזערע פויערים פאהרען?

פיאטר האט זיך איינגעקוקט אין דער זייט וואו דער פריץ האט איהם אנגעוויזען: עטליכע וועגענער אין פארשידען-געשפאנטע פערד זיינען זיך געלאפען איבער דער שמאלער זייטיגער וועגעל. אין יעדען וואגען איז געזעסען א פויער, אדער צוויי, מיט אויפ־געשפילעטע פעלצלאך.

— אזוי איז עס. — האט פיאטר געענטפערט.

— וואוהין פאהרען זיי עס? אין שטאדט? צו וואס?

— ווי עס זעהט אויס, פאהרען זיי אין שטאדט. אין שענק, — האט ער צוגעגעבען מיט פאראכטונג און האט זיך ליכט איבער־געבויגען איבער'ן פוהרמאן, זוכענדיג זיין הסכמה. יענער האט זיך אבער אפילו קיין ריהר ניט געגעבען. ער איז געווען א מענש פון'ם עלטערן דור און האט זיך ווייניג וואס גערעכענט מיט די מיינונגען פון די אינגערע.

— איך האב צרות היינטיגס יאהר פון די פויערים, — האט זיך ניקאלאי פעטראוויטש געווענדט צום זוהן. — זיי צאהלען קיין צינזען נים. וואס קאנסטו מאכען?

— און מיט די געדונגענע ארבייטער ביזטו צופרידען?

— יא, — האט ניקאלאי פעטראוויטש דורך די צייהן דורכגע־זיים. — מ' שלאגט זיי אפ, אט דאס איז די צרה. און קיין אמת'ע געטריישאפט ווייזען זיי נאך אלץ ניט ארוים. דעם שפאן פיהרען זיי איבער. געאקערט האבען זיי, אייגענטליך, ניט שלעכט. עס וועט זיך איבערמאלען — און מעהל וועט זיין. וואסי, דיר אינטע־רעסירט איצט באלעבאטישקייט?

— קיין שאטען איז דא ניטא. אט וואס עס פעהלט, — האט ארקאדי באמערקט, ניט ענטפערענדיג אויף דער לעצטער פראגע.

— איך האב איבער דער צפונ'דיגער זייט, פון אונזער באלקאן, געמאכט א גרויסען לייוועטענעם דאך, — האט ניקאלאי פעטראוויטש געזאגט. — איצט וועט מען אויך קענען עסען אין דרויסען.

— דאס וועט שוין גיכער אויסזעהן ווי אן אמת'ער זומער־פלאץ... דאס אלץ איז אייגענטליך נארישקייטען. אך, ס'ארא לופט דא איז, ווי פיין עס שמעקט! מיר דוכט, אז עס איז נישטא נאך אזא פלאץ אויף דער וועלט, וואו עס זאל שמעקען ווי אין אט די געגענדען! און ס'ארא הימעל דא איז...

ארקאדי האט זיך פלוצלונג אפגעשטעלט, האט א קוק געטאן אויף אהינטער און איז אנטשוויגען געווארען.

— געוויס, — האט ניקאלאי פעטראוויטש באמערקט, — דו ביזט דא געבארען געווארען. אלץ דארף דיר אויסוויזען אויסער־געוועהנליך...

— נו, טאטע, דאס איז אלץ איינס, עס איז קיין אונטערשייד, וואו א מענש איז געבארען געווארען.

— פונדעסטוועגען...

— ניין, עס איז אבסאלוט אלץ איינס.

ניקאלאי פעטראוויטש האט פון דער זייט א קוק געטאן אויפ'ן זוהן, און די קאליאסקע איז אפגעפאהרען ביי א האלבען ווערסט, איידער דער געשפרעך האט זיך צווישען זיי אויפ'ס'ניי אנגע־הויבען.

— איך געדענק ניט, צי איך האב דיר געשריבען, — אז דיין געוועזענע ניאנקע, יעגאראוונא, איז געשטארבען.

— טאקע? ארימע אלטע! און פראקאפיטש לעבט?

— ער לעבט און האט זיך אפילו אויף א האר ניט געביטען. ער ווארטשעט אזוי ווי פריהער. מאריו האט זיך אין אלגעמיין קיין סך ניט געביטען.

— דער אנגעשטעלטער איז ביי דיר נאך דערזעלבער?

— ניין, דעם אנגעשטעלטען האב איך אומגעביטען. איך האב באשלאסען מעהר ניט צו האלטען ביי זיך פרייגעלאזענע, געוועזענע קנעכט; ווענינגסטענס, ניט אנפארטרויען זיי קיין פאראנטווארט־ליכע שטעלע.

(ארקאדי האט מיט די אויגען אנגעוויזען אויף פיאטר'ן).

— Il est libre en effet, — האט ניקאלאי פעטראוויטש באמערקט.

— ער איז דאך אבער א קאמערדינער. מיין איצטיגער אנגע־שטעלטער איז א שטאדט־מענש. איך גיב איהם צוויי הונדערט און פופציג רובעל א יאהר. ער זעהט אוים צו זיין א פלייסיגער יונג.

ניקאלאי פעטראוויטש האט אנגעהויבען רייבען דעם שטערן און די ברעמען, וואס דאס איז געווען א סימן פון אינערליכע אומ־רוהיגקייט.

— איך האב דיר אייגענטליך נאר וואס געזאגט, אז אין מארין זיינען קיינע ענדערונגען נים פארגעקומען... — האט ער ווידער גערעדט, — ס'איז נים אינגאנצען אמת. איך האלט פאר מיין פליכט צו זאגען דיר, אפילו...

ער האט זיך אויף א וויילע פארהאקט, און נאכדעם האט ער פארטגעזעצט אין פראנצויזיש.

— א שטרענגער מאראליסט וועט מיין אפענהערציגקייט נים געפעלען ווערען; אבער, ערשטענס, קען איך עס נים פארבאהאל־טען, און צווייטענס, ווייסטו דאך, אז ביי מיר זיינען שטענדיג געווען געוויסע פרינציפען וועגען באציהונגען פון א פאטער צו א זוהן. סיי ווי, דו וועסט געוויס האבען א רעכט צו אורטיילען מיך, אין מיינע יאהרען... מיט אייןווארט, אט די... אט די מיידעל, וועגען וועלכער דו האסט שוין מסתמא געהערט...

— פעניטשקע? — האט ארקאדי ליכט א פרעג געטאן.

ניקאלאי פעטראוויטש איז רויט געווארען. — איך בעט דיר, שריי נים אזוי הויך... נו, יא... זי וואוינט איצט ביי מיר. זי איז אין הויז... דארט זיינען געווען צוויי קליינע חדרים'לאך. מען קאן דאס, אייגענטליך, איבערמאכען.

— הער אוים, טאטע, צו וואס?

— דיין פריינד וועט ביי אונז זיין... נים אנגענעם...

— וועגען באזאראוו'ן דארפסטו גארנים זארגען, ער שטעהט העכער פון דעם.

— נו, זאָל שוין זיין, — האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש אַ זאָג געטאָן. — אָבער דאָס וואָס די הינטער־שטיבעל איז ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין, אָט דאָס איז ניט גוט.

— הער אויף, טאַטע, האָט אַרקאַדי אונטערגעכאַפּט, — דו רעדסט אַזוי, ווי דו וואָלסט זיך פאַר עפּעס אַנטשולדיגט. ווי אַזוי שעהמסטו זיך ניט?

— געוויס, מיר איז זעהר ניט אַנגענעם, — האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש געענטפערט אַלץ מעהר און מעהר רויט ווערענדיג.

— הער אויף, טאַטע, הער אויף, איך בעט דיך! — אַרקאַדי האָט ליעבליך אַ שמייכעל געטאָן. „פאַר וואָס אַנטשולדיגט ער זיך", האָט ער אַ טראַכט געטאָן, און אַ געפיהל פון צערטליכקייט צו זיין ליבען גוטען טאַטען, צוזאַמענגעמישט מיט אַ געפיהל פון פאַר־באָרגענער גרויסקייט האָט זיין האַרץ אַנגעפילט.

— הער אויף, איך בעט דיך, — האָט ער נאָך אַמאָל איבער־גע'חזר'ט, פיהלענדיג בעת מעשה זיין אייגענע זעלבסטשטענדיגקייט און פרייהייט.

ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האָט געקוקט אויף איהם פון אונטער די פינגער פון זיין האַנט, מיט וועלכער ער האָט נאָך אַלץ זיין שטערן געריבען און עס האָט איהם אין האַרצען אַ שטאָך געטאָן... ער האָט אָבער זיך אַליין גלייך באַשולדיגט.

— אָט דאָ הויבען זיך שוין אָן אונזערע פעלדער, — האָט ער אַ זאָג געטאָן נאָך אַ לאַנגען שווייגען.

— און יענער פאָראויס, דאַכט זיך, איז אונזער וואַלד? — האָט אַרקאַדי געפרעגט.

— יאָ, אונזער. איך האָב איהם אָבער פאַרקויפט. היינטיגס יאָהר וועט מען איהם האַקען.

— פאַרוואָס האָסטו איהם פאַרקויפט?

— איך האָב געלט געדאַרפט, און נאָך אַלעמען באַלאַנגט דאָך די ערד צו די פויערים.

— וועלכע צאהלען דיר קיין צינזען ניט?

— דאס איז שוין זייער זאך, סיי ווי, אמאל וועלען זיי דאך צאהלען.

— אן עבירה דעם וואלד, — האט ארקאדי באמערקט און ער האט אנגעהויבען ארומצוקוקען זיך.

די ערטער, וועלכע זיי זיינען פארבייגעפאהרען, האט מען ניט געקאנט זאגען, אז זיי זיינען מאלעריש. פעלדער, פעלדער האבען זיך בסדר געצויגען, אזש ביז צום האריזאנט. דא פלעגען זיי זיך אויפהויבען און דא אראפלאזען. וואו ניט וואו האבען זיך געזעהן קליינע וועלדלאך. טאלען האבען זיך געדרעהט פארזייטע מיט שיטערע, נידעריגע בושעס, וועלכע האבען דערמאנט מיט זייער אויסזעהן די אלטע פלאנען פון יעקאטערינא׳ס צייטען. דא און ד׳ארט זיינען אויך טייכלאך געלעגען מיט אפגעגאלטע ברעגען, און גאר קלייניגקע טייכעלאך מיט דינינקע וואסער־ווענטלאך, און דערפלאך מיט נידעריגע שטיבעלאך אונטער פינסטערע, אפט האלב־צעווארפענע דעכער, און אויסגעקרימטע דרעש־שייערען, מיט ווענט געפלאכטען פון ריטער, מיט גענעצדיגע טויערען לעבען פארלאזענע שייערען און קלויסטערס, אנדערע פון ציגעל מיט אבגעקאלופעט ווענט; אנדערע הילצערנע מיט איינגעבויגענע צלמים און חרוב׳ע בית־עולם׳ס. ארקאדי׳ן האט ביים הארצען פארנומען. עפעס אזוי ווי אויף צו־להכעיס זיינען די פויערים וואס זיי האבען באגעגענט געווען אפגעריסענע, אויף ארימע פערדלאך. מיט זייערע אפגע־שיילטע קארעס און זייערע אפגעבראכענע צווייגען, האבען די בוי־מער אויף די זייטען פון די וועגען אויסגעזעהן ווי בעטלער אין שמאטעס. אויסגעמאגערטע, איינגעפאלענע ווי פארהונגערטע, הא־האבען די בהמות די גראזען געצופט פון די גראבענס. עס האט דעם איינדרוק געמאכט, ווי זיי וואלטען זיך נאר־וואס ארויסגעריסען פון אימיצענס גרויזאמע, טויטליכע נעגעל. דער ארעמער אויסזעהן פון די הילפלאזע חיות, האט אין מיטען פון א שעהנעם פריהלינגס־טאג ארויסגערופען דעם ווייסען גייסט פון גרויזאמען, אונענדליכען

ווינטער, מיט זיינע שנעע־שטורעמס, פרעסט און שנעען... ניין, האט ארקאדי א טראכט געטאן, ניט רייך איז דער געגענד, ער אי־בערראשט ניט, ניט מיט זיין פרוכטבארקייט, ניט מיט זיין הארע־פאשניקייט. מ'טאר ניט, מ'טאר עס אזוי ניט לאזען; עס איז נויטוועגדיג אלץ איבערצואנדערשען... אבער וואס, און ווי אזוי?

אזוי האט ארקאדי געטראכט... און פאר דער צייט וואס ער האט אזוי געטראכט, האט זיך דער פריהלינג דאס זייניגע גענומען. אלץ ארום האט זיך גאלדיג געגרינט, אלץ האט זיך ברייט און ווייך געוויגט אלץ האט געגלאנצט אונטער דעם שטילען אטעם פון א וואַ־רעמען ווינטל, אלץ—די בוימער, די בושעס און די גראזען. אומעטום האבען זיך געהערט קלינגענדיגע קול'כלאך פון די לערכען, פויגעלאך האבען זינגענדיג ארומגעשפרונגען איבער די בערגלאך פון די פעל־דער, קראהען האבען זיך שעהן געשווארצט אין די נאך ניט אויפ־געגאנגענע קארן־פעלדער, זיי האבען ארומשפאצירט און זייערע פארפאלען געווארען אין דעם קארן, וואס האט זיך שוין אנגעהויבען ווייסען, און בלויז ווען ניט ווען פלעגט מען זייערע קעפלאך זעהן אין זיינע רוישיגע כוואליעס. ארקאדי האט געקוקט, געקוקט, און ביסלעכווייז זיינען זיינע געדאנקען אפגעשוואכט געווארען און זיי זיינען פארשוואונדען. ער האט פון זיך דעם מאנטעל אראפגעווא־פען און האט א פרעהליכער און א יונגינקער א קוק געטאן אויפ'ן טאטען אזוי, אז יענער האט איהם ארומגענומען.

— איצט איז שוין ניט וויים, — האט ניקאלאי פעטראוויטש באמערקט. — אזוי גיך, ווי מיר פאהרען ארויף אויף אט דעם בערגעל, דערזעהט זיך שוין דאס הויז. מיר וועלען א לעב טאָן, ארקאשא; דו וועסט מיר העלפען פיהרען די באלעבאטישקייט, אויב דיר וועט עס נאר ניט דערעסען. מיר דארפען איצט צוקומען נאהענט איינער צום צווייטען, פארשטעהן גוט איינער דעם צוויי־טען. ניט אזוי?

— געוויס. — האט ארקאדי געענטפערט, — אבער וואס פאר א וואונדערבארער טאג היינט איז!

— דאס איז לכבוד דיין קומען, טייערער מיינער. יא, דער

פריהלינג איז אין זיין פולען גלאנץ. און אפשר, איך בין איינפאר־
שטאנען מיט פושקינ׳ען. געדענקסט, אין יעווגעני אניעגין:

ווי אומעטיג מיר ווערט פון דיר,
דו פריהלינג, דו, די צייט פון ליעבע,
וועלכע...

— ארקאדי! — האט זיך פון טאראנטאס דערהערט באזא־
ראוו׳ס קול, — שיק מיר צו א שוועבעלע, איך קען מיין ליולקע
ניט פאררויכערען.

ניקאלאי פעטראוויטש איז אנטשוויגען געווארען און ארקאדי,
וועלכער האט שוין אנגעהויבען איינצוהערען זיך, ניט אהן פאר־
וואונדערונג, אבער אויך ניט אהן מיטגעפיהל, האט גיך ארויס־
גענומען פון קעשענע א זילבערנע קעסטעלע מיט שוועבעלאך, און
ער האט עס צוגעשיקט צו באזאראוו׳ן דורך פיאטר׳ן.

— דו ווילסט א ציגאר? — האט באזאראוו ווידער צוגעשריען.

— גיב אהער! — האט ארקאדי געענטפערט.

פיאטר האט זיך צוריקגעקערט צו דער קאליאסקע און האט
איהם צוזאמען מיט דער קעסטעלע דערלאנגט א גראבען, שווארצען
ציגאר, וועלכען ארקאדי האט גלייך פאררויכערט, פארשפרייטענדיג
ארום זיך אזא שטארקען און זויערען ריח פון אלטען טאבאק, אז
ניקאלאי פעטראוויטש, וועלכער האט קיינמאל ניט גערויכערט, האט
ניט ווילענדיג, אזוי, אז מען זאל ניט באמערקען, זיין נאז אפגעקערט,
כדי זיין זוהן ניט צו באליידיגען.

אין א פערטעל שעה ארום האבען זיך ביידע עקיפאזשען
אפגעשטעלט פאר א גאנעק פון א נייער הילצערנער הויז, וואס איז
געפארבט געווען אויף גרוי מיט א רויטען אייזערנעם דאך. אט
דאס איז געווען „מאריין“, אויך „ניי־סלאבאדקע“, אדער, ווי די
פויערים האבען עס א נאמען געגעבען, — די „ארעמע פארם“.

.4

עס האט זיך ניט ארויסגעשאטען אויפ'ן גאנעק א מחנה דינער צו באגעגענען די באלעבאטים. עס האט זיך בלויז באוויזען א מיידעלע פון א יאהר צוועלף און גלייך נאך איהר איז פון הויז ארוים א יונגער מאן, וואס האט אויסגעזעהן עהנליך צו פיאטר'ן. ער איז געווען אנגעטאן אין א גרויען דינער־רעקעל מיט ווייסע מעשענע קנעפ. דאס איז געווען דער דינער פון פאוועל פעטראוויטש קירסאנאוו. ער האט, שווייגענדיג, אויפגעעפענט דאס טירעל פון דער קאליאסקע און אפגעשפילעט דעם פארטוך פונ'ע טאראנטאס. ניקאלאי פעטראוויטש, זיין זוהן און באזאראוו האבען זיך אוועקגע־לאזען צום גאסט־צימער דורך א פינסטערען, כמעט פוסטען זאל, וואו עס האט זיך געזעהן הינטער א טיהר א יונגער פרויען־פנים. דער גאסט־צימער איז געווען מעבלירט לויט'ן נייעסטען געשמאק.

— אט זיינען מיר שוין אין דער היים! — האט א זאג געטאן ניקאלאי פעטראוויטש, אראפנעמענדיג די היטעל און א טרייסעל־טאנדיג מיט די האר.

— פריהער פון אלץ וואס מ'דארף איצט טאן, איז אפעסען און זיך אויסרוהען.

— אפעסען איז באמת ניט שלעכט, — האט באזאראוו באמערקט אויסציהענדיג זיך, און ער האט זיך אראבגעלאזען אויפ'ן דיוואן.

— יא, יא, עסען דערלאנגט! גיכער דעם עסען אהער! — ניקאלאי פעטראוויטש האט אהן א ווערכע־עס־איז אורזאכע א טופע געטאן מיט די פיס.

— אט איז פראקאפיטש אין דער ריכטיגער צייט.

— עס איז אריין א מאן פון א יאהר זעכציג, מיט ווייסע האר און א טונקעלען פנים, א מאגערער, אין א ברוינעם פראק מיט מע־שענע קנעפ און מיט א ראזער טיכעל אויפ'ן האלז. ער האט א הוסט געטאן, איז צוגעגאנגען און א קוש געטאן ארקאדי'ס האנט, האט

זיך צום גאַסט אַ נייג געטאָן און איז אָפּגעטראָטען צום טיר און פאַרלעגט די הענט אויף אַהינטער.

— אַט איז ער, פּראָקאָפּיטש, האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש אָנ־געהויבען, — ענדליך איז ער געקומען צו אונז... נו, ווי אַזוי קוקט ער אויס?

— זעהר, זעהר גוט, האָט דער אַלטער אַרויסגערעדט און האָט ווידער אַ הוסט געטאָן. ער האָט אָבער באַלד זיינע געדיכטע ברע־מען אָנגעכמורעט. — איהר הייסט גרייטען צום טיש? — האָט ער ווירדיג אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, יאָ, איך בעט דיר. אָבער ווילט איהר ניט פריהער אַרויפגעהן צו זיך אין צימער, יעווגעני וואַסיליטש?

— ניין, איך דאַנק, איך האָב ניט נאָך וואָס. הייסט בלויז מיין טשעמאָדאַנטשיק אַהין אַריינטראָגען, און אָט אַ דאָס אָ, האָט ער צוגעגעבען, אַראָפּנעמענדיג פון זיך דעם רייזע־מאַנטעל.

— זעהר גוט. פּראָקאָפּיטש, נעם צו זייער מאַנטעל. (פּראָקאָ־פּיטש האָט עפּעס אַזוי ווי אומאַנטשלאָסען אָנגענומען מיט ביידע הענט באַזאַראָוו'ס מאַנטעל און אויפהויבענדיג עס איבער'ן קאָפּ, איז ער אַוועק אויף די שפּיץ פינגער.) נו, און דו, אַרקאַדי, וועסט אַרויפגעהן צו זיך אויף אַ מינוט?

— יאָ, מ'דאַרף זיך אַביסעל אָרומשטויבען, — האָט אַרקאַדי געענטפערט און האָט זיך געהאַט שוין געלאָזען צום טיר, נאָר אין דעם זעלבען אויגענבליק איז אין צימער אַריין אַ מאַן פון אַ מי־טעלער וואוקס, אָנגעטאָן אין אַ טונקעלען ענגלישען אָנצוג. ער האָט געטראָגען אַ נידעריגען קראַוואַט פון דער לעצטער מאָדע און לאַקענע האַלבע שטיוועלאַך. דאָס איז געווען פּאַוועל פּעטראָ־וויטש קירסאַנאָוו. ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ מאַן פון פינף און פערציג; זיינע נידעריג אָפּגעשוירענע, גרויע האָר האָבען געגלאַנצט ווי נייער זילבער. זיין פּנים איז געווען אַ פאַרביטערטער, אָבער אָהן קנייטשען, אַן אויסערגעוועהנליך ריינער, מיט אברים ווי פון אַ פורעם אויסגעשניצט. קענטיג, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ וואונ־דערבאַר שעהנער: מעהר פון אַלץ האָבען אויף דעם עדות געזאָגט

זיינע ליכטיגע שווארצע לאנגליכע אויגען. דער גאנצער אויסזעהן פון ארקאדי'ס פעטער איז געווען א שעהנער און אן עלעגאנטער. ער איז נאך געווען א גלייכער, ווי א יונגער בחור און האט זיך נאך געריסען צו די הימלען, וואס מ'זעהט אזוי זעלטען ביי מענשען אריבער די צוואנציגער יאהרען.

פאוועל פעטראוויטש האט זיין האנט ארויסגענומען פון הויזען־טאש. זיין האנט איז געווען א שעהנע מיט לאנגע ראזע נעגעל. די ווייסע הענדטשיקע, וועלכע איז געווען פארשפילעט אויף איין קנעפעל, האט איהר נאך שעהנער געמאכט. און נאכדעם ווי ער האט איהר דערלאנגט דעם פלימעניק און האט איהם א דריק געטאן די האנט אויפ'ן אייראפעאישען מאניער, האט ער זיך מיט איהם דריי מאל צוקושט אויפ'ן רוסישען שטייגער, ד. ה., ער האט זיך דריי מאל צוגעריהרט מיט זיינע שמעקעדיגע וואנצען צו ארקאדי'ס באק און האט ארויסגערעדט:

— עס פרעהט אונז, וואס דו ביזט געקומען.

ניקאלאי פעטראוויטש האט איהם פארגעשטעלט פאר באזאראוו'ען. פאוועל פעטראוויטש האט זיך עלאסטיש א בייג געטאן און האט לייכט א שמייכעל געטאן. די האנט, אבער, האט ער איהם נים געגעבען. ער האט איהר אפילו צוריק אין טאש אריינגעלעגט.

— איך האב שוין געמיינט, אז איהר וועט היינט נים קומען, האט ער אנגעהויבען מיט אן אנגענעמען קול, ליבליך־וויגענדיג זיך בעת מעשה, אונטערהויבענדיג מיט די פלייצעס און באווייזענדיג זיינע וואונדער־שעהנע ציינער. — האט דען עפעס געטראפען אין וועג?

— עס האט גארנים געטראפען, האט ארקאדי געענטפערט, — מיר האבען זיך בלויז פארזאמט אביסעל. דערפאר, אבער, זיינען מיר איצט הונגעריג, ווי וועלף. יאג־צו פראקאפיטש'ען, טאטע. איך קום גלייך צוריק.

— ווארט, איך געה אויך מיט דיר, — האט באזאראוו אויסגערופען און האט זיך פלוצלונג א הויב געטאן פון דיוואן.ביידע יונגע לייט זיינען ארויסגעגאנגען.

— ווער איז אט דער? — האט פאוועל פעטראוויטש געפרעגט.
— ארקאשעס א פריינד. ער זאגט, אז ער איז זעהר א קלו־גער.
— ער וועט פארברענגען ביי אונז?
— יא.
— אט דער האריגער?
— נו, יא.
פאוועל פעטראוויטש האט א קלאפ געטאן מיט די נעגעל אין טיש:
— ארקאדי קוקט מיר אוים צו זיין s'est degourdi, האט ער באמערקט, — עס פרעהט מיך, וואס ער איז צוריקגעקומען.
ביי'ם עסען האט מען גערעדט וועניג. איבערהויפט האט בא־זאראוו כמעט גארניט גערעדט. געגעסען האט ער, אבער, א סך. ניקאלאי פעטראוויטש האט דערצעהלט פארשיידענע פאסירונגען פון זיין פארמער־לעבער, ווי ער האט עס אנגערופען; האט גע־רעדט וועגען נייע איינפיהרונגען, וועגען קאמיטעטען, וועגען דע־פוטאטען, וועגען דער נויטווענדיגקייט איינצופיהרען מאשינען, א. אז. וו. פאוועל פעטראוויטש איז לאנגזאם ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן עס־צימער (ער האט קיינמאל קיין אבענד־ברויט ניט געגעסען). פון צייט צו צייט פלעגט ער א זופ טאן פון אן אנגעפיל־טער גלעזעל מיט רויטען וויין, און זעלטען פלעגט ער מאכען א באמערקונג, אדער בעסער געזאגט, א ברום טאן, ווי אומגעפעהר: „א! עהע! הם!“ ארקאדי האט איבערגעגעבען די נייעסען פון פעטערבורג; איהם איז אבער געווען אביסעל אומאנגענעם. ס'איז יענע אומאנגענעמליכקייט, וועלכע באהערשט, געוועהנליך, א יונגען מענשען, וועלכער האט נאר־וואס אויפגעהערט צו זיין א קינד און וועלכער האט זיך צוריקגעקערט צו יענעם ארט, וואו מען איז איינ־געוואוינט צו האלטען איהם פאר א קינד. ער האט אומנויטיג צו־צויגען זיינע רייד, האט אויסגעמידען דעם ווארט „טאטע“, ער האט איהם שוין אפילו איינמאל פארביטען אויף דעם ווארט „פאטער“. אמת, ער האט עס ארויסגעזאגט צווישען די צייהן, ער האט מיט

איבעריגער פרייהייט אריינגעגאסען צו זיך א גלאז ווייז, א סך מעהר ווי איהם אליין האט זיך געוואלט, און האט עס איגגאנצען אויסגעטרונקען. פראקאפיטש האט פון איהם די אויגען ניט אראפ־גענומען און האט בלויז זיינע ליפען געקיימט. נאכ'ן עסען זיינען זיך אלע גלייך צוגאנגען.

— דיין פעטער איז א היבש ביסעל קאמיש, — האט באזאראוו געזאגט צו ארקאדי'ן, זיצענדיג אין שלאף־ראק לעבען זיין בעט און ציהענדיג א קורצע ליולקע. — ס'ארא פראנטען עס זיינען דא ביי אייך אין דארף. אהא! ס'ארא נעגעל ער האט עס, כאטש נעם און שיק עס אוועק אויף אן אויסשטעלונג!

— דו ווייסט עס ניט, — האט ארקאדי געענטפערט. — אין זיין צייט איז ער דאך א לייב געווען. איך וועל דיר אמאל דער־צעהלען זיין ביאגראפיע. ער איז געווען זעהר א שעהנער, ער פלעגט פרויען די קעפ פארדרעהען.

— אזוי, אט וואס! ס'הייסט, ער קאן נאך ניט פארגעסען די אלטע צייטען. צום באדויערען איז דא ניטא וועמען צו פאנגען. איך האב אלץ נאכגעקוקט: ס'ארא קאלנערלאך ער טראגט עס, אזוי ווי שטיינערנע, און ווי פינקטליך ער איז עס אפגע־גאלט; ס'איז דאך לעכערליך, ארקאדי ניקאלאאיטש.

— אמת. ער איז אבער פונדעסטוועגען א גוטער מענש.

— אן ערשיינונג פון אמאליגע צייטען. א טאטען האסטו א וואוילען. אומזיסט לייענט ער פערזען און אין באלעבאטישקייט צווייפעל איך אויב ער פארשטעהט. ער איז אבער א גוטער.

— מיין טאטע איז א גאלדענער מענש.

— דו האסט באמערקט, אז ער איז שרעקעדיג?

ארקאדי האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ, אזוי ווי ער אליין וואלט ניט געווען שרעקעדיג.

א וואונדערבארע זאך, — האט ווייטער גערעדט באזאראוו, — אט די אלטע ראמאנטיקער! זיי ענטוויקלען אין זיך די נערוועז־אישע סיסטעמע, ביז אויפרעגונג... נו, און די גלייכגעוויכט איז צושטערט. נו, א גוטע נאכט! אין מיין צימער איז פאראן אן

ענגלישע האנט־פאס, אבער די טיר שליסט זיך ניט צו. פונדעסט־וועגען איז עס פארט פיין, — אז ענגלישע האנטפאס איז, פראַ־גרעס!

באזאראוו איז ארויס און ארקאדי׳ן האט ארומגעכאפט א פריי־דיגער געפיהל. גוט איז איינצושלאפען אין דער הויז וואו מ׳איז געבארען געווארען, אויף א באקאנטער בעט, אונטער א קאלדרע, איבער וועלכער עס האבען, אפשר, געארבייט די הענט פון דער ניאנקע, יענע ליעבליכע, גוטע, אומערמידליכע הענט. ארקאדי האט זיך דערמאנט אן יעגאראוונע׳ן און האט א זיפץ געטאן און איהר געוואונשען א ליכטיגען גן־עדן... פאר זיך האט ער גארניט געבעט־טען.

סיי ער, סיי באזאראוו האבען גיך איינגעשלאפען, אבער די אי־בעריגע זיינען נאך לאנג אויף געווען. דעם זוהנ׳ס אהיים קומען האט באאומרוהיגט ניקאלאי פעטראוויטש׳ען. ער האט זיך געלעגט אין בעט, אבער דאס ליכטעל האט ער ניט אויסגעלאשען און אונ־טערשפארענדיג מיט׳ן האנט די קאפ האט ער לאנג געטראכט. זיין ברודער איז ביז נאך האלבען נאכט געזעסען אין זיין קאבינעט אויף א ברייטען ארעם־שטול, לעבען קאמין, וואו עס האבען שוואך געברענט שטיין־קוילען. פאוועל פעטראוויטש האט זיך ניט אויס־געטאן, נאר רויטע בינעזישע שטעק־שיך האבען אויף זיינע פיס פארנומען דעם ארט פון די לאקענע האלבע שטיוועלאך. ער האט אין די הענט געהאלטען דעם לעצטען נומער Galignani ער האט אבער ניט געלייענט; ער האט אנגעשטרענגט געקוקט אויפ׳ן קאמין, וואו דער בלויער פלאם פלעגט אלע וויילע אויסגעהן און ווידער אויפברענען... גאט ווייס, וואו זיינע געדאנקען האבען געוואגעלט, אבער געוואגעלט האבען זיי ניט נאר איז דער פארגאנגענהייט; דער אויסדרוק אויף זיין געזיכט איז געווען קאנצענטרירט און צארענדיג, וואס דאס באווייזט, אז ער איז ניט בלויז מיט זכרונות פארנומען געווען. און אין דעם קליינעם הינטערשטען צימערעל, אויף א גרויסען קופערט, איז געזעסען די יונגע פרוי, פעניטשקע, אין א בלויען יאקעל מיט א ווייסער טיכעל איבער איהר שווארצען

קאפ. זי איז געזעסען און גערדרעמעלט, פלעגט זיך אלע ווײלע אויפכאפען און זיך צוהערען, אריינקוקענדיג אין אן אפענער טיר פון הינטער וועלכער עס האט זיך געזעהן א קינדערשע בעטעל און עס האט זיך געהערט דאס נארמאלער אטעמען פון א שלאפענדיג קינד.

.5

אין דער פריה איז באזאראוו אויפגעשטאנען פריהער פאר אלעמען און איז ארוים פון הויז. „עהע!" האט ער א טראכט געטאן, א קוק טאענדיג ארום. „דאס ערטעל איז דא ניט אזא שעהנס". ווען ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך אפגעגרענעצט פון די פויערים, איז איהם אויסגעקומען אויסצוקלייבען פאר זיין נייעם גוט א נאקעט פלאך שטיק ערד וואס האט פארנומען פיער דעסיאטין. ער האט אויסגעבויט א הויז, הינטער־הייזלאך און א פארם; האט צוגראבען א גארטען, האט אויסגעגראבען א טייכעל און צוויי ברונימער. די יונגע בוימער האבען זיך, אבער, שלעכט צוגענומען, אין טייך האט זיך אנגעקליבען זעהר ווייניג וואסער און די וואסער פון די ברונימער האט געהאט אביסעל א געזאלצענעם טעם. בלויז דער זומער־גערטענדעל, פון בעז און אקאציעס, האט זיך גאנץ פיין צעוואקסען; מען פלעגט דארט אפט טרינקען טיי און מיטאג עסען. באזאראוו איז אין עטליכע מינוטען דורכגעלאפען אלע וועגעלאך פון גארטען, האט אנגעקוקט די בהמות אין הויף, די פערד אין די שטאהלען, האט אפגעזוכט צוויי אינגעלאך פון הויף, מיט וועלכע ער האט גלייך געשלאסען באקאנטשאפט און האט זיך מיט זיי גלייך אוועקגעלאזען נאך זשאבעס אין א בלאטע, וועלכע איז געווען ביי א וויארסט אוועק פון פארם.

— נאך וואס טויגען דיר זשאבעס, פריץ? — האט איהם געפרעגט איינער פון די אינגלאך.

— אט אויף וואס איך דארף זיי, — האט איהם געענטפערט באזאראוו, וועלכע האט זעהר גוט געקענט ערוועקען צוטרויען צו

זיך ביי נידעריגערע מענשען, כאטש ער פלעגט זיך צו זיי ניט צולאזען און זיך מיט זיי אויף א נאכלעסיג אופן באגעהן. — איך וועל די זשאבעס אויפשפאלטען און איך וועל א קוק טאן וואס עס טוט זיך דארטען אינוועניג, און אזוי ווי איך און דו זיינען די זעל־בינע זשאבעס, ניט מעהר וואס מיר געהען אויף פיס, וועל איך שוין אויסגעפינען וואס עס טוט זיך ביי אונז אינוועניג.

— צו וואס טויג עס דיר?

— כדי איך זאל קיין טעות ניט מאכען, ווען דו וועסט קראנק ווערען ווען מיר וועט אויסקומען דיך צו היילען.

— דו ביזט דען א דאקטאר?

— יא.

— וואסקא, דו הערסט, דער פריץ זאגט, אז מירביידע זיינען אויך זשאבעס. מאדנע!

— איך האב מורא פאר די זשאבעס. — האט וואסקא באַמערקט. ער איז געווען א אינגעל פון א יאהר זיבען, מיט א פלאק־סענע קאפ האר, אין א גרויען מאנטעלע מיט אן אנגעשטעלטען קאלנערעל און א בארפוסער.

— וואס איז דא מורא צו האבען? זיי בייסען דען?

— נו, קריכט אין וואסער, פילאזאפען! — האט באזאראוו א זאג געטאן.

פאר דער צייט איז שוין ניקאלאי פעטראוויטש אויך אויפגע־שטאנען און איז אוועק צו ארקאדי'ן, וועמען ער האט געטראפען אין אנגעטאנענעם. דער טאטע מיט'ן זוהן זיינען ארויס אויף דער טע־ראסע. דער לייווענטענער דעכעל איז געווען אראפגעלאזען און אויפ'ן טיש, לעבען די פארענטשעס, צווישען גרויסע בוקעטען בלו־מען, האט געזאדען דער סאמאוואר. עס האט זיך באוויזען א מיידעל, די זעלביגע, וועלכע האט נעכטען די ערשטע באגעגענט די געסט אויפ'ן גאנעק, און האט געזאגט מיט א דינינקען קול'כעל:

— פעדאסיא ניקאלאיעוונא פיהלט ניט גוט, זי קען ניט קומען; זי האט מיר געהייסען אייך פרעגען, צי איהר וועט זיך אליין אנ־גיסען טהע, אדער שיקען דוניאשען?

— איך וועל אליין אנגיסען, אליין, — האט ניקאלאי פעטראַוויטש גיך אונטערגעכאפט, — מיט וואס טרינקסטו טיי, ארקאדי, מיט שמאנד אדער מיט ציטרין?

— מיט שמאנד, — האט ארקאדי געענטפערט, און נאכדעם, ווי ער האט געשוויגען א ווײלע, האט ער פרעגענדיג ארויסגעזאגט: — טאטע?

ניקאלאי פעטראוויטש האט א צומישטער א קוק געטאן אויפ'ן זוהן.

— וואס? — האט ער א פרעג געטאן.

ארקאדי האט די אויגען אראפגעלאזען.

— פארגיב מיר, טאטע, — האט ער אנגעהויבען, — אויב מיין פראגע וועט זיך דיר אויסווייזען ניט אנשטענדיג. אבער מיט דיין נעכטיגער אפענהערציגקייט האסטו מיך אויך געמאכט אפענהערציג צו זיין. דו וועסט ניט אין כעס ווערען?

— רייד.

— דו גיסט מיר די ערלויבעניש צו פרעגען דיך... צי איז צוליעב דעם פען... צי איז זי צוליעב דעם ניט געקומען אנגיסען טהע, ווייל איך בין דא?

ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך עטוואס אפגעקערט.

— ס'קען זיין, — האט ער ענדליך ארויסגערעדט, — זי מיינט... זי שעמט זיך...

ארקאדי האט א ווארף געטאן די אויגען אויפ'ן טאטען.

— אומזיסט שעמט זי זיך. ערשטענס, ווייסטו דאך, ווי אזוי איך קוק אויף אזעלכע זאכען, (ארקאדי'ן איז זעהר אנגענעהם געווען ארויסצוזאגען די דאזיגע ווערטער), און צווייטענס — וועל איך דען אפילו אויף א האר דיר וועלען שטערען דיין לעבען, דיינע געוואוינהייטען? און נאך אלעמען, בין איך זיכער, אז דו האסט קיין שלעכטען אויסוואהל ניט געמאכט. אויב דו האסט איהר ערלויבט צו וואוינען מיט דיר אונטער איין דאך, איז א סימן, אז זי פארדינט עס. סיי ווי, א זוהן איז איבער א טאטען קיין שופט ניט,

און בפרט נאך איך, און בפרט נאך איבער אזא טאטען, ווי דו, וועל־
כער האט מיר קיינמאל אין מיינע פרייהייטען ניט געשטערט.

אין אנהויב האט ארקאדי'ס קול געציטערט. ער האט זיך גע־
פיהלט גרויסמוטיג, פונדעסטוועגען האט ער אין דערזעלבער צייט
דערפיהלט, עפעס אזוי ווי ער וואלט פאר זיין טאטען א לעקציע
געלייענט, אבער דער קלאנג פון איינעגע רייד ווירקט שטארק אויף
א מענשען, און ארקאדי האט זיינע לעצטע ווערטער ארויסגערעדט
הארט און עפעקטפול.

— א דאנק, ארקאשא, — האט ניקאלאי פעטראוויטש שטיל
ארויסגערעדט, און ער האט ווידער אנגעהויבען רייבען מיט זיינע
פינגער די ברעמען און דעם שטערן. — דו שטעלסט זיך פאר די
זאך גאנץ ריכטיג. געוויס, אויב דאס מיידעל וואלט ניט פארדינט...
דאס איז ניט קיין לייכטזיניגער קאפריז. עס איז גארניט גרינג
צו ריידען מיט דיר וועגען דעם. דו פארשטעהסט דאך אבער, אז
איהר איז שווער געווען צו קומען אהער, אין דיין אנוועזענהייט,
איבערהויפט נאך, אין דעם ערשטען טאג פון דיין קומען.

— אויב אזוי, וועל איך אליין געהן צו איהר, — האט ארקאדי
אויסגערופען מיט א פרישען צופלוס פון גרויסמוטיגע געפיהלען,
און איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל. — איך וועל איהר געבען צו
פארשטעהן, אז זי האט זיך פאר מיר ניט וואס צו שעמען.

ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך אויך אויפגעשטעלט.

— ארקאדי, — האט ער אנגעהויבען, — איך בעט דיך... ווי
אזוי קען מען עס... דארט... איך האב דיך ניט צוגעגרייט...

ארקאדי האט איהם אבער שוין ניט געהערט. ער איז אוועק־
געלאפען פון דער טעראסע. ניקאלאי פעטראוויטש האט איהם
נאכגעקוקט און האט זיך א צומישטער אראפגעלאזט אויפ'ן שטוהל.
זיין הארץ האט גענומען קלאפען... צי האט ער זיך בעת מעשה
פארגעשטעלט די אומפארמיידליכע, מאדנע באציהונגען, וואס עס
וועלען זיין צווישען איהם און זיין זוהן? האט ער פארשטאנען,
אז ווען ער וואלט די פראגע אין גאנצען ניט בארירט, וואלט
איהם ארקאדי מעהר געאכט? האט ער זיך פארגעווארפען אין

שוואכבקיים? — ס'איז שווער צו זאגען. אט די אלע געפיהלען זיינען פאר איהם אליין אויך ניט קלאהר געווען, און פון פנים איז די פארב ניט אראב און די הארץ האט געקלאפט.

עס האבען זיך דערהערט גיכע טריט, און ארקאדי איז ארויף אויף דער טעראסע.

— מיר האבען זיך באקענט, טאטע! — האט ער אויסגערופען מיט אן אויסדרוק פון ליעבליכער פרייד אויף זיין פנים. — פעאדא־סיע ניקאלאיעוונא פיהלט היינט אויף אן אמת ניט מיט אלעמען. זי וועט קומען אביסעל שפעטער. אבער ווי אזוי האסטו מיר עס ניט געזאגט, אז איך האב א ברודער? איך וואלט איהם נאך נעכ־טען אנגעקושט, אזוי ווי איך האב עס נאר־וואס געטאן.

ניקאלאי פעטראוויטש האט געוואלט עפעס זאגען, ער האט זיך געוואלט אויפהויבען און עפענען זיינע ארעמס... ארקאדי האט זיך איהם אויפ'ן האלז געווארפען.

— וואס איז דאס? איהר האלזט זיך שוין ווידער? האט זיך דערהערט הינטער זיי פאוועל פעטראוויטש'עס קול.

סיי דער טאטע, סיי דער זוהן, האבען זיך ביידע דערפרעהט מיט זיין קומען אין דעם איצטיגען מאמענט. עס זיינען פאראן מאַ־מענטען, ריהרענדיגע, פון וועלכע עס ווילט זיך פונדעסטוועגען באפרייען וואס גיכער.

— וואס וואונדערסטו זיך? — האט פרעהליך אנגעהויבען ני־קאלאי פעטראוויטש. — איך האב אזוי לאנג געווארט אויף אר־קאשען... איך האב זיך אויף איהם פון נעכטען אן גוט אנקוקען ניט געקענט.

— איך וואונדער זיך גארניט, — האט פאוועל פעטראוויטש באמערקט. — איך אליין האב אויך חשק זיך ארומצונעמען מיט איהם.

ארקאדי איז צוגעגאנגען צום פעטער, און ער האט ווידער דערפיהלט ווי צו זיינע באקען האבען זיך צוגעריהרט זיין פעטער'ס שמעקעדיגע וואנצען. ער איז געווען אנגעטאן אין א שעהנעם מארגען־אנצוג, נאכ'ן ענגלישען געשמאק; אויף זיין קאפ האט

ער געהאט א שעהנע היטעלע. דאס היטעלע און דער נאכלעסיג־פארבונדענער שניפס האבען אנגעדייט אויף דער פרייהייט פונ'ם דארפישען לעבען. אמת, ער האט ניט געטראגען קיין ווייסע העמד, נאר א קאלירטע, ווי עס פאסט פאר א מארגען־טואלעט, אבער דער שטייפער קאלנערל וואס האט זיך אומ'ברחמנות'דיג געשפארט אין זיין אפגעגאלטען קין, האט ניט געשטימט מיט דאס גאנצע.

— וואו איז דיין נייער פריינד? — האט ער ארקאדי'ן געפרעגט.

— ניטא איהם אין הויז. געוועהנליך שטעהט ער אויף פריה און געהט ערגעץ אוועק. איבערהויפט דארף מען זיך אויף איהם ניט אומקוקען. ער האט פיינט צערעמאניעס.

— יא, ס'איז קענטיג. — פאוועל פעטראוויטש האט ניט־איילענדיג אנגעהויבען צו באשמירען די ברויט מיט פוטער, — וועט ער ביי אונז לאנג פארבלייבען?

— ווי ס'וועט אויסקומען. אויפ'ן וועג צו זיין טאטען איז ער אהער פארפאהרען.

— און וואו וואוינט זיין טאטע?

— אין אונזער גובערניע טאקע, ביי אכציג ווערסט אוועק פון דאנען. ער פארמאגט א קליינע גוט; ער איז געווען א פאלקדאקטאר.

— טע־טע־טע־טע! איך האב אלץ געטראכט: וואו האב איך געהערט אט די פאמיליע באזאראוו? ניקאלאי, דו געדענקסט, אין טאטענס דיוויזיע איז געווען א דאקטאר מיט'ן נאמען באזאראוו?

— דאכט זיך עס איז געווען.

— אזוי־אזוי! הייסט עס, אז אט דער דאקטאר איז זיין טאטע. הם! — פאוועל פעטראוויטש האט א מאך געטאן מיט די וואנצען, — נו, און דער הער באזאראוו אליין איז אייגענטליך וואס? — האט ער נעפרעגט, אפשטעלענדיג זיך ביי יעדעםווארט.

— וואס באזאראוו איז? — ארקאדי האט א שמייכעל געטאן. — אויב איהר ווילט, פעטער, וועל איך אייך זאגען וואס אייגענטליך ער איז.

— זיי אזוי גוט, פּלימעניקעל.

— ער איז א ניהיליסט.

— וואס? — האט געפרעגט ניקאלאי פעטראוויטש, און פּא־וועל פעטראוויטש האט אויפגעהויבען אין דער לופטען דעם מעסער מיט א שטיק פוטער אויפ'ן שפּיץ קלינג און איז געבליבען אומבא־וועגליך.

— ער איז א ניהיליסט, — האט ארקאדי איבערגע'חזר'ט.

— ניהיליסט! — האט ארויסגערעדט ניקאלאי פעטראוויטש, — דאס נעמט זיך, דאכט מיר, פון דעם לאטיינישען ווארט „ניהיל" — גארנישט, אויף ווי ווייט איך ווייס. הייסט עס, אז אט דאס ווארט באצייכענט א מענשען, וועלכער... וועלכער אנערקענט קיין זאך ניט?

— זאג: וועלכער שעצט קיין זאך ניט, — האט אונטערגע־כאפּט פּאוועל פעטראוויטש, און האט זיך ווידער גענומען פאר די פוטער.

— וועלכער קוקט אויף אלץ קריטיש, — האט ארקאדי בא־מערקט.

— צי איז דאס ניט אלץ איינס? — האט פּאוועל פעטראוויטש געפרעגט.

— ניין, ס'איז ניט אלץ איינס. א ניהיליסט, איז א מענש, וועלכער נייגט זיך ניט פאר קיינע אויטאריטעטען, וועלכער נעמט קיין פּרינציפּ ניט אן פאר א גלויבען, ניט קוקענדיג אויף דער גאנצער אכטונג, מיט וועלכער דער פּרינציפּ איז ארומגערינגעלט.

— נו, איז גוט אזוי? — האט איבערגעשלאגען פּאוועל פּעט־ראוויטש.

— ס'ווענדט זיך ווי־וועמען, פעטער... אז אנדערען איז גוט פון דעם און אז אנדערען איז זעהר שלעכט.

— אזוי גאר. נו, דאס איז, ווי איך זעה, ניט פאר אונז. מיר זיינען מענשען פון דעם אלטען יאהרהונדערט. מיר דענקען, אז אהן פּרינציפּען (פּאוועל פעטראוויטש האט ארויסגערעדט דאס ווארט ווייך, אויפ'ן פראנצויזישען מאניער; ארקאדי, ווידער, האט

עם ארויסגעזאגט הארט, מיט דעם אקצענט אויף דער ערשטער זילבע), אהן פרינציפען, אנגענומענע, ווי דו זאגסט, פאר א גלויבען, וואלט מען קיין טראט ניט געקאנט מאכען, וואלט מען אפילו קראפירען ניט געקאנט Vous avez change tout cela זאל אייך גאט געבען גליק און כבוד און מיר וועלען בלויז נחת קלייבען, מיינע העררען... ווי רופען זיי זיך?

— ניהיליסטען. — האט ארקאדי גלייך געענטפערט.

— יא, פריהער זיינען געווען העגעליסטען און איצט ניהיליסטען. מיר וועלען זעהן, ווי אזוי איהר וועט קענען עקזיסטירען אין אזא תהו־ובהו; ווי אזוי איהר וועט קענען לעבען אהן לופט. און זיי אזוי גוט, מיין ברודער ניקאלאי פעטראוויטש, און גיב א קלונג דאס גלעקעל, מיר איז שוין צייט צו טרינקען קאקא.

ניקאלאי פעטראוויטש האט א קלונג געטאן און אויסגעשריען „דוניאשא!” אבער אנשטאט דוניאשען איז אויף דער טערראסע ארויסגעקומען פעניטשקע אליין. זי איז געווען א יונגע פרוי פון א יאהר דריי־און־צוואנציג, זי איז געווען אין גאנצען א ווייסינקע, א ווייכינקע, מיט טונקעלע האר און טונקעלע אויגען, מיט פולע רויטע קינדערשע ליפעלאך און מיט צארטע הענטלאך. זי איז געווען אנגעטאן אין א ריינער ציטצענער קליידעל, א נייע העל־בלויע האלזטיכעל איז געלעגען אויף איהרע קיילעכדיגע פלייצעס. זי האט געטראגען א גרויסע שאל קאקא און אוועקשטעלענדיג עס לעבען פאוועל פעטראוויטש'ען, האט זי זיך אין גאנצען פארשעמט: א הייסער בלוט־שטראם האט א שלאג געטאן אונטער דער דינער הויט פון איהר ליעבען פנים. זי האט אראפגעלאזען די אויגען און איז שטעהן געבליבען לעבען טיש, אנשפארענדיג זיך לייכט מיט די שפיצען פון איהרע פינגער. עס האט זיך אויסגעדראכט אז איהר האט פארדראסען וואס זי איז געקומען אהער, אבער אין דערזעלבער צייט האט זי געפיהלט, אז זי האט געהאט א רעכט אויף דעם.

פאוועל פעטראוויטש האט שטרענג אנגעצויגען זיינע ברעמען און ניקאלאי פעטראוויטש איז אומרוהיג געווארען.

— גוט־מארגען, פעניטשקא! — האט ער ארויסגעזאגט צוויי־שען די ציינער.

— גוט־מארגען! — האט זי געענטפערט מיט ניט קיין הויכען, אבער קלינגענדען קול, און א קוק־טוענדיג פון דער זייט אויף אר־קאדי'ן, וועלכער האט צו איהר פריינדליך געשמייכעלט, איז זי שטיל ארויסגעגאנגען. איהר גאנג איז געווען א ביסעל א וויגענדי־גער, אבער דאס האט איהר זעהר געפאסט.

פאר עטליכע מינוטען האט אויף דער טעראסע געהערשט א שווייגען. פאוועל פעטראוויטש האט געזופט זיין קאקא, און פלוצ־לונג האט ער דעם קאפ אויפגעהויבען.

— אט קומט דער הערר ניהיליסט, — האט ער שטיל ארויס־גערעדט.

באזאראוו איז טאקע געגאנגען, שפאנענדיג דורך די בלומען פון גארטען. זיין לייווענטענער מאנטעל און זיינע הויזען זיינען געווען איינגעשמירט אין בלאטע. א קלעפיגע בלאטע־פלאנץ האט זיך ווי מיט שפינוועבס ארומגעוויקעלט ארום זיין אלטען קיילעכי־גען הוט. אין זיין רעכטער האנט האט ער געהאלטען א קליין זעקעלע, און וועלכען עס האט זיך אומגעווארפען עפעס לעבעדיגס. ער האט זיך דערנעהנטערט צו דער טעראסע און א שאקעל־טאענדיג מיט'ן קאפ האט ער א זאג געטאן:

— גוט־מארגען! אנטשולדיגט וואס איך האב פארשפעטיגט צום טהע. איך קום שוין צוריק; איך מוז פריהער איינארדנען מיינע געפאנגענע.

— וואס האט איהר דראטען, פיאווקעס? — האט פאוועל פעטראוויטש געפרעגט.

— ניין, זשאבעס.

— איהר עסט זיי, אדער איהר האדעוועט זיי?

— איך מאך מיט זיי עקספערימענטען, — האט באזאראוו גלייכגילטיג געענטפערט און איז אריין אין הויז.

— ער וועט זיי שניידען, — האט פאוועל פעטראוויטש באמערקט, — אין פרינציפען גלויבט ער ניט און אין זשאבעס יא.

ארקאדי האט מיט באדויערן א קוק געטאן אויפ'ן פעטער. ני־קאלאי פעטראוויטש האט בגנבה א קוועטש געטאן מיט די פליי־צעס. פאוועל פעטראוויטש אליין האט דערפיהלט, אז זיין ווער־טעל איז ניט קיין געלונגענער און ער האט אנגעהויבען ריידען וועגן באלעבאטישקייט, וועגען נייעם אויפזעהער, וועלכער איז נעכטען צו איהם געקומען באקלאגען זיך אויף דעם ארבייטער פאמא. „מ'קען מיט איהם גארניט מאכען, האט ער זיך באקלאגט, אזא עזאפ איז דאס", האט ער געזאגט. „אומעטום קאן מען איהם פאר א שלעכטען מענשען. ער וועט שוין אזוי שטארבען מיט זיין נארישקייט".

.6

באזאראוו האט זיך צוריקגעקערט, האט זיך געזעצט ביים טיש און האט אנגעהויבען טרינקען טהע אין איילעניש. ביידע ברידער האבען געקוקט אויף איהם, און ארקאדי האט בגנבה געקוקט, דא אויפ'ן טאטען, דא אויפ'ן פעטער.

— איהר זייט ווייט אוועק פון דאנען? — האט פאוועל פעט־ראוויטש ענדליך געפרעגט.

— ניט ווייט האט איהר דא א זומפ, לעבען יאסינאווען וואלד. איך האב דארט א יאג געטאן א פינף בעקאסען. דו קענסט זיי שיסען, ארקאדי.

— און איהר זייט ניט קיין יעגער?

— ניין.

— איהר פארנעמט זיך אייגענטליך מיט פיזיק? — האט פא־וועל פעטראוויטש פון זיין זייט א פרעג געטאן.

— מיט פיזיק, יא, מיט נאטור־וויסענשאפט אין אלגעמיין.

— מ'זאגט, אז די גערמאנער האבען פאר דער לעצטער צייט זעהר פיעל אויפגעטאן אויף דעם געביט.

— יא, די דייטשען זיינען אין דער פיזיק אונזערע לעהרער, — האט באזאראוו נאכלעסיג געענטפערט.

דאס ווארט „גערמאנער", אנשטאט דייטשען, האט פאוועל פעטראוויטש געברויכט, כדי אויסצודריקען זיין איראניע, וועלכע קיינער האט אבער ניט באמערקט.

— איהר האט אזא געהויבענע מיינונג איבער די דייטשען? — האט מיט א געמאכטער העפליכקייט א פרעג געטאן פאוועל פעטראוויטש. ער האט אנגעהויבען פיהלען, אז ער ווערט אויפגערעגט. זיין אריסטאקראטישע נאטור האט ניט געקאנט פארטראגען באזאראוו'ס לייכטקייט. אט דער זוהן פון א רופא האט ניט נאר קיין מורא ניט געהאט, נאר פארקעהרט, ער האט נאך געענטפערט אפגעהאקט און אהן חשק, און זיין קול האט געקלונגען גראב, כמעט חוצפה'דיג.

— די דארטיגע געלעהרטע זיינען גרויסע מענשען.

— אזוי, אזוי. נו, און וועגען די רוסישע געלעהרטע האט איהר מסתמא ניט אזא געהויבענע מיינונג.

— אויב איהר ווילט איז עס אזוי.

— עס גיט צו כבוד אזא זעלבסטפארלייקענונג, — האט א זאג געטאן פאוועל פעטראוויטש אויסגלייכענדיג זיין רוקען און פארווארפענדיג זיין קאפ אויף אהינטער. — עס שטימט דאך אבער ניט. ארקאדי ניקאלאיעוויטש האט אונז נאר וואס געזאגט, אז איהר אנערקענט ניט קיינע אויטאריטעטען; איהר גלויבט ניט אין זיי?...

— צו וואס זאל איך זיי אנערקענען? און אין וואס איז דא צו גלויבען? מ'זאגט מיר עפעס א וויכטיגע זאך, בין איך איינפערשטאנען. דאס איז אלץ.

— נו, און אלע דייטשען זאגען עס וויכטיגע זאכען? — האט ארויסגעבעדט פאוועל פעטראוויטש און זיין פנים האט אנגענומען אזא אבוועזענדען, דערווייטערטען אויסדרוק, אזוי ווי ער וואלט אין די וואלקענס אוועק.

— ניין, ניט אלע. — האט מיט א קורצען גענעץ געענטפערט באזאראוו, וועמען עס האט זיך, קענטיג, ניט געוואלט ווייטער פארטזעצען דעם געשפרעך.

פאוועל פעטראוויטש האט א קוק געטאן אויף ארקאדיי׳ן, ווי ער וואלט איהם וועלען זאגען: „איך מוז זיך מודה זיין, „אז דיין פריינד איז זעהר העפליך״.

— און איך ווידער, — האט ער פון דאס ניי אנגעהויבען, ניט אהן אנשטרענגונג, — און איך, זינדיגער מענש, קאן קיין דייטשען ניט פארטראגען. איך רייד שוין ניט וועגען די רוסישע דייטשען: מ״וויים וואס פאר א פויגלען דאס זיינען; נאר אפילו די דייטשע דייטשען זיינען מיר אויך דערווידער. די פריהערדיגע זיינען נאך ווי־עס־איז; זיי האבען געהאט א שיללער, א געטהע... דער ברו־דער האלט פון זיי זעהר שטארק... אבער איצט זיינען עפעס אלע כימיקער און מאטעריאליסטען...

— א גוטער כימיקער איז צוואנציג מאל וויכטיגער פון דעם בעסטען פאעט, — האט באזאראוו איבערגעשלאגען.

— אזוי גאר, — האט פאוועל פעטראוויטש ארויסגערעדט, און האט ווי פון שלאף קוים א הויב געטאן די ברעמען. — לויט ווי איהר רעדט אנערקענט איהר קיין קונסט ניט?

— די קונסט רייך צו ווערען, אדער „מערידען געהיילט איבער נאכט!״—האט באזאראוו אויסגערופען און האט א שמייכעל געטאן מיט פאראכטונג.

— אזוי, אזוי; אט ווי איהר ערלויבט זיך צו שפאסען. הייסט עס, אז איהר לייקענט אין אלץ. נאר אין דער וויסענשאפט גלויבט איהר?

— איך האב דאך אייך שוין געמאלדען, אז איך גלויב אין קיין זאך ניט. און וואס איז וויסענשאפט, — וויסענשאפט אין אלגעמיין? עס זיינען פאראן וויסענשאפטען, ווי עס זיינען פאראן באשעפטיגונגען. אבער וויסענשאפט אין אלגעמיין עקזיסטירט גארניט.

— זעהר גוט. נו, און די אנדערע אנגענומענע זאכען ביי מענ־שען לייקענט איהר אויך אפ?

— וואס איז דאס? א פארהער? — האט באזאראוו געפרעגט.

פאוועל פעטראוויטש איז אביסעל בלייך געווארען... ניקאלאי פעטראוויטש האט געפונען פאר נויטיג אריינצומישען זיך אין דעם געשפרעך.

— מיר וועלען ווען־עס־איז גענויער ריידען וועגען דער פראגע, ליעבער יעווגעני וואסיליטש. מיר וועלען אייער מיינונג הערען און מיר וועלען אונזערען ארויסזאגען. איך פון מ'ין זייט בין זעהר צופרידען, וואס איהר פארנעמט זיך מיט נאטור־וויסענשאפט. איך האב געהערט, אז ליביך האט געמאכט וואונדערבארע אנטדע־קונגען, ווי אזוי צו פארבעסערען די פעלדער. איהר קענט מיר ארויסהעלפען אין מיינע אגראנאמישע ארבייטען: איהר קענט מיר געבען א וועלכע־ניט־איז ניצליכע עצה.

— איך בין גרייט אייך צו העלפען, ניקאלאי פעטראוויטש. אבער ווי קומען מיר צו ליבי'ן! פריהער דארף מען זיך דעם אלף־בית אויסלערנען און נאכדעם נעמט מען זיך צום בוך, און מיר זיי־נען נאך אזוי ווייט פון דעם.

„ווי איך זעה, ביזטו טאקע א ניהיליסט", האט ניקאלאי פעט־ראוויטש א טראכט געטאן.

— פונדעסטוועגען ערלויבט מיר צו ווענדען זיך צו אייך ביי א געלעגענהייט. — האט ער צוגעגעבען אין דער הויך. — נו, און איצט, מיין ברודער, איז שוין צייט, דענק איך, געהן דורכצוריידען זיך מיט דעם אנגעשטעלטען.

פאוועל פעטראוויטש האט זיך אויפגעהויבען פון שטול.

— יא, — האט ער געזאגט, ניט קוקענדיג אויף קיינעם. — ס'איז ניט גוט אפצעוואוינען אזוי א יאהר פינף אויפ'ן דארף, ווייט פון גרויסע קעפ! דו ווערסט פארטעמפט און נאריש. דו שטרענגסט זיך אן ניט צו פארגעסען דאס, וואס מ'האט דיר אויסגעלערנט, צום סוף לאזט זיך גאר אויס, אז דאס אלץ איז ניט ווערט קיין אויסגעבלאזענע איי און מ'זאגט דיר, אז פעהיגע מענשען גיבען זיך מעהר ניט אפ מיט אזעלכע נארישקייטען און אז מיר, הייסט עס, זיינען אפגעשטאנענע; ווי עס זעהט אויס איז טאקע די יונג־ווארג קליגער פון אונז.

פאוועל פעטראוויטש האט זיך לאנגזאם אויסגעדרעהט אויפ'ן אבזאץ און איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען. ניקאלאי פעטראוויטש איז אוועק נאך איהם.

— וואס, ער איז שטענדיג אזא? — האט באזאראוו קאלט־בלוטיג געפרעגט ביי ארקאדיין, ווי נאר די טיר האט זיך פארמאכט הינטער ביידע ברידער.

— הער, יעווגעני, דו האסט זיך מיט איהם שוין אביסעל צו שארף באגאנגען. — האט ארקאדי באמערקט, — דו האסט איהם באליידיגט.

— וואס דען האסטו געוואלט, איך זאל זיי צערטלען די קליינ־שטעדטעלדיגע אריסטאקראטען! דאס אלץ איז דאך עגאאיזם, צו־לאזענע געוואוינהייטען, גרויסהאלטעריי. אויב ער איז אזא, האט ער בעסער געדארפט וואוינען אין פעטערבורג... און נאך אלעמען, געהט ער מיר אין גאנצען ניט אן! איך האב געפונען א זעלטענעם עקזעמפליאר פון א וואסער־זשוק, Dytiscus marginatus דו ווייסט? איך וועל איהם דיר באווייזען.

— איך האב דיר צוגעזאגט צו דערצעהלען זיין געשיכטע, — האט ארקאדי אנגעהויבען.

— די געשיכטע פון דעם זשוק?

— נו, הער אויף, יעווגעני; די געשיכטע פון מיין פעטער. דו וועסט זעהן, אז ער איז נים אזא מענש, ווי דו שטעלסט זיך איהם פאר. מ'דארף אויף איהם גיכער רחמנות האבען, איידער לאכען פון איהם.

— איך שפאס נים. אבער וואס ארט עס דיך אזוי?

— מ'דארף זיין יושר'דיג, יעווגעני.

— פארוואס דארף מען?

— נייז, הער זיך איין.

און ארקאדי האט איהם דערצעהלט די געשיכטע פון זיין פעטער. דער לעזער וועט עס געפינען אין דעם קומענדען קאפיטעל.

## 7.

פאוועל פעטראוויטש קירסאנאוו איז פריהער ערצויגען געווארען אין דער היים, אזוי ווי זיין אינגערער ברודער, ניקאלאי, און נאכ־דעם אין אן אפיצערסקען קארפוס. פון קינדווייז אן האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין זעלטענער שעהנקייט. ער איז געווען א לעבעדיגער, א פרעהליכער, מיט א גלויבען אין זיך — ער האט ניט געקענט ניט־געפעלען ווערען. ער האט זיך אנגעהויבען באַ־ווייזען אומעטום, אזוי גיך ווי ער איז געווארען אפיצער. מ'האט איהם אויף די הענט געטראגען און ער אליין איז זיך אויך שטארק געפעלען געווען. ער האט זיך נאריש געמאכט, גע'חנ'דעלט זיך; עס האט איהם אבער געפאסט. פרויען זיינען פאר איהם משוגע געווען; מענער האבען איהם אנגערופען פוסטער פראנט, אבער אין דער שטיל האבען זיי איהם מקנא געווען. ווי עס איז שוין דערצעהלט געווארען, האט ער געוואוינט אויף איין קווארטיר מיט זיין ברודער, וועלכען ער האט שטארק ליעב געהאט, כאטש ער איז אין קיין זאך ניט ענהליך געווען צו איהם. ניקאלאי פעטראוויטש האט אונטערגעהונקען; שטריכען האט ער געהאט קליינינקע, אנ־גענעהמע, נאר אביסעל אומעטיגע, קליינע אויגען און ווייכע שיטערע האר, האט זיך אביסעל צוגעפוילט. געלייענט האט ער אבער א סך און פאר געזעלשאפט האט ער מורא געהאט. פאוועל פעטראוויטש איז קיין איין אוועגד אין הויז ניט געווען; ער האט גע'שמ'ט מיט זיין געוואגטקייט און פלינקייט, (ער האט גימנאסטיקע איינגע־פיהרט אין דער מאדע צווישען דער יוגענד) און האט איבערגעליי־ענט אלץ צוזאמען א פינף־זעקס פראנצויזישע ביכער. אויפ'ן אכט און צוואנציגסטען יאהר איז ער שוין געווען א קאפיטאן. א גלענ־צענדע קאריערע האט איהם ערווארט. מיט אמאל האט זיך אלעס איבערגעדרעהט.

אין יענער צייט פלעגט זיך אין פעטערבורג אפט באווייזען א פרוי, וועלכער מ'האט נאך ביז איצט ניט פארגעסען, — די פירשטין ר. זי האט געהאט א פיין־ערצויגענעם, אנשטענדיגען, אבער נאַ־

רישען מאן; קיין קינדער האט זי ניט געהאט. זי פלעגט פלוצ־
לונג אוועקפאהרען קיין אויסלאנד; פלעגט פלוצלונג זיך צוריקקעה־
רען קיין רוסלאנד. זי האט אין אלגעמיין געפיהרט א מאדנעם לע־
בען. זי האט געהאט א נאמען פאר א לייכטזיניגער קאקעטקע. זי
פלעגט טאנצע ביז צום פאלען, פלעגט לאכען און שפאסען מיט
יונגע־לייט, וועלכע זי פלעגט אויפנעהמען פאר מיטאג אין א האלב־
פינסטערן גאסט־צימער, און אין די נעכט פלעגט זי וויינען און
תפלה טאן. זי האט אין ערגעץ קיין רוה ניט געקענט געפינען;
זי פלעגט אפט, א פארבענקטע מיט פארבראכענע הענט, זיך אומ־
דרעהען אין איהר צימער ביז אין דער פריה, אדער זי פלעגט זיצען,
א בלייכע, א קאלטע, איבער'ן תהלים. דער טאג פלעגט אנקומען
און זי פלעגט ווידער פארוואנדעלט ווערען אין אן אנגענעמע דאמע,
פלעגט ווידער ארויספאהרען, ווידער לאכען און פלוידערען, ווי זי
וואלט זיך אנטקעגען געווארפען צו אליץ, וואס עס קאן איהר נאר
פארשאפען דאס קלענסטע פארגניגען. זי האט געהאט א וואונ־
דערבארע פיגור, איהר צאפ פון גאלדענעם קאליר און א שווערער,
ווי גאלד, האט געגרייכט ביז אריבער איהרע קניע. פונדעסט־
וועגען וואלט קיינער ניט געזאגט, אז זי איז א שעהנהייט. אליץ
וואס איז שעהן געווען אין איהר פנים — איז די אויגען, און ניט
אזוי די אויגען אליין — זיי זיינען געווען קליין און גרוי, — נאר
דער קוק זייערער איז געווען א שארפער און א טיפער, א זארגלאזער,
ווי די ווייטען, און א טרויעריג־פאר'חלום'טער—א אומפארשטענד־
ליכער קוק. עפעס אויסערגעוועהנליכעס האט זיך געלויכטען אין
איהם אפילו דעמאלסט, ווען איהר צונג האט נארישקייטען גע־
רעדט. געקליידט האט זי זיך מיט געשמאק.

פאוועל פעטראוויטש האט זיך געטראפען מיט איהר איינמאל
אויף א באל. פאר דער צייט וואס ער האט מיט איהר געטאנצט א
מאזורקע, האט זי קיין איין גוט ווארט ניט ארויסגערעדט, און ער
האט זיך אין איהר לייבענשאפטליך איינגעליבט. זייענדיג איינגע־
וואוינט צו זיגען, האט ער אויך דא גיך דערגרייכט זיין ציעל. אבער
די לייכטקייט פון זיין זיעג האט איהם ניט אפגעקיהלט... פאר־

קערט, ער האט זיך נאך שטארקער און לײדענשאפטליכער צוגע־
בונדען צו דער פרוי, אין װעלכער, אפילו דעמאלט, װען זי האט
זיך איהם אין גאנצען אפגעגעבען, איז נאך אלץ פארבליבען עפּעס
באהאלטענעס, ניט־צוגעלאזענעס, װאוהין קײנער האט ניט געקענט
ארײנדרינגען. אײן גאט װײס װאס עס האט זיך אין איהר הארצען
געטאן! עס האט זיך אויסגעדאכט, װי זי װאלט באהערשט געװעזען
פון געהײמע כחות, אומבאװאוסט פאר איהר אלײן. זײ האבען זיך
געשפּילט מיט איהר, װי זײ האבען נאר געװאלט. איהר קלײנער
מחיל האט ניט געקאנט באהערשען זײערע קאפּריזען. איהר גאנ־
צע אויפפיהרונג איז ניט געװען קײן אויסגעהאלטענע. די אײנ־
ציגע בריעף, װעלכע האבען געקאנט דערװעקען א גערעכטען חשד
בײ איהר מאן, האט זי געשריבען צו א מענשען, װעלכער איז איהר
כמעט פרעמד געװען. און איהר ליעבע האט זיך אפּגערופען טרויע־
ריג: זי האט שוין ניט געלאכט און ניט געשפּאסט מיט יענעם,
װעמען זי האט אויסגעקליבען; זי האט יענעם געהערט און געקוקט
אויף איהם מיט פארלעגענהײט. און אמאל פלעגט טרעפען, אז
גאר פלוצלונג פלעגט איהר פארלעגענהײט אריבערגעהן אין א
קאלטען שרעק: איהר פּנים פלעגט אננעמען א טויטען און װיל־
דען אויסדרוק. זי פלעגט זיך פארשליסען בײ זיך אין שלאף־צימער
און איהר קאמער־מײדעל פלעגט קאנען הערען איהר פארטויבטען
געװײן, װען זי פלעגט צולעגען דעם אויער צום שלאס. ניט אײנ־
מאל פלעגט קירסאנאװ פיהלען, קומענדיג צו זיך אהײם פון א
באזוך בײ איהר, װי ער װערט אויפגעפרעסען פון א ביטערען פאר־
דראס, װעלכער הויבט זיך אויף אין הארצען, נאך א פאלשטענדי־
גען דורכפאל. „װאס נאך װיל איך?“, האט ער זיך אלײן גע־
פרעגט, און זײן הארץ האט ניט אויפגעהערט צו נאגען. אײנמאל
האט ער איהר געשאנקען א רינג, אויף װעלכען עס איז געװען אויס־
געקריצט א ספינקס.

— װאס איז דאס? — האט זי געפרעגט — א ספינקס?

— יא, — האט ער געענטפערט. — און אט דער ספינקס, דאס
זײט איהר.

— איך? — האט זי געפרעגט, און זי האט לאנגזאם אויפגע־הויבען אויף איהם איהר רעטזעלהאפטען קוק. — איהר ווייסט, דאס איז זעהר שמייכעלהאפט, — האט זי צוגעגעבען מיט א שמייכעל, און איהרע אויגען האבען אלץ אזוי מאדנע געקוקט.

שווער איז געווען פאוועל פעטראוויטש׳ען אפילו דעמאלט, ווען די פירשטין ר. האט איהם געליבט; אבער ווען זי איז צו איהם קעלטער געווארען, — און דאס האט געטראפען אין א גאנץ קור־צער צייט ארום, — איז ער שיער פון זינען ניט אראפ. ער האט געליטען און איז אייפערזיכטיג געווען. ער האט איהר ניט אפגע־לאזען. אומעטום האט ער זיך נאך איהר נאכגעשלעפט. ער איז איהר דערעסען געווארען מיט זיין פארפאלגען איהר, און זי איז אוועקגעפאהרען קיין אויסלאנד. ער איז ארויס פון דינסט, ניט קוקענדיג אויף דאס בעטען זיך פון זיינע פריינד און אויף דער ווארנונג פון די קאמאנדירען, און — ער האט זיך אוועקגעלאזט נאך דער פירשטין. פיער יאהר האט ער פארבראכט אין פרעמדע לענדער, דא נאכיאגענדיג זיך נאך איהר און דא — כדי איהר צו פארלירען פון זיינע אויגען. ער האט זיך געשעמט פאר זיך אליין איהם האט פארדראסען אויף זיין שוואכקייט... עס האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען. איהר געשטאלט, אט דער אומפארשטענד־ליכער, במעט אומזיניגער אבער צויבערהאפטער געשטאלט האט זיך צו טיעף איין זיין הארצען באזעצט. אין באדען איז ער זיך מיט איהר ווידער צוזאמענגעקומען ווי פריהער. עס האט זיך אויסגע־דאכט, אז זי האט איהם נאך קיינמאל אזוי ליידענשאפטליך ניט געליבט... אבער אין א חודש ארום איז עס שוין געווען נאך אלע־מען: דער פייער האט אויפגעברענט צום לעצטען מאל און האט זיך אויסגעלאשען אויף שטענדיג. פאראויס פיהלענדיג, אז זייער צושיידונג איז אומפארמיידליך, האט ער, ווענינגסטענס, געוואלט פארבלייבען איהר פריינד, פונקט ווי עס וואלט מעגליך געווען א פריינדשאפט מיט אזא פרוי... זי איז אין דער שטיל ארויסגעפאה־רען פון באדען און פון דעמאלט אן האט זי שטענדיג אויסגעמידען קירסאנאוו׳ן. ער האט זיך צוריקגעקערט קיין רוסלאנד, האט גע־

פּרובירט ווידער אנהויבן זיין אַלטן לעבן. עס איז שוין אָבער ניט געגאַנגען. ווי אַ פּאַרסמ׳טער האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט פון איין אָרט צום צווייטן. אמת, ער איז נאָך אַמאָל אַרויסגעפאָהרען, ער האָט נאָך אויפגעהאַלטען אַלע געוואוינהייטען פון אַן אַנגעזע־הענעם מענשען, ער האָט זיך נאָך געקענט באַריהמען מיט אַ צוויי דריי נייע נצחונות, ער האָט שוין אָבער קיין זאַך ניט ערוואַרט, ניט פון זיך און ניט פון אַנדערע, און ער האָט קיין זאַך ניט אונטערגע־נומען. ער איז אַלט געוואָרען און איז גרוי געוואָרען. זיצען אין די אוועגדען אין קלוב, לאַנגווײַלען זיך, גלייכגילטיג דיסקוטירען אין אַ געזעלשאַפט פון בחורים איז פאַר איהם געוואָרען אַ נויט־ווענדיגקייט — וואָס דאָס איז אַ שלעכטער סימן. וועגען חתונה האָבען האָט ער, פאַרשטעהט זיך, ניט געטראַכט. אַזוי זיינען אַריי־בערגעלאָפען צעהן יאָהר פאַרבלאַז, פּרוכטלאַז און גיך, זעהר גיך. אין ערגעץ לויפט די צייט ניט אַזוי גיך, ווי אין רוסלאַנד. אין געפענגניש, זאָגט מען, לויפט די צייט נאָך גיכער. איינמאַל, ביים מיטאָג עסען אין קלוב, האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש זיך דערוואוסט וועגען דער פירשטינ׳ס טויט. זי איז געשטאָרבען אין פּאַריז, אין אַ צושטאַנד נאָהענט צו משוגעת. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון טיש, לאַנג אַרומגעשפּאַנט איבער די צימערען פון קלוב, זיך אָפּ־שטעלענדיג, ווי אַן איינגעגראָבענער, לעבען די קאָרטען־שפּילער. אַהיים איז ער אָבער ניט געקומען פריהער ווי געוועהנליך. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער ערהאַלטען אַ פּאַקעט, אַדרעסירט אויף זיין נאָמען. אין אים איז געלעגען דער רינג, וועלכען ער האָט געגעבען דער פירשטין. זי האָט איבער דעם ספינקס געמאַכט אַ צלם־אַרטיגען שטריך, און זי האָט איהם געהייסען זאָגען, אַז דער צלם — איז די אויפלייזונג.

דאָס האָט געטראָפען אינ׳ם אַנהויב פון די 48־גער יאָהרען, אין דערזעלבער צייט, ווען ניקאָלאַי פּעטראָוויטש איז געקומען קיין פּעטערבורג, נאָכדעם ווי ער האָט זיין פרוי פאַרלאָרען. פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט זיין ברודער ניט געזעהן, כמעט, פון יענער צייט אָן, וואָס ער האָט זיך באַזעצט אויפ׳ן דאָרף. ניקאָלאַי פּעטראַ־

ווימש׳עס חתונה איז אויסגעפאַלן אין די ערשטע טעג פון פּאַוועל פּעטראַוויטש׳עס באַקאַנטשאַפט מיט דער פירשטין. קומענדיג צו־ריק פון אויסלאַנד איז ער אוועקגעפאָהרען צו איהם, כדי צו פאַר־ברענגען דאָרט אַ צוויי חדשים, פרעהען זיך מיט זיין גליק. אָבער מעהר ווי איין וואָך איז ער דאָרטען ניט געווען. גרויס איז געווען דער אונטערשייד אין דער לאַגע פון דיביידע ברידער. אין 48־טען יאָהר איז דער אונטערשייד קלענער געוואָרען: ניקאָלאַי פּעטראַ־וויטש האָט פאַרלאָרען זיין פרוי, פּאַוועל פּעטראַוויטש האָט פאַר־לאָרען זיינע עראינערונגען. נאָכדעם ווי די פירשטין איז גע־שטאָרבען, האָט ער אויפגעהערט אפילו טראַכטען פון איהר. ביי ני־קאָלאַי פּעטראַוויטש׳ן איז אָבער פאַרבליבען אַ געפיהל פון אַ נאָר־מאַל־פאַרבראַכטען לעבען, — דער זוהן איז אויסגעוואַקסען פאַר זיינע אויגען. און פּאַוועל איז פאַרבליבען אַן איינזאַמער בחור, וועל־כער איז שוין אַריינגעטראָטען אין יענער אומרוהיגער, ביין־השמשות־דיגער צייט, די צייט פון באַדויערען, וואָס איז עהנליך אויף האָפענונג, האָפענונג וואָס איז עהנליך אויף באַדויערען, ווען די יוגענד איז פאַרגאַנגען און די עלטער איז נאָך ניט געקומען — אָט די צייט איז פאַר פּאַוועל פּעטראַוויטש׳ן געווען שווערער, ווי פאַר אימיצען אַנדערש. פאַרלירענדיג זיין פאַרגאַנגענהייט, האָט ער אַלץ פאַרלאָרען.

— איך רוף דיך שוין מעהר ניט קיין מאַרינאָ, — האָט צו איהם איינמאָל ניקאָלאַי פּעטראַוויטש געזאָגט, (ער האָט זיין דאָרף אָנגערופען מיט זיין פרוי׳ס נאָמען, לכבוד איהר אָנדענקען), — דו האָסט זיך דאָרט געלאַנגווייליגט אפילו דעמאָלט, ווען מיין ווייב האָט נאָך געלעבט, בפרט איצט ווערסטו, דענק איך, אינגאַנצען אויס־געהן פון אומעט.

— דעמאָלט בין איך נאָך ווילד און נאַריש געווען, — האָט פּאַוועל פּעטראַוויטש געענטפערט. — פון יענער צייט אָן האָב איך זיך שוין באַרוהיגט, אויב ניט קליגער געוואָרען. איצט, אדרבה, אויב דו ווערסט מיר ערלויבען, בין איך גרייט צו באַזעצען זיך ביי דיר אויף שטענדיג.

אנשטאט אז ענטפער האט איהם ניקאלאי פעטראוויטש ארומ־
גענומען. עס זיינען אבער פאראיבער אנדערהאלבען יאהר פון
יענעם געשפרעך אן, ביז פאוועל פעטראוויטש האט באשלאסען צו
פארווירקליכען זיין באשלוס. דערפאר, אז ער האט זיך שוין באַ־
זעצט אין דארף, האט ער עס שוין קיינמאל ניט פארלאזען מעהר,
אפילו ניט אין יענע ווינטערען, ווען ניקאלאי פעטראוויטש האט
פארבראכט מיט זיין זוהן אין פעטערבורג. ער האט אנגעהויבען
לייענען מעהר ענגליש און האט איבערהויפט זיין גאנצען לעבען
איינגעארדענט לויט דעם ענגלישען געשמאק; ער האט זיך זעלטען
געזעהן מיט די שכנים. ארויספאהרען פלעגט ער נאר דעמאלט, ווען
עס פלעגען פארקומען וואהלען, וואו ער פלעגט דאס מעהרסטע שוויי־
גען. נאר ווען־ניט־ווען פלעגט ער רייצען און שרעקען די גוט־באַ־
זיצער פון דעם אלטען שניט מיט ליבעראלע געדאנקען און אין
דערזעלבער צייט פלעגט ער זיך ניט חבר'ן מיט די פארשטעהער פון
דעם יונגען דור. סיי די, סיי יענע האבען איהם געהאלטען פאר
א בעל גאוה. סיי די, סיי יענע, האבען איהם געאכט פאר זיינע
אויסגעצייכענטע אריסטאקראטישע מאניערען, פאר זיין פארגאנ־
גענהייט, דערפאר, ווייל ער פלעגט זיך זעהר שעהן קליידען, ווייל
ער פלעגט איינשטעהן אין דעם שעהנסטען נומער פון דער בעסטער
איינפאהר־הויז. דערפאר, ווייל ער פלעגט אין אלגעמיין גוט עסען,
און איינמאל האט ער אפילו געגעסען מיטאג מיט וועלינגטאנ'ען, ב"י
לודוויג־פיליפ'ן; דערפאר, ווייל ער פלעגט אומעטום מיט זיך
ארומפיהרען א זילבערנע טואלעט־קעסטעלע און אן אונטערוועגענס־
וואנע; דערפאר, ווייל פון איהם האבען געשמעקט אויסערגעוועהנ־
ליכע וואונדערבארע פארפיומען; דערפאר, ווייל ער פלעגט זעהר
גוט שפילען אין וויסט און שטענדיג פארשפילען. ענדליך האבען
זיי איהם אויך געאכט פאר זיין אויסערגעוועהנליכער ארענטליכ־
קייט. דאמען זיינען געוועזען באגייסטערט פאר איהם. זיי האבען
איהם געהאלטען פאר א מעלאנכאלישען; ער האט זיך אבער מיט
דאמען ניט געקענט...

— נו, זעהסטו, יעווגעני, — האט ארקאדי געזאגט, נאכדעם

ווי ער האָט געענדיגט זיין דערצעהלונג, — ווי ניט־ארענטליך דו משפּט'סט מיין פעטער! איך רייד שוין ניט פון דעם, וואָס ער האָט ניט איינמאָל מיין טאַטען ארויסגעשלעפּט פון אַ צרה, האָט איהם אפּגעגעבען זיינע גאַנצע געלט, — מעגליך, אַז דו ווייסט ניט, אָבער דער גוט איז צווישען זיי ניט צוטיילט, — ער איז אָבער יעדען צופרידען צו העלפען. יאָ, אגב, ער נעמט זיך שטענדיג אַן פאַר די פּויערים. אמת, ריידענדיג מיט זיי קנייטשט ער זיך און שמעקט אדעקאָלאָן...

— נו, פאַרשטעהט זיך: די נערוועז, — האָט באַזאַראָוו איי־בערגעשלאָגען.

— זעהר מעגליך. זיין האַרץ איז אָבער אַ גוטע, און ער איז ניט קיין נאַר. וואָס פאַר אַ קלוגע עצות ער האָט מיר געגעבען... איי־בערהויפּט וועגען באַציהונגען צו פרויען.

— אַהאַ! דער וואָס בריהט זיך אָפּ מיט אייגענע מילך, בלאָזט אין פרעמדע וואַסער. מיר ווייסען עס!

— נו, וואָס איז דאָ צו ריידען, — האָט ארקאַדי פאָרטגעזעצט — ער איז אַן אומגליקליכער, גלויב מיר. פאַראַכטען איהם טאָר מען ניט.

— ווער פאַראַכט איהם דען? — האָט באַזאַראָוו אויסגערע־דען. — פונדעסטוועגען וועל איך זאָגען, אַז אַ מענש וואָס האָט זיין גאַנצען לעבען געשטעלט אויף אַ קאַרט פון פרויען־ליעבע, און ווען ער האָט זיין קאַרט פאַרשפּילט, האָט עס אויף איהם גע־ווירקט אַזוי, אַז ער איז צו קיין זאַך מעהר ניט פעהיג געוועזן, אַזאַ מענש איז קיין מאַן ניט, נאָר אַ זכר. דו זאָגסט, אַז ער איז אומ־גליקליך, דו ווייסט עס בעסער; אָבער חוצפּה איז נאָך אין איהם פאַרבליבען אַ היבש ביסעל. איך בין זיכער, אַז ער מיינט אויף אַן אמת, אַז ער איז אַן אינטעליגענטער מענש דערפאַר, ווייל ער קוקט אריין אין אַ ביכעל און דערפאַר, ווייל איינמאָל אַ חודש איז ער מציל אַ פּויער פון שמיץ.

דו דאַרפסט אָבער ניט פאַרגעסען זיין ערציהונג און די צייט אין וועלכער ער האָט געלעבט, — האָט ארקאַדי באַמערקט.

— די ערציהונג? — האט אונטערגעכאפט באזאראוו, — יעדער מענש דארף זיך אליין ערציהען, — נו, כאטש אזוי ווי איך, למשל... און וואס ס'איז שייך דער צייט, איז צוליעב וואס זאל איך זיין אפהענגיג פון איהר—זאל זי בעסער זיין אפהענגיג פון מיר. ניין, ברודער, דאס אלץ איז נאר צולאזענקייט, וויטער גארניט! און צוליעב וואס געהיימע באציהונגען צווישען מאן און פרוי? מיר, פיזיאלאגען, ווייסען, וואס פאר א באציהונגען דאס זיינען. שטודיר אקארשט די אנאטאמיע פון אויג, און וואו וועסטו געפינען, ווי דו זאגסט, דעם רעטזעלהאפטען קוק? דאס אלץ איז ראמאנטיזם, אויסגעטראכטע זאכען, פארפוילטקייט, מאהלעריי. קום, איך וועל דיר בעסער ווייזען דעם זשוק.

און ביידע פריינד האבען זיך אוועקגעלאזען צו באזאראוו'ס צימער, וואו עס האט זיך שוין געשפירט א מעדיציניש כירורגישער ריח, צונויפגעמישט מיט א ריח פון ביליגען טאבאק.

8.

פאוועל פעטראוויטש האט לאנג ניט בייגעוואוינט דעם געשפרעך צווישען זיין ברודער און דעם אנגעשטעלטען, וועלכער איז געווען א הויכער, דארער מענש מיט א זיסער, שווינדזוכטיגער שטימע און מיט שעלמישע אויגען. אויף אלע פראגען וואס ניקאלאי פעטראוויטש האט איהם געשטעלט, האט ער געענטפערט: „איך בעט אייך, דאס פארשטעהט זיך דאך אליין", און ער האט געזוכט פארצושטעלען אלע פויערים פאר שכורים און גנבים. די באלעבאטישקייט, וואס איז ניט לאנג צוריק איינגעשטעלט געווארען אויף א נייעם שטייגער, האט געסקריפעט, ווי א ניט־געשמירטע ראד; עס האט געקראכט, ווי היימיש־געמאכטע מעבעל, פון פייכט האלץ. ניקאלאי פעטראוויטש האט דעם מוט ניט פארלארען, ער פלעגט אבער אפט א זיפץ טאן און זיך פארטרטאכטען: ער האט געפיהלט, אז אהן געלט וועט מען גארניט מאכען און זיין געלט האט זיך שוין כמעט איינגאנצען אויסגעלאזען. ס'איז געווען אמת וואס ארקאדי האט געזאגט: פאוועל פעטראוויטש האט ניט איינ־

מאל ארויסגעהאלפען זיין ברודער. ניט איינמאל, זעהענדיג ווי ער ברעכט זיך דעם קאפּ, ווי אזוי ארויסצודרעהען זיך, פלעגט פּאַוועל פּעטראוויטש לאנגזאם צוגעהן צום פענסטער און אריינרוקענדיג די הענט אין די קעשענעס, פלעגט ער ארויסזאגען צווישען די צייהן: “mais je puis vous donner de l'argent” און ער פלעגט איהם געבען געלט, אבער דעם טאג האט ער אליין גארניט געהאט, און ער איז בעסער אינגאנצען אוועק. די זארג פאר דער באלעבאטישקייט פלעגט אויף איהם אניאגען אן אומעט. דערצו האט זיך איהם שטענדיג אויסגעוויזען, אז ניקאלאי פּעטראוויטש, ניט קוקענדיג אויף זיין גאנצען חשק און ארבייטזאמקייט, האט זיך ניט גענומען צו דער ארבייט אזוי ווי עס באדארף צו זיין, כאטש אנווייזען וואו, אייגענטליך, זיין טעות איז, וואלט ער ניט געקאנט. „דער ברודער איז ניט גענוג פּראקטיש“, פלעגט ער טראכטען ביי זיך. „מ'נארט איהם אפּ“. ניקאלאי פּעטראוויטש, ווידער, האט געהאט א זעהר געהויבענער מיינונג פון זיין ברודער'ס פּראקטישקייט און פלעגט איהם שטענדיג פרעגען אן עצה. „איך בין א מענש א ווייכער, א שוואכער“, פלעגט ער זאגען, „איך האב א צייט געלעבט אפּגעזונדערט פון מענשען. אבער דו האסט ניט אומזיסט געלעבט צווישען מענשען, דו פארשטעהסט זיי גוט: ביי דיר איז אן אדלער קוק“. אנשטאט צו ענטפערען אויף די דאזיגע ווערטער פלעגט זיך פּאַוועל פּעטראוויטש אפּקעהרען. אפּגעלייקענט האט ער עס אבער ניט.

איבערלאזענדיג ניקאלאי פּעטראוויטש'ן אין קאבינעט, האט ער זיך געלאזט געהן דורכ'ן קארידאר, וועלכער האט אפּגעטיילט דעם פאדערשטען טייל פון הויז פון דעם הינטערשטען, און, צו־קומענדיג צו א נידעריגער טירעל, האט ער זיך אפּגעשטעלט, טראכ־טענדיג. ער האט זיך א ציה געטאן פאר די וואנצען און ער האט אין איהר אנגעקלאפּט.

— ווער איז דארט? קומט אריין! — האט זיך דערהערט פעניטשקעס קול.

— דאס בין איך, — האט פאוועל פעטראוויטש געענטפערט, און ער האט אויפגעעפענט די טיר.

פעניטשקע איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל, אויף וועלכען זי איז געזעסען מיט'ן קינד, און איבערגעבענדיג איהם צו דער מיידעל אויף די הענט, האט זי אויף גיך צורעכט געמאכט איהר האלזטוך. דאס מיידעל האט דאס קינד גלייך ארויסגעטראגען פון צימער.

— ענטשולדיגט, טאמער האב איך אייך געשטערט, — האט פאוועל אנגעהויבען, ניט קוקענדיג אויף איהר. — איך בין אייך נאר געקומען בעטען... היינט, דאכט זיך, שיקט מען אין שטאדט... הייסט קויפען פאר מיר גרינעם טהע.

— מיט'ן גרעסטען פארגעניגען, — האט פעניטשקע געענטפערט. — וויפיעל הייסט איהר קויפען?

— א האלבער פונט, דענק איך, וועט זיין גענוג. איך זעה, אז ביי אייך איז דא אן ענדערונג, — האט ער צוגעגעבען, אלץ מיט א שנעלען קוק, וועלכער האט אויך פעניטשקעס פנים ניט אויסגעמידען, — אט די פארהענגלאך — האט ער געזאגט, זעהענדיג, אז זי פארשטעהט איהם ניט.

— יא, די פארהענגלאך. ניקאלאי פעטראוויטש האט זיי אונז געגעבען. שוין לאנג, אז זיי זיינען אויפגעהאנגען.

— איך בין אבער ביי אייך שוין לאנג ניט געווען. איצט איז דא ביי אייך זעהר גוט.

— דאס איז ניקאלאי פעטראוויטש'ען צו פארדאנקען, — האט פעניטשקע א שעפטשע געטאן.

— איז אייך דא בעסער ווי אין דער פריהערדיגער זייטיגער שטיבעל? — האט ניקאלאי פעטראוויטש צארט א פרעג געטאן, אבער אהן וועלכען-ניט-איז שמייכעל.

— געוויס איז בעסער.

— ווער פארנעמט דארט איצט אייער פלאץ?

— איצט זיינען דארט די וועשערינס.

— א!

פאוועל פעטראוויטש איז אנטשווינען געווארען. „איצט וועט ער אוועקגעהן“, האט פעניטשקע געטראכט. ער איז אבער ניט אוועקגעגאנגען, און זי איז געשטאנען לעבען איהם ווי אן איינגע־גראבענע, קוים איבערקלייבענדיג איהרע פינגער.

— פאר וואס האט איהר געהייסען ארויסטראגען אייער קליינ־טשינקען? — האט פאוועל פעטראוויטש ענדליך אנגעהויבען. — איך האב ליעב קינדער: לאזט מיר איהם זעהן.

פעניטשקע איז איינגאנצען רויט געווארען פון צומישעניש און פרייד. זי האט מורא געהאט פאר פאוועל פעטראוויטש׳ען: ער האט צו איהר, כמעט, קיינמאל ניט גערעדט.

— דוניאשא! — האט זי א רוף געטאן: — ברענגט אהער מיטיע׳ן. (פעניטשקע האט אלעמען אין הויז גע„איהר“צט) א׳ניט ווארט אוים, מ׳דארף איהם אנטאן א קליידעלע. — פעניטשקע האט זיך געלאזט צום טיר.

— עס מאכט ניט אוים! — האט פאוועל פעטראוויטש באַ־מערקט.

— איך קום שוין אריין, האט פעניטשקע געענטפערט, און איז אויף גיך ארויסגעגאנגען.

פאוועל פעטראוויטש איז געבליבען אליין. און איצט האט ער מיט מעהר אויפמערקזאמקייט באקוקט אלץ ארום. ריין און באַ־קוועם איז געווען דער קליינער נידעריגער חדר׳ל, אין וועלכען ער האט זיך געפונען. עס האבען זיך דארט ארומגעטראגען ריחות פון א ניט לאנג צוריק אויסגעפארבטען דיל, פון קאמיליען און מע־ליסען. לעבען די ווענט זיינען געשטאנען שטולען מיט ווענט־לאך, וואס האבען אויסגעזעהן ווי לירעס. דער פארשטארבענער גענעראל האט זיי נאך געקויפט אין פוילען, אין דער צייט ווען מ׳האט ארומגעמארשירט. אין איין ווינקעל איז הינטער א פאר־האנג געשטאנען א בעטעל לעבען א געשמידטען קופערט מיט א רונדען צודעק. אין דעם אנטקעגענדיגען ווינקעל האט א לעמפעל געברענט פאר א גרויסען טונקעלען בילד פון דעם געטליכען ניקאלאַי. א קליינע פארצעלייענע אייעלע אויף א רויטען בענדעל איז גע־

האנגעו אויפ'ן הארצעו פון דעם הייליגעו. דאס בענדעל איז געוועו צוגעשטעפעט צו די שטראהלעו איבער זיין קאפ. דער פאראיאה־ריגער איינגעמאכטס איז אויך געשטאנעו אין די פענסטער אין גוט פארבונדענע גלעזערנע קריגעלאך, עס האט זיך דורכגעזעהן זיין גרינער קאליר. אויף די פאפירענע צודעקלאך האט פעניטשקע אליין אויפגעשריבעו מיט גראבע אותיות: „אגרעס". ניקאלאי פעטראָ־וויטש האט ליעב געהאט אט דעם איינגעמאכטס מעהר ווי אלע אנדערע. אויפ'ן סופיט איז געהאנגעו אויף א שנור א שטייגעל מיט א קורץ עקיגעו טשיזש, וועלכער האט געפייפט און געשפרונגעו אהן אן אויפהער און די שטייגעל האט זיך געהאלטעו אין איין וויגעו און טרייסלעו. קערנער זיינעו מיט א לייכטעו קלאפעו געפא־לעו אויפ'ן דיל. אויף דער ווענטעל, איבער'ן קליינעם קאמאד זיי־נעו געהאנגעו ניקאלאי פעטראוויטש'עס שלעכט פאטאגראפירטע פארטרעטעו אין פארשיידענע פאזעו, וועלכע זיינעו געמאכט גע־ווארעו פון א פארבייפאהרענדיגעו מאהלער. דא איז אויך געהאנ־געו א פאטאגראפיע פון פעניטשקעו אליין, אינגאנצעו אן אומגע־לונגענע: עס האט אויסגעזעהן ווי א פנים מיט איין אויג, וועלכער האט מיט מאטערניש געשמייכעלט אין א טונקעלער רעמעל — מעהר האט מעו גארנים געקענט זעהן, און איבער פעניטשקען איז געהאנגעו יערמאלאוו, אין א מאנטעל, און האט בייז געקוקט אויף די ווייטע קאווקאזער בערג, פון אונטער א זיידענעם שיכעלע פאר שפילקעס, וועלכע זיינעו איהם געפאלעו גלייך אין שטערו. עס זיינעו אוועק א פינף מינוט. אין דעם צווייטעו צימער האט זיך געהערט א שארכעו. פאוועל פעטראוויטש האט פון קאמאד אראפ־גענומעו אן איינגעשמירט צופאלעו בוך „וועגעו שיסער", פון מא־סאלסקי, און האט איבערגעמישט עטליכע בלעטלאך... די טיר האט זיך געעפענט און פעניטשקע איז אריין מיט מיטיע'ן אויף די הענט. זי האט איהם אנגעטאן א רויטע העמדעלע, האט פאר־קאמט זיינע הערעלאך און איינגעוואשעו זיין פנימ'ל. ער האט געאטעמט שווער, זיך געריסעו מיט זיין גאנצעו קערפערל און גע־מאכט מיט די הענטעלאך, אזוי ווי אלע געזונטע קינדער. דאס

רויטע העמדעלע האט, קענטיג, געווירקט אויף איהם: זיין גאנצער קליינינקער, אנגעבלאזענער קערפערל האט זיך געצאפעלט פאר שמחה. פעניטשקע האט אויך צורעכט געמאכט איהרע האר, האט דעם האלזטוך בעסער אנגעטאן. עס איז אפילו ניט נויטיג געווען. און אין דער אמת'ן, איז דען פאראן אויף דער וועלט א שענערע זאך, ווי א יונגע שעהנע מאמע מיט א געזונד קינד אויף די הענט?

— אך, ס'ארא פעמפיק! — האט פאוועל פעטראוויטש ליבליך א זאג געטאן און ער האט מיט דעם שפיץ נאגעל פון זיין וויינפינגער א קיצעל געטאן מיטיע'ס טאפעלדיגע מארדעטשקע. דאס קינד האט זיך פארקוקט אויפ'ן טשיזש און זיך צולאכט.

— דאס איז א פעטער!—האט פעניטשקע געזאגט, אנגייגענדיג צו איהם איהר פנים און איהם לייכט טרייסלענדיג. דערווייל האט דוניאשא אין דער שטיל אוועקגעשטעלט אויפ'ן פענסטער אן אנגעצונדענע רויבערדיגע ליכטעל, אונטערלעגענדיג אונטער איהר א גראשען.

— וויפיעל חדשים איז איהם שוין? — האט פאוועל פעטראוויטש געפרעגט.

— זעקס חדשים. איהם וועט שוין באלד געהן אויפ'ן זיבעטען, דעם עלפטען.

— דוכט זיך אויפ'ן אכטען, פעדאסיא ניקאלאיעווגא! — האט זיך דוניאשא ארייננעמישט ניט אהן מורא.

— ניין, אויפ'ן זיבעטען! ווי אזוי קענט איהר עס זאגען? —

דאס קינד האט זיך ווידער צולאכט, האט זיך פארקוקט אויפ'ן קופערט און מיט אמאל האט ער מיט זיינע הענטלאך א כאפ געטאן דער מאמע'ן פאר'ן נאז און פאר די ליפען.

— א שטיפער! — האט פעניטשקע געזאגט, ניט אפקעהרענדיג איהר פנים פון זיינע פינגערלאך.

— ער איז געראטען אין ברודער. — האט פאוועל פעטראוויטש באמערקט.

„אין וועמען דען זאל ער זיין געראטען?", האט פעניטשקע א טראכט געטאן.

— יא, — האט פארטגעזעצט פאוועל פעטראוויטש, ווי ער וואלט צו זיך אליין גערעדט, — א געוואלדיגע עהנליכקייט. — ער האט אויפמערקזאם, כמעט אומעטיג, א קוק געטאן אויף פעניטשקען.

— דאס איז דער פעטער! — האט פעניטשקע ווידער געזאגט שוין מיט מעהר אטעם.

— א! פאוועל! אט וואו דו ביזט! — האט זיך מיט אמאל דערהערט ניקאלאי פעטראוויטש'עס קול.

פאוועל פעטראוויטש האט זיך האסטיג אומגעקערט און איז ערענסט געווארען. זיין ברודער האט אבער געקוקט אויף איהם מיט אזוי פיעל פריידיגקייט און דאנקבארקייט, אז פאוועל פעטראוויטש האט ניט געקענט ניט ענטפערן איהם מיט א שמייכעל.

— א וואוילער בחור'ל ביי דיר, — האט ער געזאגט און האט א קוק געטאן אויפ'ן זייגער. — איך בין אריין אהער וועגען טהע... — און אננעמענדיג א גלייכגילטיגען אויסדרוק איז פאוועל פעטראוויטש גלייך ארוים פון צימער.

— ער איז אליין אריין? — האט ניקאלאי פעטראוויטש גע־פרעגט פעניטשקען.

— אליין. זיי האבען אנגעקלאפט און זיי זיינען אריינגעגאנ־גען.

— נו, און ארקאשא איז ביי דיר מעהר ניט געווען?

— ניין, ניט געווען. אפשר זאל איך זיך איבערקלייבען אין דער הינטערשטער שטיבעל, ניקאלאי פעטראוויטש?

— צו וואס איז דאס?

— איך דענק, אז עס וואלט אפשר בעסער געווען פאר א קורצער צייט.

— נ...ניין, — האט פאוועל פעטראוויטש ארויסגעזאגט און האט זיך א ריב געטאן דעם שטערן. — מ'האט עס פריהער גע־דארפט... נו, וואס מאכסטו, פוזעל, — האט ער אנגעהויבען מיט א פלוצלונגער אויפלעבונג, און צוקומענדיג צום קינד האט ער איהם א קוש געטאן אין בעקעל. נאכדעם האט ער זיך אביסעל איינגע־

בוינען און האט צונעלענט זיינע ליפען צו פעניטשקע׳ס האנט, וועלכע האט זיך געוויסט ווי מילך אויף מיטיע׳ס רויטער העמדעל.

— ניקאלאי פעטראוויטש! וואס טוט איהר? — האט זי שטיל ארויסגעזאגט און האט אראפגעלאזען די אויגען. דערנאך האט זי זיי פאמעלאך אויפגעהויבען.

וואונדערבאר איז געווען דער אויסדרוק פון איהרע אויגען, ווען זי האט געקוקט ווי פון אונטער׳ן שטערן, און האט געשמייכעלט ליבליך און אביסעל נארישעוואטע.

ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך מיט פעניטשקען באקאנט אויף פאלגענדען אופן: איינמאל, מיט א יאהר דריי צוריק איז איהם אויסגעקומען איבערצונעכטיגען אין אן איינפאהר־הויז אין א וויטער „אויעזדנער" שטעדטעל. עס האט זיך איהם שטארק אין די אויגען געווארפען די ריינקייט פון זיין צימער, די פרישקייט פון די בעט־געצייג: „צי איז די באלעבאסטע ניט קיין דייטשקע?" איז איהם דורכגעלאפען א געדאנק. עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז די באלעבאסטע איז א רוסישע, א פרוי פון א יאהר פופציג, זי האט גערעדט געלאסען, איז געווען ריין אנגעטאן און האט געהאט א שעהנעם, קלוגען פנים. ער האט זיך צורעדט מיט איהר ביים טהע טרינקען. זי איז איהם זעהר געפעלען געווארען. ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך אין יענער צייט נאר וואס איבערגעקליבען אויף זיין נייער גוט, און ניט וועלענדיג האלטען ביי זיך קיין קנעכט, האט ער געזוכט וועמען צו דינגען. די באלעבאסטע, ווידער, האט זיך באקלאגט אויף דער קליינער צאהל דורכפאהרער אין שטאדט, אויף די שווערע צייטען. ער האט איהר פארגעשלאגען אנצוקומען צו איהם אין הויז פאר אן אויפזעהערין. זי האט איינגעוויליגט. איהר מאן איז שוין לאנג געשטארבען, איבערלאזענדיג איהר איין טאכטער, פעניטשקען. אין צוויי וואכען ארום איז ארינא סאווישנא (אזוי האט מען גערופען די נייע אויפזעהערין) אינאיינעם מיט איהר טאכטער אנגעקומען קיין מארינא, און זיי האבען זיך אריינגעקליבען אין דער הינטערשטער שטיבעל. ניקאלאי פעטראוויטש׳עס אויפטו האט זיך ארויסגעוויזען צו זיין

א געלונגענער. ארינא האט איינגעפיהרט אן ארדנונג אין הויז. וועגן פעניטשקען, וועלכע איז שוין אלט געווארען זיבעצעהן יאהר, האט קיינער ניט גערעדט, און זעלטען־ווער עס האט איהר גע־זעהן. זי האט זיך געלעבט שטיל און באשיידען. בלויז אין די זונטאגס, אין קלויסטער, פלעגט ניקאלאי פעטראוויטש באמער־קען ערגעץ אין א ווינקעל דעם דינעם פראפיל פון איהר ווייסען פנים. אזוי איז אוועק מעהר ווי א יאהר.

איינמאל, אין א פריהמארגען, איז ארינא געקומען צו איהם אין קאבינעט, האט זיך נידעריג א נייג געטאן, ווי אלע מאל, און האט איהם געפרעגט, צי קען ער ניט טאן עפעס פאר איהר טאכ־טער: א פונק פון אויוועז האט איהר אין אויג געטראפען. ניקא־לאי פעטראוויטש, אזוי ווי אלע שטוב־זיצער, האט זיך אבגעגעבען מיט רפואות, ער האט אפילו אויסגעשריבען א האמעפאטישען אפ־טייק. ער האט גלייך געהייסען ארינא'ן ברענגען דער קראנקער. דערהערענדיג, אז דער פריץ רופט איהר, האט זיך פעניטשקע דער־שראקען, נאר פונדעסטוועגען איז זי נאכגעגאנגען דער מאמען. ני־קאלאי פעטראוויטש האט איהר צוגעפיהרט צום פענסטער און האט איהר אנגענומען מיט ביידע הענט פאר'ן קאפ. נאכדעם ווי ער האט גוט באטראכט איהר רויטע אנטצונדענע אויג, האט ער פארשריבען א וואסערעל, וועלכען ער האט עס אליין גלייך געמאכט, און צור־רייסענדיג זיין טאשען־טיכעל אין טיילען, האט ער באוויזען, ווי אזוי מ'דארף עס צולעגען. פעניטשקע האט איהם אויסגעהערט און האט שוין געוואלט ארויסגעהן. „גיב א קוש דעם פריץ אין האנט, דו גולם", האט ארינא געזאגט. ניקאלאי פעטראוויטש האט איהר זיין האנט ניט געגעבען, און א צוטומעלטער האט ער איהר א קוש געגעבען אין שפיץ קאפ. פעניטשקעס אויג האט זיך גיך אויסגעהיילט, אבער דעם איינדרוק וואס זי האט געמאכט אויף ני־קאלאי פעטראוויטש'ען איז ניט אזוי גיך אוועק. עס איז איהם אלץ פאר די אויגען געשטאנען איהר קלארער, דערשראקענער, אויפ־געהויבענער פנים. ער האט אונטער זיינע הענט געפיהלט איהרע ווייכע האר; ער האט געזעהן איהרע אומשולדיגע, עטוואס אויפ־

געעפענטע ליפּען, פון הינטער װעלכע עס האבען אויף דער זון געגלאנצט איהרע פּייכטע, פערלדיגע צייהנדלאך. ער האט אנגע־הויבען קוקען אויף איהר מיט קלויסטער מיט גרויס אויפמערקזאמ־קייט און האט געזוכט צו ריידען מיט איהר. אין אנהויב איז זי געלאפען פון איהם ווי א ווילדע, און איינמאל, פארנאכט צו, באַ־געגענענדיג איהם אויף דער שמאלער, אויסגעטראטענער װעגעל, וואס האט זיך געצוױנגען דורך די קארן, איז זי ארײנגעלאפען אין דעם הויכען, געדיכטען קארן, וועלכער איז פול געוועזן מיט בלומען, כדי איהם אויסצומיידען. ער האט איהר קעפּעל דערזעהן דורך דעם נעץ פון די גאלדענע זאנגען, וואו זי האט אויסגעזעהן ווי א חיה׳לע, און ער האט צו איהר ליבליך אויסגעשריען:

— גוט נאווענט, פעניטשקע! איך בײס זיך ניט.

— גוט נאווענט! — האט פעניטשקע געענטפערט, ניט ארויס־קריכענדיג פון איהר באהעלטעניש.

ביסלאכווייז האט זי זיך אנגעהויבען צוגעוועהנען צו איהם. זי האט זיך אבער נאך אליץ געשראקען אין זיין געגענווארט. נאר פּלוצלונג איז איהר מאמע געשטארבען פון כאליערע. וואוהין האט זיך פעניטשקע געזאלט אהינטאן? זי האט גע׳ירש׳ענט פון איהר מוטער די ליעבע צו ארדנונג, איהר בארעכענטקייט און געלאסענ־קייט. זי איז אבער געווען אזוי יונג און אזוי איינזאם. ניקאלאי פּעטראוויטש איז אליין אויך געווען א גוטער און א באשיידענער... דאס איבעריגע איז שוין ניטא וואס צו דערצעהלען...

— אזוי, אזוי; דער ברודער איז צו דיר ארײנגעגאנגען? — האט ניקאלאי פּעטראוויטש געפרעגט — ער האט אנגעקלאפּט און איז ארײנגעגאנגען?

— יא.

— נו, דאס איז גוט. גיב מיר מיטיע׳ן אהער, איך וויל זיך מיט איהם אביסעל שפּילען.

און ניקאלאי פּעטראוויטש האט איהם אנגעהויבען צו ווארפען במעט ביז׳ן סאפיט. דאס קינד האט געקוואלען פאר שמחה. די מאמע איז געשטאנען אן אומרוהיגע, און יעדעס מאל ווען דאס קינד

פלעגט ארויפפליהען, פלעגט זי אויסשטרעקען איהרע הענט צו זיינע נאקעטע פיסלאך.

און פאוועל פעטראוויטש איז אוועק צו זיך אין קאבינעט. זיין קאבינעט איז געווען א שעהנער: די ווענט אויסגעקלעפט מיט שעהנעם פאפיר, וואס האט געהאט א ווילדען קאליר; געוועהר איז געהאנגען אויף א בונטען פערסישען טעפיך... די מעבעל איז געווען פון נוסבוים־האלץ און באצויגען מיט א טונקעל־גרינעם סאמעט. דארטען איז אויך געשטאנען א בוך־אלמער פון שווארצע דעמבען האלץ, א וואונדער־שעהנער שרייבטיש מיט בראנזענע סטאטועטקעס און א קאמין... ער האט זיך א ווארף געטאן אויפ'ן דיוואן, האט די הענט פארלעגט הינטער'ן קאפ און איז געבליבען ליגען אומבאוועגליך, כמעט פארצווייפעלט, קוקענדיג אויפ'ן סופיט. צי האט ער תּ׳ן די ווענט אפילו געוואלט באהאלטען דעם אויסדרוק פון זיין פנים, אדער צוליעב עפעס אנדערש,—ער האט זיך אויפגעהויבען און אראפגעלאזען די שטארען פון די פענסטער און האט זיך ווידער א ווארף געטאן אויפ'ן דיוואן.

.9

אין דעמזעלבען טאג האט זיך אויך באזאראוו באקענט מיט פעניטשקען. ער איז צוזאמען מיט ארקאדי'ן ארומגעגאנגען אין גארטען און האט איהם ערקלערט, פארוואס אנדערע בוימלאך, איבערהויפט די דעמבענע, האבען זיך ניט צוגענומען.

— דא דארף מען זעצען זילבערנע טאפאלען, און יאלקעס און אויך ליפעס. מען דארף אבער דערשיטען שווארצע ערד. דו זעהסט, פארוואס האט זיך דער זומער־גערטענדעל גוט צוגענומען, — האט ער צוגעגעבען, — דערפאר, ווייל די אקאציעס און דער בעז זיינען גוטע קינדער, מ'דארף אויף זיי צופיעל ניט אויפפאסען. שא, אימיצער איז דא דא.

אין זומער־גערטענדעל איז געזעסען פעניטשקע און דוניאשא

מיט מיטיען. באזאראוו האט זיך אפגעשטעלט און ארקאדי האט זיך צו איהר א נייג געטאן, ווי צו אן אלטער באקאנטער.

— ווער איז זי? — האט איהם באזאראוו געפרעגט, ווי נאר זיי זיינען איהר פארביינגעגאנגען. — ס'ארא ליבינקע.

— ווענען וועמען רעדסטו?

— ס'פארשטעהט זיך ווענען וועמען: איינע נאר איז א לי־בינקע.

ארקאדי איז אביסעל צוטומעלט געווארען און האט איהם דער־צעהלט אין קורצע ווערטער, ווער פעניטשקע איז.

— אהא! — האט באזאראוו אויסגערופען. — ווי עס זעהט אויס, איז דיין טאטע נים קיין נאר. ער געפעלט מיר, דיין טאטע, זאל איך אזוי לעבען! ער איז א מאן. פונדעסטוועגען דארף מען זיך מיט איהר באקאנען, — האט ער צוגעגעבען, און ער האט זיך אומגעקערט צוריק צו דעם זומער־גערטענדעל.

— יעווגעני! — האט מיט שרעק איהם נאכגעשריען ארקא־די, — זיי פארזיכטיג, אום גאטעס־ווילען.

— זיי נים אויפגערעגט, — האט באזאראוו געזאגט. — מיר זיינען א דורכגעריבען פאלק, מיר האבען אין שטעדט געלעבט.

צוקומענדיג נאהענט צו פעניטשקען האט ער אראפגענומען די היטעל.

— ערלויבט מיר זיך פארצושטעלען, — האט ער אנגעהויבען און האט זיך העפליך א נייג געטאן. — איך בין ארקאדי ניקא־לאיעוויטש'עס פריינד, א שטילער מענש.

פעניטשקע האט זיך אויפגעהויבען פון בענקעל און האט גע־קוקט אויף איהם שווייגענדיג.

— ס'ארא וואונדערבאר קינד! — האט באזאראוו ווייטער גע־רעדט. — זייט נים אומרוהיג. איך האב נאך קיינעם קיין עין־הרע נים געגעבען. וואס זיינען די בעקלאך ביי איהם אזוי רויט? עס שניידען זיך ביי איהם צייהנדלאך, צי וואס?

— יא, — האט פעניטשקע ארויסגערעדט. — פיער צייהנדלאך

זיינען שוין ביי איהם אַרויס און איצט זיינען די יאַסלעס ווידער אנגעשוואָלען.

— לאָזט מיר אַ קוק טאָן... האָט קיין מורא ניט, איך בין אַ דאָקטאָר.

באַזאַראָוו האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט. צו פעניטשקעס און דוניאַשעס פאַרוואונדערונג האָט דאָס קינד ניט אַרויסגעוויזען קיין ווידערשטאַנד און האָט זיך ניט געשראָקען.

— איך זעה, איך זעה... ס׳איז גאָרניט. אַלץ איז ווי עס באַדאַרף צו זיין: ער וועט האָבען געזונטע ציינער. אויב עס וועט עפּעס טרעפען, זאָגט מיר. און ווי פיהלט איהר אַליין, געזונד?

— געזונד, דאַנקען גאָט.

— דאַנקען גאָט, איז בעסער פון אַלץ. און איהר? — האָט באַזאַראָוו צוגעגעבען, ווענדענדיג זיך צו דוניאַשאַ׳ן.

דוניאַשאַ איז געווען אַ מיידעל, ערנסט אין הויז און אַ גרויסע שטיפערקע הינטער די טויערען. אויף באַזאַראָוו׳ס פראַגע האָט זי געענטפערט מיט אַ מורמעל.

— נו, גוט. נאָט אייך אייער העלד.

פעניטשקע האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט.

— ווי רוהיג ער איז ביי אייך געזעסען, — האָט זי שטיל אַרויסגעזאָגט.

— אַלע קינדער זיצען ביי מיר רוהיג, האָט באַזאַראָוו געענטפערט. איך ווייס אַזאַ מיטעל.

— קינדער פיהלען ווער עס ליעבט זיי, — האָט דוניאַשאַ באַמערקט.

— דאָס איז ריכטיג, — האָט פעניטשקע באַשטעטיגט. — נעמט צום ביישפּיעל מיטיען, ער וועט אויף קיין פאַל צו אַן אַנדערן אויף די הענט ניט געהן.

— און צו מיר וועט ער געהן? — האָט געפרעגט אַרקאַדי, צוקומענדיג, נאָכדעם ווי ער איז אַ קורצע צייט געשטאַנען פון ווייטען.

ער האָט גערופען צו זיך מיטיען, אָבער מיטיע האָט פאַר־

ווארפען די קעפּעל אויף הינטער און האט אנגעהויבען קווישען. פעניטשקע'ן האט דאס געערגערט.

— א צווייטען מאל, ווען ער וועט זיך צו מיר צוגעוועהנען, — האט ארקאדי ליבליך געזאגט, און בײדע פרײנד זײנען אוועק.

— ווי אזוי רופט מען איהר? — האט באזאראוו געפרעגט.

— פעניטשקע... פעדאסיע, — האט ארקאדי געענטפערט.

— און מיט'ן טאטענס נאמען? דאס דארף מען אויך ווי־סען.

— ניקאלאיעווגא.

— מיר געפעלט אין איהר דאס, וואס זי איז ניט צופיעל שע־מעוודיג. אן אנדערער וואלט דאס אנדערש אויסגעטייטשט. וואס פאר אן אומזין? וואס איז זיך דא פאראן צו שעמען? זי איז א מאמע — זי איז גערעכט.

— זי איז טאקע גערעכט, — האט ארקאדי באמערקט, — אבער דער טאטע מײנער...

— ער איז אויך גערעכט, — האט באזאראוו איבערגעשלאגען.

— נו, ניין, איך זעה ניט איין.

— קענטיג, אז נאך אן איבעריגער יורש'ל געפעלט אונז ניט!

— ווי אזוי שעמסטו זיך ניט מיר חושד צו זיין אין אזעלכע געדאנקען! — האט ארקאדי אונטערגעכאפּט מיט היץ, — ניט פון אט דעם שטאנדפּונקט האלט איך דעם טאטען פאר ניט גערכעט. מיין מיינונג איז, אז ער האט יא געדארפט חתונה האבען מיט איהר.

— עהע הע! — האט באזאראוו רוהיג אנגעהויבען. — אט, ס'ארא גרויסמוטיגע מיר זיינען! פאר דיר איז נאך אלץ וויכ־טיג די הייראט. איך האב עס פון דיר ניט ערווארט.

די פריינד זיינען אפּגעגאנגען עטליכע טריט שווייגענדיג.

— איך האב געזעהן דיין טאטענס אלע איינפיהרונגען, האט באזאראוו ווידער אנגעהויבען. — די בהמות טויגען ניט און די פערד — צושלאגענע. די געביידען זיינען אויך ניט ווי עס באדארף צו זיין; די ארבייטער זעהען אויס צו זיין פּראפעסיאנעלע פוילער,

און דער אויפזעהער איז אדער א נאר, אדער א דרעה־קאפ; עס איז נאך פאר מיר נים קלאר.

— שטרענג ביזטו היינט, יעווגעני וואסילעוויטש.

— און די גוטע פויערים וועלען זיכער אנפייפען דיין טאטען. דו ווייסט ווי מ׳זאגט: א רוסישער פויער וועט אויפפרעסען גאט אליין.

— איך הויב אן איינצושטימען מיט׳ן פעטער, — האט ארקאדי באמערקט. — דו האסט א צו־שלעכטע מיינונג וועגען די רוסען.

— אהא! די מעלה פון א רוס איז נאר דאס, וואס ער אליין האט פון זיך א שלעכטע מיינונג. וויכטיג איז דאס, וואס צוויי מאל צוויי איז פיער, און דאס איבעריגע האט קיין ווערט נים.

— און די נאטור האט אויך קיין ווערט? — האט ארקאדי גע־פרעגט און האט פארקלערט געקוקט אין דער וויים, אויף די פיעל־פארביגע פעלדער, וועלכע זיינען געווען באלויכטען שעהן און ווייך פון דער פארגעהענדער זון.

— די נאטור האט אויך קיין ווערט נים, אין יענעם זין, ווי דו פארשטעהסט עס. די נאטור איז נים קיין פאלאץ, נאר א ווערק־שטאט, און דער מענש איז אן ארבייטער.

שטילע קלאנגען פון א וויאלאנטשעל האבען זיך אין דעם זעל־בען אויגענבליק דערטראגען צו זיי פון הויז. אימיצער האט געשפיעלט מיט געפיהל, כאטש נים מיט קיין געאיבטער האנט, שובערט׳ס „ערוואַרטונג". די זיסע מעלאדיע האט זיך אין דער לופטען ווי האניג צוגאסען.

— וואס איז דאס? — האט באזאראוו געפרעגט מיט פארוואונ־דערונג.

— דאס איז דער טאטע.

— דיין טאטע שפילט אויף א וויאלאנטשעל?

— יא.

— ווי אלט איז דיין טאטע?

— פיער און פערציג יאהר.

— באזאראוו האט זיך מיט אמאל צונאנדערגעלאכט.

— פון וואס לאכסטו?

— איך בעט דיר, א מענש פון פיער און פערציג יאהר, איז א פארווארפענע ווינקעל, שפּילט אויף א וויאלאנטשעל!

באזאראוו האט ניט אויפגעהערט צו לאכען. ארקאדי האט אבער אפילו קיין שמייכעל ניט געטאן, ניט קוקענדיג וואס ער האט פאר זיין לעהרער גרויס דרך־ארץ געהאט.

.10

עס זיינען אוועק א צוויי וואכען. דאס לעבען אין מארינא איז זיך געגאנגען אויף זיין אופן: ארקאדי האט געלעבט א גוטען טאג, באזאראוו האט געארבייט. אלע אין הויז האבען זיך צוגע־וועהנט צו איהם, צו זיינע נאכלעסיגע מאנירען, צו זיין אביסעל קאמפּליצירטע און אפּגעהאקטע סארט ריידען. איבערהויפּט האט פעניטשקע זיך אזוי איינגעלעבט מיט איהם, אז איינמאל האט זי איהם געהייסען אויפוועקען אין מיטען דער נאכט, ווען מיטיע'ן האט אנגעהויבען קרעמפּען, און ער איז געקומען, ווי געוועהנליך, האלב שפּאסענדיג, האלב געגעצענדיג, איז אפּגעזעסען א שעה צוויי און מיטיע'ן איז גרינגער געווארען. דערפאר האט אבער פּאוועל פּעטראוויטש מיט זיין גאנצער נשמה פיינט געקראגען באזאראוו'ן. ער האט איהם געהאלטען פאר א בעל־גאוה, פאר א גראבען יונג, פאר א ציניקער, פאר א פּלעבעער; ער האט חושד געווען, אז באַ־זאראוו האט פאר איהם קיין דרך־ארץ ניט, אז ער פאראכט איהם כמעט, איהם — פּאוועל קירסאנאוו! ניקאלאי פּעטראוויטש האט זיך אביסעל געשראקען פאר דעם יונגען „ניהיליסט" און האט גע־צווייפעלט, אויב זיין ווירקונג אויף ארקאדי'ן וועט איהם גוטעס טאן, פונדעסטוועגען פלעגט ער איהם אויסהערען מיט פארגעניגען און פלעגט בייוואוינען זיינע עקספּערימענטען אין כעמיע און פי־זיק. באזאראוו האט געבראכט מיט זיך א מיקראסקאפּ און ער פלעגט זיך מיט איהם אפּגעבען שעה'ן גאנצע. די דינער האבען זיך אויך צוגעבונדען צו איהם, ער פלעגט זיך אפילו וויצלען איבער זיי: זיי האבען אבער פארט געפיהלט, אז ער איז זייער גלייכען—ניט קיין פריץ. אויך דוניאשא פלעגט לאכען צו איהם און פלעגט פון

דער זייט קוקען אויף איהם, ווען זי פלעגט פארביילויפען ווי א פויגעלע. פיאטר איז געווען א מענש מיט שטענדיג אנגעצויגענע קנייטשען אויפ'ן שטערן, א גרויסער עגאאיסט און א נאר; זיין גאנצע ווירדע איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האט העפליך געקוקט, האט געלייענט זילבענווייז און אפט געפוצט זיין פראק. אבער אויך ער פלעגט אויפשיינען פאר פרייד, ווי נאר באזאראוו פלעגט איהם שענקען אויפמערקזאמקייט. די איינגלאך פון הויף פלעגען נאכלויפען דעם דאקטאר ווי היגטעלאך. דער איינציגער וואס האט איהם פיינט געהאט איז געווען פראקאפיטש. מיט א ברוגז'דיגען פנים פלעגט ער איהם צוטראגען דאס עסען צום טיש. ער פלעגט איהם אנרופען „שינדער" און „כיטרער" און האט פארזיכערט, אז באזאראוו מיט זיינע באקענבארדען קוקט אויס ווי אז אמת'ער חזיר אין א בוש... פראקאפיטש איז געווען אן אריסטאקראט אויף זיין שטייגער, ניט ערגער פון פאוועל פעטראוויטש'ן.

עס זיינען אנגעקומען די בעסטע טעג פון יאהר — די ערשטע טעג פון יוני. דער וועטער איז געווען א וואונדערבארער. אמת, מ'האט געהערט, אז די כאליערא האט זיך שוין ווידער באוויזען, אבער די איינוואוינער האבען זיך שוין צוגעוועהנט צו איהרע באזוכען. באזאראוו פלעגט אויפשטעהן גאנץ פריה און פלעגט זיך לאזען געהן א צוויי דריי ווארסט, ניט שפאצירען — א שפאציר אהן א צוועק האט ער פיינט געהאט. ער פלעגט זיך אוועקלאזען קלייבען גראזען און כאפען פליגען. אמאל פלעגט ער מיט זיך מיטנעמען ארקאדיי'ן. אויף זייער צוריקקעהר פלעגט זיך ביי זיי געוועהנליך פארבינדען א ויכוח און ארקאדי פלעגט געוועהנליך באזיגט ווערען, כאטש ריידען פלעגט ער מעהר ווי זיין חבר.

איינמאל האבען זיי זיך אביסעל פארזאמט. ניקאלאי פעטראוויטש איז זיי ארויס אנטקעגען אין גארטען, און צוקומענדיג צום זומער־גערטענדעל, האט ער פלוצלונג דערהערט גיכע טריט און די שטימען פון די צוויי יונגע חברים. זיי זיינען געגאנגען אויף דער אנדער זייט פון גערטענדעל און זיי האבען איהם ניט געקענט זעהן.

— דו קאנסט דעם טאטען ניט גענוג, — האט ארקאדי גע־
זאגט.

ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך באהאלטען.

— דיין פאטער איז זעהר א וואוילער, — האט באזאראוו גע־
ענטפערט. — ער איז שוין אבער אן אפגעלעבטער מענש, ער האט
שוין זיין לידעל אפגעזונגען.

ניקאלאי פעטראוויטש האט אנגעשטעלט די אויערען... אר־
קאדי האט גארניט געענטפערט.

דער „אפגעלעבטער מענש" איז געשטאנען א צוויי מינוטען
אומבאוועגליך. נאכדעם האט ער זיך לאנגזאם אוועקגערוקט
אהיים.

— מיט דריי טעג צוריק, איך גיב א קוק — ערשט ער לייענט
פושקינ'ען, — האט באזאראוו ווייטער גערעדט. — ערקלער איהם,
איך בעט דיך, אז דאס טויג אויך אויף כפרות. ער איז דאך ניט
קיין אינגעלע: שוין צייט אוועקצעווארפען די נארישקייטען. א
פארלאנג פון א מענשען צו זיין א ראמאנטיקער היינטיגע צייטען!
גיב איהם עפעס א וויכטיגען בוך צו לייענען.

— וואס זאל איך איהם געבען? — האט ארקאדי געפרעגט.

— איך דענק, אז פריהער פון אלץ זאלסטו איהם געבען ביוכ־
נער'ס „שטאף אונד קראפט".

— איך דענק אויך אזוי, — האט ארקאדי איינשטימיג בא־
מערקט, — „שטאף אונד קראפט" איז געשריבען אין א פאפולערער
שפראך...

אין דעמזעלבען טאג, נאכמיטאג, האט ניקאלאי פעטראוויטש,
זיצענדיג ביי זיך אין קאבינעט, געזאגט צו זיין ברודער:

— אט וואס מיר ביידע זיינען: מיר געהערען צו די אפגע־
לעבטע מענשען. אונזער לידעל איז שוין אפגעזונגען. נו, וואס?
ס'קען זיין, אז באזאראוו איז גערעכט, איך מוז זיך אבער מודה זיין,
אז מיר פארדריסט פאר איין זאך נאר: איך האב אלץ געהאפט,
אז איך וועל זיך קענען צוזאמענקומען מיט ארקאדיין ענגער און
פריינדליכער, צום סוף קומט גאר אויס, אז איך בין געבליבען פון

הינטען און ער איז אוועק ווייטער, און מיר קענען מעהר איינער דעם צווייטען ניט פארשטעהן.

— פארוואס איז ער עפעס ווייטער אוועק? און מיט וואס אונטערשיידט ער זיך אזוי פון אונז? — האט פאוועל פעטראוויטש אומגעדולדיג אויסגערופען. — דאס אלץ האט דער ניהיליסט איהם אין קאפ אריינגעהאקט. איך קען ניט אנקוקען אט דעם דאקטאר'ל. נאך מיין מיינונג נאך, איז ער א שארלאטאן. איך בין זיכער, אז מיט אלע זיינע זשאבעס איז ער אפילו אין דער פיזיק ווייס ניט פארגאנגען.

— ניין, ברודער, זאג עס ניט: באזאראוו איז קלוג און גע־בילדעט.

אך, וואס פאר א מיאוס'ער עגאאיזם! — האט פאוועל פעטרא־וויטש ווידער איבערגעשלאגען.

— יא, — האט ניקאלאי פעטראוויטש באמערקט. — ער איז אן עגאאיסט, אבער אהן דעם געהט עס אפנים ניט. נאר אט וואס איך קאן ניט פארשטעהן: דאכט זיך אז איך טו אלץ, כדי ניט אפצושטעהן פון דער צייט: איך האב די פויערים פארזאגט, איך האב איינגעפיהרט א פארם, אין דער גאנצער גובערניע שם איך פאר א „רויטען". איך לייען, איך לערען זיך, איך זוך אין אלגע־מיין נאכצוקומען אלע היינטיגע פאדערונגען, — און זיי זאגען, אז מיין לידעל איז אפגעזונגען. אך, ברודער! איך הויב שוין אליין אויך אן צו דענקען, אז זי איז אפגעזונגען.

— פאר וואס?

— אט פאר וואס: היינט זיץ איך אזוי און לייען פושקינ'ען... איך געדענק, די „ציגיינער" האב איך גראד אויפגעמישט... פלוצ־לונג קומט צו מיר צו ארקאדי מיט אזא ליבליכען באדויערענדען פנים און שווייגענדיג שטיל האט ער ביי מיר דאס בוך צוגענומען, ווי פון א קינד, און האט לעבען מיר אוועקגעלעגט אן אנדערן, א דייטשען... ער האט א שמייכעל געטאן און איז אוועקגעגאנגען און פושקינ'ען האט ער אוועקגעטראגען.

— אזוי! וואס פאר א בוך האט ער דיר געגעבען?

— אט דעם, א.

און ניקאלאי פעטראוויטש האט ארויסגענומען פון דער הינ־טערשטער קעשענע פון זיין ראק ביוכנער'ס באוואוסטע בראשורע פון דער ניינטער אויפלאגע.

פאוועל פעטראוויטש האט דעם בוך א דרעה געטאן אין די הענט.

— הם! — האט ער א בורטשע געטאן. — ארקאדי ניקא־לאיעוויטש זארגט פאר דיין ערציהונג. נו, וואס, האסטו געפרובירט לייענען?

— איך האב געפרובירט.

— נו, ווי געהט עס?

— אדער איך בין נאריש, אדער דאס זיינען נארישקייטען. מסתמא בין איך נאריש.

— דו האסט נאך דייטש ניט פארגעסען? — האט פאוועל פעטראוויטש געפרעגט.

— איך פארשטעה דייטש.

פאוועל פעטראוויטש האט ווידער דעם בוך א דרעה געטאן אין די הענט און האט פון אונטער'ן שטערן א קוק געטאן אויפ'ן ברודער. זיי האבען ביידע געשוויגען.

— יא, וואס האב איך דיר געוואלט זאגען, — האט ניקאלאי פעטראוויטש אנגעהויבען, וועלענדיג, קענטיג, איבערבייטען דעם געשפרעך. — איך האב ערהאלטען א בריף פון קאליאזינ'ען.

— פון מאטוועי איליטש?

— יא, פון איהם. ער איז געקומען אין... צו מאכען א רעוויזיע אין דער גובערניע. ער האט איצט אנגעהויבען שפּילען א ראלע, און ער שרייבט, אז ער וואלט זיך וועלען זעהן מיט זיינע קרובים, און ער לאדט אונז אלעמען איין צו קומען אין שטאדט.

— וועסטו פאהרען? — האט פאוועל פעטראוויטש געפרעגט.

— ניין. און דו?

— איך וועל אויך ניט פאהרען. עס לוינט מיר טאקע צו

שלעפּען זיך פופציג מייל, כדי צו עסען זויערס. מאטוויי וויל זיך פאר אונז באווייזען אין זיין גאנצען רוהם. כאפּט איהם דער טייוועל! ער וועט האבען גענוג אהן אונז אויך. א גרויסע זאך צו זיין א געהיימראט! ווען איך וואלט ניט ארויס פון דינסט און וואלט ווייטער געצויגען דעם נארישען סארט לעבען, וואלט איך שוין איצט געווען א גענעראל־אדיוטאנט. נאר וואס איז דא צו ריי־דען: מיר זיינען דאך שוין אפּגעלעבטע מענשען.

— יא, ברודער. דוכט זיך, אז עס איז שוין צייט אז ארון צו באשטעלען און די הענט אין א צלם פארלעגען אויפ׳ן הארצען, — האט ניקאלאי פּעטראוויטש באמערקט מיט א זיפץ.

— נו, איך וועל זיך אזוי גיך ניט אונטערגעבען, — האט דער ברודער געזאגט. — איך וועל זיך נאך מיט דעם דאקטאר צוזא־מענכאפּען. איך פיהל עס.

דער צוזאמענשטויס איז טאקע פארגעקומען אין דעם זעלבען אווענד ביים טהע טריקענן. פּאוועל פּעטראוויטש איז אראפּגעקומען אין גאסט־צימער גרייט צום קאמף, אז אויפגערעגטער און אז אנט־שיידענער. ער האט נאר געווארט אויף א געלעגענהייט, כדי ארויפ־צוווארפען זיך אויפ׳ן שונא, און ער האט לאנג ניט געדארפט ווארטען. באזאראוו האט, אין אלגעמיין ווייניג גערעדט אין דער אנוועזענהייט פון די „אלטינקע קירסאנאווס״ (אזוי האט ער אנ־גערופען די ביידע ברידער), אחוץ דעם איז ער נאך אין אט דעם אווענד ניט אויפגעלעגט געווען און ער האט שווייגענדיג געטרונ־קען איין גלאז טהע נאך דער צווייטער. פּאוועל פּעטראוויטש האט געברענט פון אומגעדולד. ענדליך האט ער זיך דערוואַרט.

מ׳האט גערעדט וועגען א דערבייאיגען גוטבאזיצער.

— א גארנישט אן אריסטאקראטעל״, — האט באזאראוו גלייכ־גילטיג באמערקט. ער פלעגט איהם באגעגענען אין פּעטערבורג.

— ערלויבט מיר אייך פרעגען, — האט פּאוועל פּעטראוויטש אנגעהויבען און זיינע ליפּען האבען געציטערט. — נאך אייערע רייד קומט אויס, אז „גארנישט״ און „אריסטאקראט״ איז איינס און דאס זעלבע.

— איך האב געזאגט אז „אריסטאקראטעל“, — האט באזאראוו געענטפערט, פויל טרינקענדיג זיין טהע.

— אמת, איך פארשטעה אבער, אז אייער מיינונג איבער אריס־טאקראטען איז דערזעלבער, וואס איבער אריסטאקראטלאך. איך האלט פאר מיין פליכט צו לאזען אייך וויסען, אז איך בין מיט אייך ניט איינפארשטאנען. איך וואג צו זאגען, אז אלע קאנען מיך פאר א ליבעראלען מענשען, פאר איינעם וואס ליבט דעם פראגרעס, און דערפאר טאקע אכט איך אריסטאקראטען — אמת ע. דערמאנט זיך נאר, געעהרטער הערר, (ביי די ווערטער האט באזאראוו אויפ־געהויבען זיינע אויגען צו פאוועל פעטראוויטש׳ען). דערמאנט זיך נאר, געעהרטער הערר, — האט ער איבערגע׳חזר׳ט מיט פארביטער־רונג, — אויף די ענגלישע אריסטאקראטען. זיי טרעטען נים אפ אויף א האר פון זייער רעכט, און דעריבער אכטען זיי אויך יענעמס רעכט. זיי פאדערן, אז יענער זאל ערפילען זיינע פליכטען צו זיי, און דעריבער ערפילען זיי אויך זייערע פליכטען. די אריס־טאקראטיע האט ענגלאנד די פרייהייט געגעבען, און זי שטיצט איהר.

— מיר האבען שוין דאס לידעל געהערט א סך מאל, — האט באזאראוו געענטפערט, — אבער וואס ווילט איהר מיט דעם דער־ווייזען?

— איך וויל מיט דעם דערווייזען, געעהרטער הערר, אז אהן א געפיהל פון זעלבסטווירדע, אהן אכטונג צו זיך אליין — און ביי דעם אריסטאקראט זיינען אט די געפיהלען אנטוויקעלט, קאן קיין פעסטער פונדאמענט ניט זיין... bien public אין דער גע־זעלשאפטליכער געביידע. די פערזענליכקייט, געעהרטער הערר, איז דאס וויכטיגסטע. די מענשליכע פערזענליכקייט דארף זיין שטארק ווי א פעלז, ווייל אלץ ווערט געבוים אויף איהר. איך וויים זעהר גוט, אז אלע מיינע געוואוינהייטען, צום ביישפיעל, זעהען ביי אייך אוים קאמיש: מיין קליידען זיך, מיין ריין־האלטען זיך, אבער דאס אלץ נעמט זיך ביי מיר פון זעלבסטאכטונג, פון א פליכט־געפיהל; יא, יא, פון א פילכט. איך וואוין אויפ׳ן דארף,

אפגעזונדערט פון מענשען. איך האב זיך אבער ניט אפגעלאזען, איך רעספעקטיר אין מיר דעם מענשען.

— ערלויבט מיר, פאוועל פעטראוויטש, — האט באזאראוו געזאגט. — איהר רעספעקטירט זיך אליין און איהר זיצט מיט צו־נויפגעלעגטע הענט. וואס פאר א נוצען ברענגט איהר מיט דעם דער געזעלשאפט? ווען איהר וואלט זיך ניט רעספעקטירט, וואלט איהר אויך עפעס געטאן.

פאוועל פעטראוויטש איז בלייך געווארען.

— דאס איז א גאנץ אנדער פראגע. מיר קומט איצט ניט אויס צו דערקלערען אייך, פארוואס איך זיץ מיט צונויפגעלעגטע הענט, ווי איהר ערלויבט זיך אויסצודריקען. איך וויל נאר זאגען, אז אריסטאקראטיזם איז א פרינציפ, און אהן פרינציפען קאנען לעבען אין אונזערע צייטען בלויז אוממאראלישע און גארנישט'דיגע מענ־שען. איך האב דאס געזאגט ארקאדיי'ן אויפ'ן צווייטען טאג, ווען ער איז געקומען, און איצט זאג איך עס אייך. ניט אמת, ניקאלאי?

ניקאלאי פעטראוויטש האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ.

— אריסטאקראטיזם, ליבעראליזם, פראגרעס, פרינציפען, — האט באזאראוו געזאגט. — אד, וויפיעל אויסלענדישע און נוצלאזע ווערטער! א רוס דארף זיי אפילו פאר אומזיסט ניט האבען.

— וואס דען דארף ער, לויט אייער מיינונג? אז מען זאל זיך צוהערען צו אייך קומט אויס, אז מיר געפינען זיך אויסער דער מענשהייט, אויסער איהרע געזעצען. איך בעט אייך, די לאגיק פון דער געשיכטע פאדערט...

— צו וואס דארפען מיר די לאגיק? מיר וועלען זיך באגעהן אהן איהר.

— וואס הייסט?

— אזוי איז עס. איך גלויב, אז איהר נויטיגט זיך ניט אין לאגיק, כדי אריינצולעגען א שטיקעל ברויט אין מויל, ווען איהר זייט הונגעריג. צו וואס טויגען אונז די אבסטראקציעס?

פאוועל פעטראוויטש האט פאנאנדערגענומען די הענט.

— איך הויב אייך ניט אן צו פארשטעהן. איהר באליידיגט

דאס רוסישע פאלק. איך פארשטעה ניט, ווי אזוי מען קאן ניט אנערקענען פרינציפען, געזעצען? אין דעם נאמען פון וואס ווירקט איהר?

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט, פעטער. — האט זיך אר־קאדי אריינגעמישט, — אז מיר אנערקענען ניט קיין אויטאריטעטען.

— מיר ווירקען אין דעם נאמען פון דאס, וואס מיר אנערקע־נען פאר נוצליך, — האט באזאראוו ווייטער געזאגט. — אין די איצטיגע צייטען איז ניצליכער פון אלץ דאס אפלייקענונג — און מיר לייקענען אפ.

— אלץ?

— אלץ.

— וואס? ניט נאר לייקענט איהר די קונסט, די פאעזיע... נאר אויך... עס איז שרעקליך ארויסצוזאגען...

— אלץ" — האט באזאראוו איבערגעחזר'ט מיט אן אומבא־שרייבליכער רוהיגקייט.

פאוועל פעטראוויטש האט אויף איהם אויסגעגלאצט א פאר אויגען. ער האט דאס ניט ערווארט, און ארקאדי איז אזש רויט געווארען פאר נחת.

— ערלויבט פונדעסטוועגען, — האט ניקאלאי פעטראוויטש זיך אריינגעמישט. — איהר לייקענט אלץ אפ, אדער, בעסער געזאגט, איהר צושטערט אלץ... מ'דארף דאך אבער אויך בויען.

— דאס איז שוין ניט אונזער זאך... פריהער פאר אלץ דארף מען דעם ארט אפרייניגען.

— דער היינטיגען צושטאנד פון פאלק פאדערט עס, האט ארקאדי צוגעגעבען מיט וויכטיגקייט. — מיר מוזען ערפילען די פאדערונגען און מיר האבען קיין רעכט ניט צו באפרידיגען אונזער פערזענליכען עגאאיזם.

אט די לעצטע פראזע איז באזאראוו'ן, קענטיג, ניט געפעלען געווען. עס האט געוועהט פון איהר מיט פילאזאפיע, דאס הייסט, ראמאנטיזם, ווייל באזאראוו האט די פילאזאפיע אויך אנגערופען

ראמאנטיזם; ער האט אבער ניט געפונען פאר נויטיג אפצוליי־
קענען די באהויפטונג פון זיין אייגענעם תלמיד.

— ניין, ניין! — האט פאוועל פעטראוויטש פלוצלונג אויס־
געשריען. — איך וויל ניט גלויבען, אז איהר, מיינע העררען, פאר־
שטעהט ריכטיג דאס רוסישע פאלק; אז איהר זיינט די פארשטע־
הער פון זיינע פאדערונגען, פון זיינע שטרעבונגען! ניין, דאס רו־
סישע פאלק איז ניט אזוי, ווי איהר שטעלט זיך איהם פאר. היי־
ליג זיינען ביי איהם די טראדיציעס, ער איז א פאטריארכאלישער,
ער קאן ניט לעבען אהן א גלויבען...

— איך וועל זיך מיט אייך ניט שפארען אביער דעם, — האט
באזאראוו איבערגעשלאגען, — איך בין גרייט צוצוגעבען, אז אין
דעם האט איהר רעכט.

— און אויב איך האב רעכט...

— פונדעסטוועגען דערוייזט עס גארניט.

— דערפאר טאקע דערוייזט עס גארניט, — האט ארקאדי אי־
בערגע'חזר'ט מיט דער זיכערהייט פון א געאיבטען שאכמאטיסט,
וועלכער האט פאראויסגעזעהן דעם שיינבאר־גוטען גאנג פון זיין
געגנער, און דעריבער איז ער ניט נתפעל געווארען.

— וואס הייסט, עס דערווייזט גארנישט? — האט פאוועל
פעטראוויטש ארויסגעזאגט א פארוואונדערטער. — אויב אזוי,
געהט איהר דאך נעגען אייער פאלק!

— און ווען אפילו אזוי? — האט באזאראוו אויסגערופען, —
ווען עס דונערט, מיינט דאס פאלק אז דאס פאהרט ארום אליהו
הנביא אין הימעל אויף זיין רייטוואגען. דעריבער איז וואס? דארף
איך אויך אזוי מיינען? ער איז דאך א רוס; נו, און איך בין דען
ניט קיין רוס!

— ניין, לויט ווי איהר האט נאר וואס גערעדט, קאן איך אייך
ניט אנערקענען פאר א רוס.

— מיין זיידע האט די ערד געאקערט, — האט באזאראוו מיט
שטאלץ געענטפערט. — פרעגט ווען איהר ווילט נאר פון איי־
ערע פויערים, וועמען פון אונז ביידען וועט ער גיכער אנערקענען

פאר א לאנדסמאן. איהר קאנט דאך אפילו מיט זיי ניט ריידען.

— און איהר רעדט מיט זיי און פאראכט זיי אויך אין דערזעל־בער צייט.

— און ווי איז. אז ער פארדינט פאראכטונג? אייך געפעלט ניט מיין ריכטונג. — אבער ווער האט אייך געזאגט, אז זי איז געקומען צו מיר צופעליג. אז זי איז ניט אבויסגערופען געווארען טאקע פון יענעם פאלקס־גייסט, וועלכען איהר באקעמפט אזוי?

— וואס הייסט! מ'דארף טאקע זעהר נויטיג ניהיליסטען!

— אויב מ'דארף זיי, אדער ניט, איז ניט פאר אונז צו באשליסען. איהר האלט דאך זיך אויך ניט פאר א נוצלאזען.

— זייט אזוי גוט, איך בעט אייך, און ווערט ניט צו פערזענ־ליך! — האט ניקאלאי פעטראוויטש אויסגערופען און האט זיך אויפגעהויבען.

פאוועל פעטראוויטש האט א שמייכעל געטאן, און ארויפלע־גענדיג די האנט אויף זיין ברודערס פלייצע, האט ער איהם גע־צוואונגען זיך ווידער צו זעצען.

— זיי רוהיג, — האט ער געזאגט, — איך וועל זיך ניט פאר־לירען, טאקע צוליב יענעם ווירדע־געפיהל, פון וועלכען דער הערר... דאקטאר לאכט אזוי. ערלויבט, — האט ער ווייטער גערעדט, ווענ־דענדיג זיך צו באזאראוו'ען, — איהר מוזט מיינען, אז אייער לעהרע איז א נייעס? אומזיסט שטעלט איהר זיך אזוי פאר. דעם מאַ־טעריאליזם, וועלכען איהר פרעדיגט, האט מען שוין ניט איינמאל אנגעווענדט און יעדעס מאל האט ער זיך ארויסגעוויזען באנקראט...

— ווידער אן אויסלענדיש ווארט! — האט באזאראוו איבער־געשלאגען. ער האט אנגעהויבען אין כעס ווערען און זיין פנים האט באקומען א קופערנעם און גראבען קאליר, — ערשטענס, פּר־עדיגען מיר ניט; דאס איז ניט אונזער געוואוינהייט.

— וואס דען טוט איהר?

— אט וואס מיר טוען: פריהער, ניט לאנג צוריק, פלעגען מיר זאגען, אז אונזערע באאמטע נעמען כאבאר, אז מיר האבען ניט, ניט קיין וועגען, ניט קיין האנדעל, ניט קיין גערעכטען משפט...

— נו, יאַ, יאַ! איהר זייט אַנקלעגער. אַזוי, דאַכט זיך, רופט זיך עס. מיט אַ סך פון אייערע באַשולדיגונגען בין איך איינפאַר־שטאַנען, אָבער...

— און נאָכדעם האָבען מיר איינגעזעהן, אַז ריידען, בלויז ריי־דען פון אונזער מכות, איז אַז אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט, אַז דאָס פיהרט נאָר צו אויסגעדראָשענע טעאָריען. מיר האָבען איינגעזעהן, אַז מיר פאַרנעהמען זיך מיט נאַרישקייטען, מיר ריידען וועגען אַ קונסט פון אַן אומבאַוואוסטע שאַפען, וועגען פאַרלאַמענטאַריזם, וועגען אַדוואָקאַטור, און דער טייוועל ווייס פון וואָס נאָך, אין אַ צייט, ווען עס איז אַ פראַגע פון האָבען אַ שטיקעל ברויט אויף אַלע טאָג, אין אַ צייט, ווען אַ ווילדער אָבערגלויבען ווערגט אונז, ווען אַלע אונזערע אַקציאָנערען געזעלשאַפטען פּלאַצען נאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבען ניט גענוג אָרענטליכע מענשען. עס האָט קיין ווערט ניט די גאַנצע פרייהייט, פאַר וועלכער עס זאָרגט אונזער רעגירונג, ווייל אונזער פויער איז גרייט זיך אַליין צו באַגנבֿ'ענען, פאַר אַ טרונק בראַנפען.

— אַזוי, — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש איבערגעשלאָגען, — אַזוי, איהר זייט אין אַט דעם אַלץ איבערצייגט, און איהר האָט באַ־שלאָסען, אַז איהר זאָלט זיך צו קיין זאַך ניט נעמען ערנסט.

— און מיר האָבען באַשלאָסען צו קיין זאַך זיך ניט נעמען, — האָט באַזאַראָוו בייז איבערגע'חזר'ט. ס'האָט איהם פּלוצלונג פאַר־דראָסען אויף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי ברייט פונאַנ־דערגערעדט פאַר אַט דעם פּריץ.

— און נאָר זידלען זיך?

— זאָל זיין זידלען זיך.

— און דאָס רופט זיך אַן ניהיליזם?

— און דאָס רופט זיך אַן ניהיליזם, — האָט באַזאַראָוו ווידער איבערגע'חזר'ט. דאָס מאָל האָט זיך שוין געפיהלט חוצפּה אין זיין טאָן.

פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט זיינע ברעמען עטוואָס צוזאַמענגע־צויגען.

— אזוי גאר! — האט ער מאדנע ארויסגעזאגט מיט א רוהיגער שטימע. דער ניהיליזם דארף ארויסשלעפען פון אלע צרות; און איהר, איהר זייט עס אונזערע העלדען. אבער פארוואס פארדאמט איהר אנדערע, טאקע יענע באשולדיגער? איהר קומט דען ניט אפ מיט ריידען אזוי ווי אלע?

— מיר זיינען אפשר שולדיג אין עפעס אנדערש, אבער פון דער זינד זיינען מיר ריין, — האט באזאראוו א זאג געטאן צווישען די ציינער.

— היינט וואס דען? איהר טוט עפעס, וואס? איהר קלייבט זיך וואס עס איז צו טאן?

באזאראוו האט גארניט געענטפערט. פאוועל פעטראוויטש האט א ציטער געטאן, נאר ער האט זיך באלד באהערשט.

— הם!... טאן, ברעכען... — האט ער ווייטער גערעדט. — ווי אזוי קען מען אבער ברעכען, ניט וויסענדיג אפילו פאר וואס?

— מיר ברעכען דערפאר, ווייל מיר זיינען א מאכט, — האט ארקאדי באמערקט.

פאוועל פעטראוויטש האט א קוק געטאן אויף זיין פלימעניק און האט א שמייכעל געטאן.

— יא, א מאכט גיט ניט אפ קיין חשבון, — האט ארקאדי ווייטער געזאגט, און ער האט זיך אויסגעגלייכט.

— אומגליקליכער! — האט פאוועל פעטראוויטש אויסגעשריען. ער האט זיך שוין מעהר ניט געקאנט קאנטראלירען. — ווען דו וואלסט כאטש א טראכט געטאן: אין רוסלאנד טראגסטו זיך ארום מיט אזעלכע אומזיניגע געדאנקען! ניין, דאס קאן אפילו א מלאך פון געדולד ארויסברענגען! מאכט! אין ווילדען קאלמיק און אויך אין דעם מאנגאל איז פאראן א מאכט — אבער צו וואס דארפען מיר איהר? — אונז איז טייער די ציוויליזאציע. יא, יא, געעהרטער הערר, אונז זיינען טייער איהרע פרוכט. און זאגט מיר ניט, אז אט די פרוכט האט קיין ווערט ניט: דער ביליגסטער שרייבערל, ועמען מ'גיט פינף קאפיקעס פאר אן אוונט — אפילו יענע ברענגען מעהר נוצען פון אייך, ווייל זיי זיינען די פארשטעהער

פון ציוויליזאציע און ניט פון וואולגארער מאנגאלישער מאכט! איהר האלט זיך פאר די פארטגעשריטענע, און אין דער אמת'ן איז אייער פלאץ אין א קאלמיקען גנעצעלט! מאכט! איהר דארפט ניט פארגעסען, איהר הערען גבורים, אז איהר זייט אין גאנצען פיער און א האלב מענשען, און יענע זיינען אין די מיליאנען, וועל־כע וועלען אייך ניט לאזען טרעטען מיט די פיס זייער הייליגע גלויבען, זיי וועלען אייך צוקוועטשען!

— אויב זיי וועלען צוקוועטשען, איז פארפאלען, — האט באַ־זאראוו געענטפערט. — ס'איז אבער נאך ווייט ניט אזוי. מיר זיי־נען נארניט אזוי ווייניג, ווי איהר מיינט.

— ווי? איהר מיינט אהן שפאס, אז איהר וועט בייקומען דאס גאנצע פאלק?

— איהר ווייסט: פון א קאפיקענער ליכטעל איז מאסקווע אפ־געברענט געווארען, — האט באזאראוו א זאג געטאן.

— אזוי, אזוי. פריהער קומט כמעט־טייוועלשע גאוה, דערנאך חוזק־מאכעריי. אט מיט וואס עס קוויקט זיך די יונגוואַרג; אט וואס עס פארכאפט די אומערפאהרענע הערצער פון די אינגלאך! אט ניט א קוק: איינער פון זיי זיצט דא נעבען אייך, ער פאר־געטערט דאך אייך כמעט, איהר קענט קלייבען נחת (ארקאדי האט זיך אפגעקערט און אנגע׳ברוגז׳ט). און אט די אנשיקענעש האט זיך שוין ווייט פארשפרייט. מ'האט מיר דערצעהלט וועגען אונ־זערע מאהלער אין רוים, אז זייער פוס קומט ניט אין וואטיקאן. ראפאעל'ן האלטען זיי כמעט פאר א נאר, ווייל דאס איז, פאר־שטעהט איהר מיך, אויטאריטעט. און אליין זיינען זיי אזעלכע גאר־נישט'דיגע, פרוכטלאזע. זייער פאנטאזיע קלעקט קוים אויסצומאלען „א מיידעל לעבען פאנטאן"—און וויטער ניט פון ארט, כאטש נעהם און צוריים זיך! און אויפגעמאלען איז די מיידעל זעהר שלעכט. נאך אייער מיינונג קומט אויס, אז זיי זיינען גאנצע קנאקערס, ניט אמת?

— נאך מיין מיינונג נאך, — האט באזאראוו געזאגט, — איז

ראפאעל קיין קופערנעם גראשען ניט ווערט, און זיי זיינען אויך ניט בעסער פון איהם.

— בראווא! בראווא! הער זיך איין, ארקאדי... אט ווי אזוי מאדערנע מענשען דארפען זיך אויסדריקען! און פארוואס זאלען זיי טאקי ניט זיין אייערע נאכפאלגער! פריהער פלעגען זיך יונגע לייט מוזען לערנען, עס האט זיך ניט געוואלט בלייבען אומוויסענד, פלעגען זיי זיך מיט געוואלט אנשטרענגען, און איצט דארפען זיי נאר א זאג טאן: „אלץ איז נארישקייט!", און זיי זיינען שוין יוצא. יונגעלייט האבען זיך דערפרעהט. און טאקע פארוואס ניט? פריהער זיינען זיי געווען גראבע יונגען, און איצט זיינען זיי מיט אמאל געווארען ניהיליסטען.

— איהר זעהט, אייער לויבענסווירדיגער געפיהל פון זעלבסט־ווירדע האט אייך פארראטען, — האט באזאראוו פלעגמאטיש באמערקט, און ארקאדי איז געווארען אן אנגעצונדענער, זיינע אויגען האבען אנגעהויבען ברענען... — אונזער ויכוח איז אביסעל צו ווייט אוועק... ס׳איז, דאכט זיך, בעסער אויפצוהערען... און איך וועל דעמאלט זיין געגרייט אונטערצוגעבען זיך — האט ער צוגעגעבען אויפשטעלענדיג זיך, ווען איהר וועט מיר קענען אנווייזען באטש אויף איין איינפיהרונג אין אונזער היינטיגען געזעלשאפטליכען אדער פאמיליען לעבען, וואס זאל ניט ארויסרופען אן אום׳ברחמנות־דיגע אפלייקענונג.

— איך וועל אייך אנווייזען אויף מיליאנען אזעלכע איינפיה־רונגען, — האט פאוועל פעטראוויטש אויסגערופען, — מיליאנען, אט באטש נעמט, צום ביישפיעל, די געמיינדע.

א קאלטער שמייכעל האט באזאראוו׳ס ליפען פארקרימט. — נו, וואס ס׳איז שייך דער געמיינדע, — האט ער געזאגט, — איז רעדט זיך בעסער דורך ווענען דעם מיט אייער ברודער. איצט האט ער, דאכט זיך, אויסגעפונען אויף אן אמת, וואס עס איז אזוינס די געמיינדע, גענענזייטיגע התחייבות׳ן, ניכטערקייט און נאך אזעלכע שעהנע זאכען.

— די פאמיליע, ענדליך. די פאמיליע, אזוי ווייט ווי זי איז

ביי אונזערע פויערים! — האָט פּאַוועל פּעטראָווישט אויסגעשריען.

— איך דענק, אַז פאַר אייך אַליין וואָלט בעסער געווען, ווען איהר זאָלט אויך אין אָט דער פראַגע ניט פאַנאַנדערקלייבען זיך אין איינצעלהייטען. איהר האָט, מסתמא, געהערט וועגען די באַציהונגען צווישען די טאַטעס מיט די שניר? פאָלגט מיר, פּאַוועל פּעטראָוויטש, נעמט זיך צוויי טעג צייט. איך צווייפעל, אויב איהר וועט קענען איצט עפּעס אויסגעפינען. דענקט איבער נאָך אַמאָל וועגען אונזערע קלאַסען, פאַרטראַכט זיך גוט איבער יעדענס, און דערוויל וועל איך מיט אַרקאַדי'ן...

— חוזק מאַכען פון אַלעמען! — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש אונטערגעכאַפּט.

— ניין, זשאַבעם שניידען. לאָמיר געהן, אַרקאַדי. צום ווידערזעהן, מיינע הערען!

ביידע פריינד זיינען אַרויסגעגאַנגען. די ברידער זיינען געבליבען אַליין. אין אָנהויב האָבען זיי זיך נאָר איבערגעקוקט איינער מיט'ן צווייטען.

— אָט! — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש ענדליך אָנגעהויבען. — אָט האָט איהר אונזער יוגענד! אָט זיינען זיי, אונזערע צוקינפטיגע דורות.

— צוקינפטיגע דורות! — האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש איבערגע'חזר'ט און האָט טיעף אַ זיפץ געטאָן.

פאַר דער גאַנצער צייט וואָס דער ויכוח איז אָנגעגאַנגען, איז ער געזעסען ווי אויף קויהלען. פון צייט צו צייט פלעגט ער בגנבה אַ קוק טאָן אויף אַרקאַדי'ן מיט וועהטאָג.

— דו ווייסט וואָס איך האָב זיך דערמאָנט, ברודער? איינמאָל האָב איך זיך צוקריגט מיט דער פאַרשטאָרבענער מאַמע'ן: זי האָט געשריען און האָט מיך ניט געוואָלט הערען... ענדליך האָב איך איהר געזאָגט: „אַז איהר קענט מיך ניט פאַרשטעהן! מיר באַלאַנגען צו צוויי פאַרשיידענע דורות!” זי האָט זיך שרעקליך באַליידיגט, און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: וואָס זאָל איך טאָן? דער פּיל איז ביטער, אָבער אַראָפּשלינגען איהם מוז מען. און איצט

איז געקומען אונזער רייה, און אונזערע נאכפאלגער קאנען אונז זאגען: איהר באלאנגט ניט צו אונזער דור, שלינגט דעם פיל!

— דו ביזט שוין צו ווייד און צו באשיידען, — האט פאוועל פעטראוויטש געענטפערט. — איך בין, פארקערט, זיכער, אז מיר זיינען א סך גערעכטער פון אט די הערדען, ניט קוקענדיג וואס מיר דריקען זיך אפשר אוים אין א שפראך, וואס איז שוין אביסעל פארעלטערט, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מיר האבען ניט יענע חוצפה'דיגע זעלבסט-זיכערהייט... און ווי אנגעבלאזען עס איז די היינטיגע יונגווארג! ווען דו פרעגסט איינעם: וואס פאר א ווין ווילט איהר, רויטען אדער ווייסען? „עס איז מיין געוואוינ־הייט צו טרינקען רויטען!" ענטפערט ער מיט א באס און שטעלט אן אזא פנים, פונקט ווי די גאנצע וועלט וואלט אויף איהם געקוקט בעת מעשה...

— איהר ווילט מעהר ניט קיין טהע? — האט פעניטשקע א פרעג געטאן, אריינרוקענדיג איהר קאפ אין טיר: זי האט ניט גע־וואגט אריינצוגעהן אין גאסט-צימער, אזוי לאנג ווי דער ויכוח איז אנגעגאנגען.

— ניין, דו קענסט הייסען אוועקנעמען דעם סאמאוואר, — האט ניקאלאי פעטראוויטש געענטפערט, און ער האט זיך אויפגע־הויבען איהר אנטקעגען. פאוועל פעטראוויטש האט איהם קורץ א זאג געטאן „א גוטע נאכט", און איז אוועק צו זיך אין קאבינעט.

.11

אין א האלבער שעה שפעטער איז ניקאלאי פעטראוויטש אוועק אין גארטען — אין זיין באליבטען גערטענדעל. טרויעריגע געדאנ־קען זיינען איהם באפאלען. אין אנהויב האט ער קלאר איינגעזעהן, ווי זיין זוהן דערווייטערט זיך פון איהם, ער האט פארגעפיהלט, אז מיט יעדען טאג ווערט ער איהם פרעמדער און פרעמדער. ער איז אפנים אומזיסט געזעסט ווינטער-צייט אין פעטערבורג און גע־לייענט די נייעסטע קאמפאזיציעס, אומזיסט האט ער זיך צוגעהערט

צו די רייד פון די יונגע לייט, אומזיסט האט ער זיך געפרעהט, ווען איהם איז געלונגען אויך א ווארט אריינצעוואָרפען אין זייערע היי־ציגע דעבאטען. „דער ברודער זאגט, אז מיר זיינען גערעכט“, האט ער געטראכט, „און אוועקלעגענדיג דעם עגאאיזם אז א זייט, דאכט זיך מיר אויך, אז זיי זיינען ווייטער פונ׳ם אמת, ווי מיר זיינען... און אין דערזעלבער צייט פיהל איך, אז עפּעס איז דא הינטער זיי, עפּעס אזוינס וואס מיר האבען ניט, זיי האבען עפּעס א פאָרצוג אי־בער אונז... זאל עס זיין יוגענד? ניין: ניט יוגענד אליין. צי איז עס ניט דאס, וואס ביי זיי זיינען פאראן װעניגער שפּורען פון אריסטאקראטיזם, ווי ביי אונז?“

ניקאלאי פעטראוויטש האט אראפּגעלאזט זיין קאפּ און האט זיין האנד דורכגעפיהרט איבער׳ן פּנים.

„אבער אפּלייקענען די פּאעזיע?“, האט ער זיך ווידער פאר־טראכט, „ניט פיהלען די קונסט, די נאטור?“....

און ער האט א קוק געטאן ארום זיך, ווי ער װאלט וועלען פארשטעהן, ווי אזוי מען קען עס ניט פיהלען די נאטור. עס האט שוין געטונקעלט, די זון האט זיך באהאלטען הינטער דעם קליינעם יאסנאַוועו וואלד, וועלכער איז געשטאנען א האלבען וויארסט אוועק פון גארטען: זיין שאטען האט זיך אומענדליך געצויגען דורך די אומבאוועגליכע פעלדער. א פּויערל איז לאנגזאם געפאהרען אויף א ווייסען פערדעל איבער דער טונקעלער שמאלער וועגעל, וואס ליגט הארט ביים וואלד: מ׳האט גוט געקענט זעהן אפילו זיין לאטע אויף דער פּלייצע, ניט קוקענדיג וואס ער איז געפאהרען אין שא־טען אנגענעהם האבען געגלאנצט די פיס פונ׳ם פערדעל, די זוננ־שטראלען, פון זייער זייט, האבען זיך פארקליבען אין וואלד, און דורכשלאגענדיג זיך דורך דער געדיכטעניש, האבען זיי די יאסנאַווע שטאמען באגאסען מיט אזא ווארימער ליכט, אז זיי האבען אויס־געזעהן ווי סאסנע־שטאמען, און זייערע בלעטער האבען זיך כמעט נעבלויט. און איבער זיי האט זיך אויפגעהויבען א העל־בלויער הי־מעל, דא און דארט באַרויטעלט פון דער אונטערגעהענדער זון. די שוואלבען זיינען הויך געפלויגען, קיין ווינט איז אינגאנצען ניט

געוועו. פארשפעטיגטע בינען האבען פויל און שלעפעריג געהוזשעט
אין די בעז־בלומען, ווי א זייל האבען אויסגעזעהן די פליגעלאך,
וואס האבען זיך געשטופט אויף אן איינזאמער ווייט אויסגעצויגע־
נער צווייגעל. „ווי גוט עס איז, גאט מיינער!“ האט ניקאלאי פעט־
ראוויטש א טראכט געטאן, און באליבטע פערזען זיינען איהם אויף
די ליפען געקומען: ער האט זיך דערמאנט אן ארקאדי'ס „שטאף
אונד קראפט“, און איז אנטשוויגען געווארן. ער איז אבער געבליבען
זיצען, און האט זיך ווידער אפגעגעבען צו דעם טרויעריגען און אומ־
אנגענעמען שפיל פון זיינע איינזאנמע געדאנקען. ער האט ליעב
געהאט צו חלומ'ען. דער דארפישער לעבען האט אין איהם אט די
אייגענשאפט אנטוויקעלט. ווי לאנג צוריק איז עס, אז ער האט אויך
גע'חלומ'ט, ווארטענדיג פאר זיין זוהן אין איינפאהר־הייזעל, און פון
יענער צייט אז איז שוין פארגעקומען אן ענדערונג. עס זיינען שוין
קלאהר געווארען די דעמאלטיגע נאך ניט־קלארע באציהונגען...
און ווי אזוי! זיין פארשטארבענע פרוי האט זיך איהם ווידער
פארגעשטעלט, אבער ניט אזא, ווי ער האט איהר געקאנט פאר פיעלע
יאהרען, ניט ווי א גוטע באלעבאסטע, נאר ווי א יונגע מיידעלע
מיט א דינער טאליע, מיט אן אומשולדיג־נייגיריגען קוק אין איהרע
אויגען און מיט א צאפ וואס איז געווען פעסט ארומגעדערטה ארום
איהר קינדערשער העלזעל. ער האט זיך דעמאנט ווי זי האט אויס־
געזעהן, ווען ער האט איהר דעם ערשטען מאל דערזעהן. ער איז
נאך דעמאלט א סטודענט געווען. ער האט איהר באגעגנעט אויף די
טרעפ פון זיין קווארטיר, וואו ער האט געוואוינט. ער האט איהר
ניט־ווילענדיג א שטויס געטאן. ער האט זיך אומגעקערט און זיך
געוואלט אנטשולדיגען. ער האט אבער נאר געקאנט ארויסזאגען:
“pardon monsieur” און זי האט אנגעבויגען דעם קאפ און א
שמייכעל געטאן. און מיט אמאל, עפעס אזוי ווי זי וואלט זיך
דערשראקען, איז זי אוועקגעלאפען און דארט, וואו די טרעפ פאר־
דרעהען זיך, האט זי אויף איהם גיך א קוק געטאן. איהר פנים
איז ערנסט געווארען און זי איז רויט געווארען. און שפעטער:
די ערשטע שרעקעדיגע באזוכען, האלבע ווערטער, האלבע שמייכ־

לען און אומאנטשלאסענקייט און אומעט און אויסברוכען, און ענדליך יענע פארכאפענדיגע פרייד... וואוהין האט זיך דאס אלץ אוועקגעטראגען? זי איז געווארען זיין פרוי, ער איז געווען פון די ווניגע גליקליכע אויף דער ערד... „אבער פאר וואס, האט ער געטראכט, זאלען אזעלכע פריידינע מינוטען אייביג ניט לעבען און קיינמאל ניט שטארבען?"

ער האט זיך ניט אנגעשטרענגט פאר איהם אליין קלאר צו מאכען זיין געדאנק, ער האט אבער געפיהלט, אז איהם האט זיך געוואלט אנהאלטען יענע געבענשטע צייט מיט עפעס א מעהר שטארקערע זאך, ווי מיט'ן געדאנק. איהם האט זיך געוואלט זיך ווידער דערנעהנטערען צו זיין מאריא, פיהלען איהרווארימקייט און איהר אטעם, און איהם האט זיך שוין געדאכט, ווי אויף איהם...

— ניקאלאי פעטראוויטש, — האט זיך פון דער נאהענט דערהערט פעניטשקעס קול. — וואו זייט איהר?

ער האט א ציטער געטאן. א מאדנער געפיהל האט איהם ארומגעכאפט... ער האט ניט דערלאזען אפילו די מעגליכקייט פון א פארגלייך צווישען זיין פרוי און פעניטשקען, איהם האט אבער פארדראסען, וואס איהר איז איינגעפאלען איהם אפצוזוכען. איהר קול האט איהם גלייך דערמאנט: זיינע גרויע האר, זיין אלטקייט, זיין אמת'ע... די צויבער־וועלט, אין וועלכע ער האט שוין געהאט אריינגעטראטען, וועלכע איז ארויסגעקומען פון די נעבעלדיגע וועלען פון דער פארגאנגענהייט, האט זיך א באוועג געטאן — און איז פארשוואונדען.

— איך בין דא, — האט ער געענטפערט. — איך וועל קומען, געה. „אט דאס זיינען זיי, די שפורען פון אריסטאקראטיזם", איז איהם א געדאנק דורכגעלאפען אין קאפ. פעניטשקע האט שווייגענדיג אריינגעקוקט צו איהם אין גערטענדעל און איז פארשוואונדען, און ער האט מיט פארוואונדערונג באמערקט, אז פאר דער צייט וואס ער איז אזוי געזעסען, האט זיך שוין די נאכט אנגערוקט, אלץ ארום איז פארשטילט און פארטונקעלט געווארען, און פעניטשקעס פנים האט זיך גערוקט פאר זיינע אויגען אזא בלייכער און אזא

קליינינקער. ער האט זיך אויפגעהויבען און זיך געוואלט אומקע־
רען אהיים, אבער זיין צעווייכטע הארץ האט זיך ניט געוואלט
בארוהיגען אין זיין ברוסט און ער האט לאנגזאם אנגעהויבען ארומ־
צוגעהן איז גארטען, דא קוקענדיג פארטראכט אויף דער ערד, דא
אויפהויבענדיג זיינע אויגען צום הימעל, וואו שטערען זיינען ארומ־
געפשרונגען און האבען זיך איבערגעוואונקען. ער איז לאנג ארומ־
געגאנגען, כמעט ביז מיעד ווערען, און די אומרוהיגקייט אין איהם —
עפּעס אזא זוכענדיגע און אומבאשטימטע, אז אומעטיגע, האט
זיך נאך אלץ ניט איינגעשטילט. אה, ווי באזאראוו וואלט געלאכט
פון איהם, ווען ער וואלט זיך דערוואוסט, וואס אין איהם איז דע־
מאלט פארגעקומען! ארקאדי אליין וואלט איהם אויך פאר׳משפּט...
ביי איהם, ביי דעם פיער און פערציג יאהריגען מענשען, ביי דעם
אגראנאם און באלעבאס, האבען זיך טרעהרען באוויזען, טרערען אהן
א פארוואס. דאס איז נאך הונדערט מאל ערגער געווען ווי די
וויאלאנטשעל.

ניקאלאי פּעטראוויטש האט גיט אויפגעהערט צו געהן, און
ער האט ניט געקאנט באשליסען אין הויז ארייננצוגעהן, אין אט דעם
פרידליכען און באקוועמען נעסט, וועלכער האט צו איהם אזוי
פריינדליך געקוקט מיט זיינע באלויכטענע פענסטער. ער האט
זיך ניט געקאנט שיידען מיט דעם גארטען, מיט דער פינסטער־
ניש, מיט דער פרישער לופט, וואס האט זיין פנים געגלעט, מיט
אט דעם אומעט, מיט אט דער אומרוהיגקייט.

דארט וואו די ווענגעל האט זיך פארדרעהט, האט ער באגעגענט
פּאוועל פּעטראוויטש׳ען.

— וואס איז מיט דיר? — האט ער געפרעגט ניקאלאי פּעט־
ראוויטש׳ען — דו זעהסט אויס בלייך ווי א גייסט, דו ביזט ניט
געזונט. פארוואס לעגסטו זיך ניט?

ניקאלאי פּעטראוויטש האט איהם אין עטליכע ווערטער אי־
בערגעגעבען זיינע געפיהלען און איז אוועק. פּאוועל פּעטראוויטש
איז צוגעגאנגען ביזן ענד פון גארטען און האט זיך אויך פארטראכט,
און האט אויך אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל. אבער אין זיינע

שעהנע אויגען האט זיך גארניט אפגעשפיגעלט, אויסער דער שיין פון די שטערען. ער איז ניט געבארען געווארען קיין ראמאנטיקער. זיין מיזאנטראפישע נשמה, וואס איז געווען פראנטיש טרוקען און לײדענשאפטליך, אויף דער פראנצויזישען שטייגער, האט ניט גע־קאנט חלומ׳ן.

— דו ווייסט וואס? — האט אין דערזעלבער נאכט באזאראוו געזאגט צו ארקאדי׳ן. — מיר איז איינגעפאלען א וואונדערבארער געדאנק. דיין טאטע האט היינט דערצעהלט, אז ער האט געקראגען אן איינלאדונג פון אט דעם בארימטען קרוב אייערען. דיין טאטע וועט ניט פאהרען. קום, לאמיר ביידע א פאהר טאן. ער האט דאך דיך אויך איינגעלאדען. זעהסט ס׳ארא וועטער ס׳איז דא גע־ווארען. מיר וועלען זיך דורכפאהרען, מיר וועלען אנקוקען די שטאדט, מיר וועלען פארברענגען א פינף־זעקס טעג און גענוג!

— און פון דארט וועסטו ווידער קומען אהער?

— ניין, מ׳דארף ביים טאטען אויך זיין. דו ווייסט, ער איז דרייסיג ווייארסט אוועק פון שטאדט. איך האב איהם שוין לאנג ניט געזעהן, דער מאמען אויך ניט, מ׳דארף זיי צופרידענשטעלען, זיי זיינען וואוילע מענשען, איבערהויפט דער טאטע: א פרעהליכער אלטער. איך בין ביי זיי אן איין־און־איינציגער.

— דו וועסט ביי זיי זיין לאנג?

— איך דענק אז ניט. ס׳וועט מסתמא אומעטיג ווערען.

— און צו אונז וועסטו פארפאהרען, צוריקפאהרענדיג?

— איך ווייס ניט... איך וועל זעהן. נו, בלייבט עס אזוי? מיר פאהרען.

— איך האב ניט דאגעגען. — האט ארקאדי פויל באמערקט.

אין דער אמת׳ען האט ער זיך זעהר דערפרעהט מיט זיין פריינד׳ס פארשלאג. ער האט אבער געהאלטען פאר זיין פליכט ניט ארויסצעווייזען זיין געפיהל. ניט אומזיסט איז ער דאך א ניהיליסט געווען.

אויפ׳ן צווייטען טאג איז ער מיט באזאראוו׳ן אוועקגעפאהרען.

די יונגוואַרג אין מאַרינאַ האָט ליד געטאָן זייער אָפּפאָהרען. דוניאַשאַ האָט אפילו אַ וויין געטאָן... די אַלטיטשקע, אָבער, האָבען ליכטער אָפּגעאָטעמט.

.12

די שטאָדט, וואו אונזערע חברים האָבען זיך אַוועקגעלאָזען, איז געווען אונטער דער פיהרערשאַפט פון אַ גובערנאַטאָר, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר אַ „יונגען". ער איז געווען אַ פּראָגרעסיסט און אַ דעספּאָט, וואָס דאָס באַגעגענט מען זעהר אָפט אין רוסלאַנד. שוין אין דעם ערשטען יאָהר פון זיין פיהרערשאַפט האָט ער זיך צוקריגט ניט נאָר מיט דעם גאַסט־פריינדליכען פאַרשטעהער פון די לאַנד־באַזיצער, וועלכער האָט געהאַדעוועט פערד, אַ געוועזענער שטאַבס־קאַפּיטאַן פון דער גוואַרדיע, נאָר אויך מיט זיינע אייגענע באַאַמטע. די קריגערייען זיינען ענדלאַך דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער מיניסטעריום אין פּעטערבורג האָט געפונען פאַר נויטיג צו שיקען אַן אַנפאַרטרויטען מענשען, וועלכער זאָל די זאַך אונטער־זוכען. דער גורל איז געפאַלען אויף מאַטוויי איליטש קאָליאַזין, אַ זוהן פון יענעם קאָליאַזין, אונטער וועמעס אויפזיכט עס זיינען אַמאָל געווען די ברידער קירסאַנאָוו. ער איז אויך געווען פון די „יונגע", דאָס הייסט, איהם איז ניט לאַנג צוריק געוואָרען פערציג יאָהר. ער האָט זיך שוין אָבער אויסגעצייכענט זייענדיג אַ רעגי־רונגס־מענש, און אויף יעדער זייט פון זיין ברוסט זיינען ביי איהם געהאַנגען מעדאַלען, איינער איז אפילו געווען אַן אויסלענדישער, פון די גאַנץ־געוועהנליכע. ער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ פּראָ־גרעסיסט, אַזוי ווי דער גובערנאַטאָר, וועמען ער איז געקומען משפּט׳ן, און זייענדיג אַ רעגירונגס־מענש איז ער דאָך ניט ענליך געווען צו די מעהרסטע פון זיי. ער האָט געהאַט פון זיך זעהר אַ געהויבענע מיינונג. צו זיין שטאָלצקייט איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען. ער האָט זיך אָבער געהאַלטען פּשוט, האָט פריינדליך געקוקט, אויפמערקזאַם אויסגעהערט און האָט אַזוי גוטמוטיג גע־

לאכט, אז אין די ערשטע צייטען האט ער אפילו געקאנט שם׳ען פאר א „וואוילען בחור“. אין וויכטיגע אנגעלעגענהייטען האט ער אפילו געקאנט, ווי מ׳זאגט, ווארפען שטויב. „ס׳איז נויטווענדיג ענערגיע“, פלעגט ער דעמאלט זאגען, און צום סוף פלעגט ער, געוועהנליך, בלייבען א נאר, און יעדער באאמטער, וואס האט נאר געהאט אביסעל ערפאהרונג, פלעגט פאהרען אויף איהם רייטענדיג. מאטוויי איליטש פלעגט ריידען מיט גרויס דרך־ארץ וועגען גיזא. ער האט געזוכט צו באווייזען אלעמען און איטליכען, אז ער איז ניט ווי יענע רוטינערען און אפגעשטאנענע ביוראקראטען, אז ער לאזט ניט דורך אהן אויפמערקזאמקייט קיין איין וויכטיגע געזעלשאפטליכע ערשיינונג... אט די אלע ווערטער האט ער זעהר גוט געוואוסט. ער האט אפילו מיט נאכלעסיגער גאוה נאכגעפאלגט די ענטוויקלונג פון דער מאדערנער ליטעראטור. אזוי ווי עס טרעפט אמאל, אז א דערוואקסענער מענש שליסט זיך אן אן א פראצעסיע פון קינדער וואס ער באגעגענט אין גאס. אין דער אמת׳ן איז מאטוויי איליטש ניט אוועק א סך ווייטער פון יענע רעגירונגס מענשען פון די אלעקסאנדרישע צייטען, וועלכע האבען איבערגעלייענט אין דער פריה א זייטעל פון קאנדיליאק, איידער זיי זיינען געגאנגען אויף א אווענד פון מאדאם סוויעטשינא, וועלכע האט דעמאלט געוואוינט אין פעטערבורג. זיין האלטונג איז אבער געווען אן אנדערע, א מעהר מאדערנע. ער איז געווען א פלינקער באאמטער, א כיטרער און ווייטער גארנישט. אין געשעפטזאכען האט ער גארנישט געוואוסט, האט קיין שכל ניט געהאט. דערפאר אבער האט ער זיינע אייגענע געשעפטען פארשטאנען ווי צו פיהרען. דא האט זיך שוין קיינער ניט געקאנט גלייכען צו איהם און דאס איז די הויפט־זאך.

מאטוויי איליטש האט אויפגענומען ארקאדי׳ן מיט א גוטמוטיגקייט, אדער בעסער געזאגט, מיט א שפילעוודיגקייט, ווי עס פאסט פאר אן אויפגעקלערטען הויכען באאמטען... ער האט זיך פונדעסטוועגען פארוואונדערט ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז די קרובים, וועלכע ער האט איינגעלאדען, זיינען געבליבען אין

דאָרף. „דיין טאַטע איז אַלע מאָל געווען אַ קאָמישער מענש", האָט ער באַמערקט, אַרומוואַרפענדיג מיט די קוטאַשען פון זיין וואונדערשעהנעם שלאַפּראָק. און מיט אַמאָל, ווענדענדיג זיך צו דעם יונגען באַאַמטען, וועלכער איז געזעסען אין אַ וויץ־מונדיר, פאַרשפּילעט אויף אַלע קנעפּלאַך, האָט ער אויסגערופען מיט אַ פאַרזאָרגטען פּנים: „וואָס איז?" — דער יונגערמאַן, ביי וועמען די ליפּען האָבען זיך צונויפגעקלעפּט פון לאַנגען שווייגען האָט זיך אויפגעהויבען און האָט אין פאַרלעגענהייט אַ קוק געטאָן אויף זיין באַפעהלער. אָבער נאָכדעם ווי מאַטוויי איליאיטש האָט זיין אונטערגעאָרדענטען געבראַכט אין פאַרלעגענהייט, האָט ער זיך שוין אויף איהם מעהר ניט אומגעקוקט. אונזערע הויכע באַאַמטע ליעבען אין אַלגעמיין צו ברענגען אין פאַרלעגענהייט זייערע אונ־טערגעאָרדענטע. די מיטלען וועלכע זיי ווענדען אָן, זיינען גאַנץ פאַרשיידען. דער פאָלגענדער מיטעל ווערט, סיי ווי, אַ סך געברויכט. "is quite a favorite" ווי די ענגלענדער זאָגען: דער הויכער באַאַמטער הערט אויף מיט אַמאָל צו פאַרשטעהן די פּשוט'סטע ווערטער, ער רוקט אָן אַ טויבע היטעל. ער וועט, צום ביישפּיעל, פרעגען:

— וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט?

מעלדעט מען איהם מיט רעספּעקט: „פרייטאָג איז היינט, אייער ....הויך!"

— האַ? וואָס? וואָס זאָגט איהר? — פרעגט איהם אָנגע־שטרענגט דער הויכער באַאַמטער.

— היינט איז פרייטאָג, אייער ....הויך.

— ווי? וואָס? וואָס מיינט איהר, פרייטאָג? וואָס פאַר אַ פרייטאָג?

— פרייטאָג, אייער ...הויך, איז אַ טאָג אין דער וואָך.

— נו, דיר איז איינגעפאַלען צו לערנען מיך?

מאַטוויי איליטש איז געווען פון אָט דעם סאָרט רעגירונגס־מענשען, כאָטש ער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ ליבעראַל.

— איך ראָט דיר, מיין פריינד, אַז דו זאָלסט אַריבערפאָהבען

מיט א וויזיט צום גובערנאטאר, — האט ער געזאגט צו ארקאדי׳ן. — דו פארשטעהסט? איך ראט דיר דאס צו טאן ניט דערפאר, ווייל איך האלט זיך ביי די אלטע באגריפען, וועגען דער נויטווענדיגקייט צו פאהרען בוקען זיך צו הערשאפטען, נאר פשוט דערפאר, ווייל דער גובערנאטאר איז א פיינער מענש. א חוץ דעם ווילסטו דאך זיך מסתמא באקאנען מיט דער היגער געזעלשאפט... איך האף, דאס דו ביזט דאך ניט קיין בער? און איבערמארגען מאכט ער א באל.

— איהר וועט אויך זיין אויף דעם באל? — האט ארקאדי גע־פרעגט.

— צוליעב מיר מאכט ער איהם טאקע, — האט מאטוויי אי־ליטש כמעט רחמנות׳דיג ארויסגעזאגט. — דו טאנצסט?

— איך טאנץ, אבער שלעכט.

— אז עבירה. עס זיינען דא פאראן שעהנינקע דאמען, און עס איז א שאנדע, אז א יונגערמאן זאל ניט קאנען טאנצען. אויך דאס זאג איך ניט דערפאר, ווייל איך האלט זיך ביי אן אלטען באגריף... איך מיין גאר ניט, אז דער שכל דארף זיין אין די פיס, אבער דער בייראניזם איז לעכערליך, il a fait som temps.

— אבער ניט צוליעב דעם בייראניזם, פעטער... ניט...

— איך וועל דיך באקאנען מיט די היגע דאמען; איך נעהם דיך אונטער מיין פליגעל, — האט מאטוויי איליטש איבערגעשלא־גען און ער האט זיך צולאכט פון זעלבסטצופרידענהייט. — דיר וועט ווארים זיין, הא?

דער דינער איז אריין און האט געמאלדען, אז דער פארזיצענ־דער פון געריכטסקאמער איז געקומען צופאהרען. ער איז געווען אן עלטערער מאן מיט גלעטענדע אויגען און צונויפגעקנייטשטע ליפען, ער האט שטארק ליעב געהאט די נאטור, איבערהויפט אין א זומער־טאג, ווען „יעדע בינעלע נעמט כאבאר פון יעדער בלימעלע“... דאס איז געווען זיין אויסדרוק...

ארקאדי איז אוועק.

ער האט געטראפען באזאראוו׳ן אין דער אכסניה, וואו זיי

זיינען איינגעשטאנען. ער האט מיט איהם לאנג איינגע׳טענה׳ט, אז ער זאל מיט איהם געהן צום גובערנאטאר.

— פארפאלען! — האט באזאראוו ענדליך געזאגט. — אז מ׳האט אנגעהויבען, דארף מען ענדיגען. מיר זיינען געקומען אנ־קוקען לאנד־אייגענטימער, טא לאמיר זיי אנקוקען.

דער גובערנאטאר האט פריינטליך אויפגענומען די יונגע לייט; ער האט זיי אבער ניט געבעטען זיצען און האט זיך אליין אויך ניט געזעצט. ער האט שטענדיג געשמאיעט, האט שטענדיג גע־איילט. גלייך אין דער פריה פלעגט ער אנטאן דעם ענגען וויצ־מונדיר מיט דעם שטייפען קראוואט, פלעגט ניט דערעסען, ניט דערטרינקען, פלעגט זיך כסדר שאפען. אין דער גובערניע האט מען איהם גערופען בורדאלו און מיינען פלעגט מען דערמיט, ניט דעם באוואוסטען פראנצויזישען פרעדיגער, נאר בורדא, (וואס אין רוסיש מיינט עס „אומריינער געטראנק"). ער האט קירסאנאוו׳ן און באזאראוו׳ן איינגעלאדען צו זיך אויפ׳ן באל, און אין צוויי מי־נוטען ארום האט ער זיי ווידער איינגעלאדען, דאס מאל שוין ווי צוויי ברידער, און גערופען האט ער זיי קייסאראווס.

געהענדיג פון גובערנאטאר צו זיך אהיים, איז פלוצלונג פון א פארבייפאהרענדיגער דראזשקע ארויסגעשפרונגען א מענש פון א נידעריגער וואוקס אין א סלאוויאנאפילישער ווענגערקע און מיט אן אויסגעשריי „יעווגעני וואסיליטש!" האט ער זיך א ווארף געטאן צו באזאראוו׳ן.

— אה! דאס זיינט איהר, הער סיטניקאוו! — האט באזאראוו ארויסגעזאגט ניט אפשטעלענדיג זיך. — ווי קומט איהר אהער?

— שטעלט זיך פאר, ס׳איז א צופעליגע זאך, — האט יענער געענטפערט, און אומדרעהענדיג זיך צו דער דראזשקע האט ער א מאל פינף א מאך געטאן מיט דער האנט און האט אויסגע־שריען: — פאהר אונז נאך! מיין פאטער האט דא א גע־שעפט, — האט ער ווייטער גערעדט, אריבערשפרינגענדיג איבער א גראבען, — נו, האט ער מיך געבעטען... איך האב זיך היינט ד׳ערוואוסט, אז איהר געפינט זיך דא, און איך בין שוין געווען

ביי אייך... (ווען די חברים זיינען שפעטער געקומען צו זיך אהיים האבען זיי טאקע געפונען א קארטעל מיט פארבויגענע ברעג־גען און מיט סיטניקאווס נאמען, אויף איין זייט אויף פראנצויזיש און אויף דער צווייטער — מיט סלאוויאנישע בוכשטאבען). איך האף, אז דאס קומט איהר ניט פון גובערנאטאר?

— האפט ניט, מיר געהען טאקע פון איהם.

— אויב אזוי, וועל איך אויך געהן צו איהם... יעווגעני וואסי־ליטש, באקאנט מיך מיט אייער... מיט זיי...

— סיטניקא קירסאנאוו, — האט באזאראוו ארויסגעזאגט ניט אפשטעלענדיג זיך.

— עס פרעהט מיך זעהר, — האט סיטניקאוו אנגעהויבען, ארויסטרעטענדיג מיט א זייט, שמייכלענדיג און אראפציהענדיג זיינע שוין צו־עלעגאנטע הענדשקעס. — איך האב זעהר פיעל גע־הערט... איך בין יעווגעני וואסיליטשעס אן אלטער באקאנטער, און איך קאן זאגען — זיין תלמיד. איך האב אהים צו פארדאנקען, וואס איך בין אן אנדער מענש געווארען...

ארקאדי האט א קוק געטאן אויף באזאראוו׳ס תלמיד. די קליינע, אבער אנגענעמע שטריכען פון זיין גלאטען פנים האבען אויסגעדריקט אומרוהיגקייט און טעמפקייט. זיינע קליינע אויגען, וואס האבען אויסגעזעהן ווי אריינגעקוועטשטע, האבען געקוקט אויפמערקזאם און אומרוהיג. ער האט אויך געלאכט אומרוהיג: מיט עפעס אזא קורצען, הילצערנעם געלעכטער.

— איהר וועט גלויבען, — האט ער ווייטער גערעדט, — אז איך האב געהערט באזאראוו׳ן ס׳ערשטע מאל זאגען, אז מ׳דארף ניט אנערקענען קיין אויטאריטעטען, האב איך דערפיהלט אזא פרייד... עפעס אזוי ווי איך וואלט פון בלינד זעהענדיג געווא־רען. אט, האב איך א קלער געטאן, ענדליך האב איך געפונען א מענשען. אגב, יעווגעני וואסיליטש, פאר אייך איז דורכאויס נויט־ווענדיג אריינצוגעהן דא צו איינער א דאמע, וועלכע איז פעהיג צו פארשטעהן אייך און פאר וועלכער אייער באזוך וועט זיין אן אמת׳ער יום־טוב. איך דענק, אז איהר האט געהערט פון איהר.

— ווער איז זי? — האט באזאראוו ניט ווילענדיג געפרעגט.

— קוקשינא, Eudoxie יעוודאקסיא קוקשינא. זי איז א וואונדערבארער מענש, emancipee איז דעם בוכשטעבליכען זין פון ווארט, א מאדערנע פרוי. איהר ווייסט וואס? לאמיר צוזאמען איצט געהן צו איהר. זי וואוינט א צוויי טריט פון דאנען. מיר וועלען דארט אנבייסען. איהר האט שוין געגעסען?

— נאך ניט.

נו, איז גוט. זי איז זיך, פארשטעהט איהר, צוגאנגען מיט איהר מאן, און איז פון קיינעם ניט אפהענגיג.

— איז זי א שעהנינקע? — האט באזאראוו איבערגעשלאגען.

— נ...ניין, דאס קאן מען ניט זאגען.

— היינט צו וואס פאר א שווארץ יאהר רופט איהר אונז צו איהר?

— נו, וויצלינג, וויצלינג... זי וועט פאר אונז אוועקשטעלען א פלאש שאמפאניער.

— אזוי גאר! מ׳זעהט באלד דעם פראקטישען מענשען. אגב, אייער פאטער פארנעמט זיך נאך אלץ מיט ארענדעס?

— נאך אלץ מיט ארענדעס, — האט סיטניקאוו גיך געענט־פערט און האט זיך הילכיג פונאנדערגעלאכט. — נו, וואס? מיר געהען?

— איך ווייס אליין ניט.

— דו האסט דאך געוואלט אנקוקען מענשען, געה! — האט ארקאדי באמערקט אין דער שטיל.

— נו, און איהר, הער קירסאנאוו, — האט סיטניקאוו אונטער־געכאפט. — איהר מוזט אויך געהן. אהן אייך געהען מיר ניט.

— אבער ווי וועלען מיר עס אלע מיט אמאל אריינפאלען?

— ס׳מאכט ניט, קוקשינא איז א וואונדערבארער מענש.

— א פלעשעל שאמפאניער וועט זיין? — האט באזארא גע־פרעגט.

— דריי! — האט סיטניקאוו אויסגערופען, — פאר דעם קא־וויר איך.

— מיט וואס?
— מיט מיין אייגענעם קאָפּ.
— שוין בעסער מיט'ן טאַטענס בייטעל. נאר סיי ווי, קומט.

.13

די קליינע פּריצישע הייזעל, געבויט לויט דעם מאָסקווער סטיל, אין וועלכער עס האָט געוואוינט אוודאָטיאַ ניקיטישנאַ, אָדער יעוו־דאָקסיאַ קוקשינאַ, איז געשטאַנען אין איינער פון די ניי־אָפּגע־ברענטע גאַסען פון שטאָדט. עס איז באַוואוסט, אַז אונזערע גו־בערניע־שטעדט ברענען אַלע פינף יאָהר. ביי דער טיר, איבער אַ קרום־אָנגעשלאָגענער וויזיט־קאַרטעל האָט זיך געזעהן אַ הענטעל פון אַ גלעקעל. אין פאָדער־צימער האָבען זיי באַגעגענט עפּעס איינע אין אַ הייבעל. זי האָט ניט אויסגעזעהן צו זיין ניט קיין דינסט און ניט קיין חברטע, — קלאָרע סימנים פון דער באַלע־באַסטע'ס פּראָגרעסיווע שטרעבונגען. סיטניקאָוו האָט געפרעגט, אויב אוודאָטיאַ ניקיטישנאַ איז אין דער היים.

— דאָס זיינט איהר, וויקטאָר? — האָט זיך דערהערט אַ דינער קול פון אַ דערבייאיגען צימער. — קומט אריין.

—די פרוי אין דער הייבעל איז גלייך פאַרשוואונדען.

— איך בין דאָ ניט אַליין, — האָט סיטניקאָוו געזאָגט, פלינק אַראָפּוואַרפענדיג זיין ווענגערקע, אונטער וועלכער עס האָט זיך אַרויסגעזעהן אַ רעקעל, וואָס איז געווען עהנליך צו אַ געשטריקטען מאַנטעל. ער האָט לעבעדיג אַ קוק געטאָן אויף אַרקאַדיי'ן און אויף באַזאַראָוו'ן.

— ס'מאַכט ניט אויס, — האָט דער קול געענטפערט. — קומט אריין.

די יונגעלייט זיינען אריינגעגאַנגען. דער צימער, אין וועלכען זיי האָבען זיך געפונען, האָט גיכער אויסגעזעהן ווי אַ שרייב־צימער, איידער ווי אַ גאַסט־צימער. פּאַפּירען, בריעף, גראָבע נומערען פון רוסישע זשורנאַלען — די מעהרסטע פון זיי ניט פונאַנדערגעשני־

טענע, — האבען זיך געוואלגערט איבער פארשטויבטע טישען.
אומעטום האבען זיך געוויסט פונאנדערגעווארפענע שטיקלאך פון
אפגערויכערטע ציגארעטען. אויף א לעדערנעם דיוואן איז האלב
געלעגען א יונגע, בלאנדע דאמע; איהרע האר זיינען געווען אביסעל
צעווארפען. זי איז געווען אנגעטאן אין א ניט זעהר ריינער זיי־
דענער קלייד. אויף איהרע קורצע הענט האט זי געטראגען גרויסע
בראסליעטען און אויף איהר קאפ א געשטריקט טיכעל. זי האט
זיך אויפגעהויבען פון דיוואן און נאכלעסיג ארויפווארפענדיג אויף
איהרע פלייצעס א סאמעטענעם פוטערל פון הערמאלין פעל, האט
זי פויל ארויסגעזאגט: „גוט מארגען וויקטאר“, און זי האט סיט־
ניקאוו'ן די האנט א דריק געטאן.
— באזאראוו, קירסאנאוו! — האט ער א זאג געטאן אפגע־
האקט, נאכמאכענדיג באזאראוו'ן.
— זעהר אנגענעהם, — האט קוקשינא געענטפערט, און אנ־
שטעלענדיג אויף באזאראוו'ן איהרע קיילעכיגע אויגען, צווישען
וועלכע עס האט זיך גערויטעלט פאר'יתומ'ט א פאררויסען נעזעל,
האט זי צוגעגעבען: — איך קאן אייך, — און האט אויך איהם א
דריק געטאן די האנט.
באזאראוו האט זיך א קנייטש געטאן. די קליינע, ניט־שעהנע
פיגורעל פון דער עמאנציפירטער פרוי איז ניט געווען אפשטוי־
סענד, אבער דער אויסדרוק פון איהר געזיכט האט ניט אנגענעם
געווירקט אויפ'ן צוקוקער. ניט־ווילענדיג האט זיך געוואלט ביי
איהר פרעגען: „וואס איז מיט דיר, ביזטו הונגעריג? אדער:
דו בענקסט? אדער: דו שרעקסט זיך? וואס ביזטו אזוי אומ־
רוהיג? און ביי איהר, ווי ביי סיטניקאוו'ן האט שטענדיג עפעס
געפארקעט אין דער נשמה. זי האט גערעדט און זיך באוועגט זעהר
פריי, אבער אומגעשיקט. זי האט, קענטיג, אליין אויך געדענקט, אז
זי איז א גוטמוטיגער און פשוט'ער וועזען, און פונדעסטוועגען, צו
וואס זי האט זיך נאר גענומען, האט אויסגעוויזען, אז גראד ניט דאס
וויל זי טאן. עפעס אלץ איז ביי איהר אויסגעקומען, ווי ווען קינדער
ריידען — מיט א כיון, דאס הייסט: ניט פשוט, ניט־נאטירליך.

— יא, יא, איך קאן אייך, באזאראוו, — האט זי איבערגע־חזר׳ט (זי האט געהאט די געוואוינהייט, וואס איז כאראקטערים־טיש פאר פיעלע פראווינציעלע און מאקסעוועד דאמען, — אין דעם ערשטען טאג פון א באקאנטשאפט, פלעגט זי אנרופען מענער מיט די פאמיליען־נעמען.) איהר ווילט א ציגאר?

— א ציגאר ווי א ציגאר, — האט אונטערגעכאפט סיטניקאוו, וועלכער האט שוין צייט געהאט אריינצעווארפען זיך אין א שטול און פארררייסען א פוס אין דער הויך. — איהר גיט אונז בעסער עסען. מיר זיינען שרעקליך הונגעריג און הייסט טאקע ארויפשטעלען א פלעשעל שאמפאניער.

— א לעבע־יונג! — האט יעוודאקסיא ארויסגעזאגט און האט זיך פונאנדערגעלאכט. (ווען זי פלעגט לאכען, פלעגט זיך ארויס־זעהן איהר אויבערשטע יאסליע). ניט אמת, באזאראוו, אז ער איז א לעבע־יונג?

— איך האב ליעב באקוועמליכקייטען אין לעבען! — האט סיטניקאוו ארויסגעזאגט מיט וויכטיגקייט, — דאס שטער׳ט מיר ניט צו זיין א ליבעראל.

— ניין, עס שטער׳ט, עס שטערט! — האט יעוודאקסיא אויס־געררופען און פונדעסטוועגען האט זי געהייסען דער דינסט באזאר־גען סיי דעם אנבייסען און סיי דעם שאמפאניער. — וואס דענקט איהר וועגען דעם, — האט זי צוגעגעבען, ווענדענדיג זיך צו באַ־זאראוו׳ן, — איך בין זיכער, אז איהר זיינט מיט מיר איינפאר־שטאנען.

— נו, ניין, — האט באזאראוו געענטפערט. — א שטיקעל פלייש איז בעסער ווי א שטיקעל ברויט, אפילו פון כעמישען שטאנדפונקט.

— איהר פארנעמט זיך מיט כעמיע? דאס איז מיין לײדענ־שאפט. איך האב אפילו אליין צוזאמענגעשטעלט א צעמענט.

— א צעמענט? איהר?

— יא, איך. און ווייסט איהר צוליעב וואס פאר א צוועק? צו מאכען פופען־קעפלאך, אז זיי זאלען זיך ניט צוברעכען. איך

בין איך פראַקטיש. עס איז נאָך אָבער ניט פאַרטיג, מ׳דאַרף נאָך איבערלייענען ליבידין. אגב, האָט איהר איבערגעלייענט קיסליאַקאָוו׳ס אָפּהאַנדלונג איבער פרויען־אַרבייט אין „די מאָסקעווער נאַכריכטען״? לייענט איבער, איך בעט אייך. עס אינטערעסירט דאָך אייך די פרויען־פראַגע? און שוהלען אויך? מיט וואָס פאַרנעמט זיך אייער פריינד? ווי רופט מען איהם?

מאַדאַם קוקשינא האָט מיט צאַרטער נאַכלעסיגקייט געשטעלט איהרע פראַגען, איינע נאָך די אַנדערע, ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף אַן ענטפער. צולאָזענע קינדער ריידען אַזוי מיט זייערע ניאַנקעס.

— מיין נאָמען איז אַרקאַדי ניקאָלאַיאיטש קירסאַנאָוו, — האָט אַרקאַדי געזאָגט, — און טאָן טו איך גאָרניט.

יעוודאָקסיא האָט זיך צולאַכט.

— אָט דאָס איז פיין! וואָס, איהר רויכערט ניט? וויקטאָר, איהר ווייסט, איך בין אויף אייך אין כעס.

— פאַר וואָס?

— איך האָב געהערט, אַז איהר האָט שוין ווידער אָנגעהויבען צו לויבען זשאָרזש סאַנד. אַן אָפּגעשטאַנענע פרוי, און ווייטער גאָרניט. ווי קומט זי צו עמערסאָנ׳ען? זי האָט גאָר קיין אידעען ניט, ניט איבער ערציהונג, ניט איבער פיזיאָלאָגיע — וועגען קיין זאַך ניט. איך בין זיכער, אַז זי האָט אפילו ניט געהערט וועגען עמבראָלאָגיע, און ווי אַזוי קען מען אויסקומען אָהן דעם אין אונזער צייט? (יעוודאָקיאַ האָט אפילו די הענט אויסגעשטעלט). אַך, ס׳אַראַ וואונדערבאַרע אָפּהאַנדלונג יעליסעוויטש האָט אָנגעשריבען איבער דער פראַגע! ער איז אַ געניאַלער הער! (יעוודאָקיאַ פלעגט שטענדיג געברויכען דאָס וואָרט „הער״ אַנשטאָט „מענש״). באַזאַראָוו, זעצט זיך לעבען מיר אויפ׳ן דיוואַן. איהר ווייסט עס אפשר ניט: איך האָב שרעקליך מורא פאַר אייך.

— פאַר וואָס? ערלויבט מיר צו זיין נייגעריג.

— איהר זייט אַ געפעהרליכער הער; איהר זייט אַזאַ קריטיקער. אַך, גאָט מיינער! ווי לעכערליך איך בין. איך רייד, ווי

עפּעס אַ גוט־באַזיצעריז. אייגענטליך ביז איך טאַקע אַ גוט־באַ־זיצעריז, איך האָב אַ גוט און איך פאַרוואַלט עס אַליין. שטעלט זיך פאָר, איך האָב אַן אויפזעהער מיט דעם נאָמען יעראַפּעי, — אַ וואונדערבאַרער טיפּ, אַזוי ווי קופּער'ס פּאַטפיינדער: עפּעס איז אין איהם דאָ אַזוינס, וואָס איז אוממיטעלבאַר! איך האָב זיך דאָ שוין באַזעצט אויף שטענדיג. אַן אומדערטרעגליכע שטאָדט, ניט אמת? אָבער וואָס זאָל מען טאָן?

— די שטאָדט ווי די שטאָדט, — האָט באַזאַראָוו קאַלטבלוטיג באַמערקט.

— עפּעס אַלץ אַזעלכע קליינליכע אינטערעסען, אָט וואָס עס איז שרעקליך! פריהער פלעג איך ווינטער צייט וואוינען אין מאָסקווע... אָבער איצט געפינט זיך דאָרט מיין געטרייער מוסיו קוקשין. אָבער אויך מאָסקווע איז איצט... איך וויים אַליין ניט — שוין אויך ניט דאָס. איך דענק צו פאָהרען נאָך אויסלאַנד. לעצטען יאָהר ביז איך שיער ניט אוועקגעפאָהרען.

— אין פּאַריז, פאַרשטעהט זיך? — האָט באַזאַראָוו געפרעגט.

— אין פּאַריז און אין היידעלבערג.

— נאָך וואָס אין היידעלבערג?

— וואָס רעדט איהר, דאָרט איז בונזען!

באַזאַראָוו האָט ניט געפונען וואָס צו ענטפערען אויף דעם.

— pierre סאַפּאָזשניקאָוו... ער איז אייך באַקאַנט?

— ניין, איך וויים ניט.

— וואָס רעדט איהר, pierre סאַפּאָזשניקאָוו... מ'קען איהם שטענדיג טרעפען ביי לידאַ באַסטאָטאָווא.

— איך האָב פון איהר אויך ניט געהערט.

— נו, האָט ער אָנגעהויבען צו באַגלייטען מיך. גאָט צו דאַנ־קען, איך ביז פריי, קיין קינדער האָב איך ניט... וואָס האָב איך עס געזאָגט: „גאָט צו דאַנקען!“ סיי ווי, ס'איז אַלץ איינס.

יעוודאָקסיאַ האָט אַ ציגאַרעטל צונויפגעדרעהט מיט איהרע פינגער, וועלכע זיינען געווען פאַרגעלט פונ'ם טיטון; זי האָט

איבער איהם א פיהר געטאן מיט'ן צונג, האט א ציה געטאן און פארדרויבערט. די דינסט איז אריין מיט א טאץ.

— אהא, אט איז דער אנבייסען. איהר ווילט פארבייסען? וויקטאר, עפענט די פלאש. דאס איז פון אייערטוועגען.

— פון מיינעטוועגען, פון מיינעטוועגען, — האט סיטניקאוו ארויסגעזאגט, און ער האט זיך ווידער צולאכט מיט א קוויטש.

— זיינען דא פאראן שעהנינקע דאמען? — האט באזאראוו געפרעגט, אויסטרינקענדיג זיין דריטע גלעזעל.

— עס זיינען פאראן, — האט יעוודאקסיא געענטפערט. — זיי זיינען אבער אלע אזעלכע נישטיגע. צום ביישפיעל mon amie אדינצאווא — איז ניט קיין מיאוס'ע, עס פארדריסט, וואס איהר רעפוטאציע איז עפעס אזא... סיי ווי, דאס וואלט נאך ניט אויסגעמאכט, אבער קיין פרייער קוק, קיין ברייטקייט, גארניט... קיין סימן ניט דערפון. די גאנצע ערציהונגס-סיסטעמע דארף מען איבערבייטען. איך האב שוין געטראכט וועגען דעם. אונזערע פרויען זיינען זעהר שלעכט ערצויגען.

— איהר וועט מיט זיי גארנישט מאכען, — האט סיטניקאוו אונטערגעכאפט. — איך פאראכט זיי אינגאנצען ווי זיי זיינען! (די מיגליכקייט צו פאראכטען או זאויסצודריקען זיין פאראכטונג זייענען פאר סיטניקאוו'ן געווען פון די אנגענעמסטע עמפינדונגען, און איבערהויפט פלעגט ער אנפאלען אויף פרויען, ניט פארדעכטענדיג, דאס אין עטליכע חדשים ארום וועט ער דארפען קומען אונטערטעניג צו זיין פרוי בלויז דערפאר, ווייל זי האט געשטאמט פון די פירשטין דורדאליעאסאוו). קיין איינציגע פון זיי וואלט ניט געקאנט פארשטעהן אונזער געשפרעך, קיין איינציגע פון זיי פארדינט ניט, אז מיר, ערנסטע מענער, זאלען ריידען פון איהר!

— אז ס'איז גארנישט נויטיג זיי זאלען פארשטעהן אונזער געשפרעך, — האט באזאראוו געזאגט.

— וועגען וועמען רעדט איהר? — האט זיך יעוודאקסיא אריינגעמישט.

— וועגען שעהנע פרויען.

— ווי ? ס'הייסט, איהר האט דעם זעלבען מיינונג וואס פרו־דאן !

באזאראוו האט שטאלץ גענענטפערט :

— איך האב קיינעמס מיינונג ניט, איך האב מיינע אייגענע.

— ארונטער מיט די אויטאריטעטען ! — האט סיטניקאוו אויס־געשריען, דערפרעהענדיג זיך מיט דער געלעגענהייט שארף אויסצו־דריקען זיך אין דער אנוועזענהייט פון א מענשען, וועלכען ער האט פארגעטערט.

— אבער מאקאליי אליין ! — האט קוקשינא אנגעהויבען...

— ארונטער מיט מאקאלייען ! — האט סיטניקאוו א דונער געטאן. — איהר נעמט זיך אן פאר אט די ווייבלאך ?

— ניט פאר די ווייבלאך, נאר פאר די פרויענרעכט, פאר וועלכע איך האב זיך פארשווארען צו פארטיידיגען ביז'ן לעצטען טראפען בלוט.

— ארונטער ! — אבער דא האט זיך סיטניקאוו אפגעשטעלט, — איך לייקען זיי אבער ניט אפ, — האט ער ארויסגעזאגט.

— ניין, איך זעה, אז איהר זיינט א סלאוויאנאפיל. איהר זייט דעמאסטראי'ס א נאכפאלגער. איהר האט בעסער געדארפט האבען א בייטש אין האנט !

— א בייטש איז א גוטע זאך, — האט באזאראוו באמערקט. — מיר זיינען שוין אבער צוגעקומען צום לעצטען טראפען...

— פון וואס ? — האט יעוודאקסיא איבערגעשלאגען.

— פון שאמפאניער, געאכטע אוודאטיא ניקיטישנא, — פון שאמפאניער — ניט פון אייער בלוט.

— איך קאן גלייכגילטיג ניט הערען, ווען מ'פאלט אן אויף פרויען, — האט יעוודאקסיא ווייטער גערעדט. — דאס איז שרעק־ליך, שרעקליך. אנשטאט אנצופאלען אויף זיי, לייענט בעסער אי־בער מישעליע'ס בוך de l'amour עס איז א וואונדער ! לאמיר ריידען וועגען ליעבע, — האט יעוודאקסיא צוגעגעבען, אראפלאזענדיג פויל איהר האנט אויף דער צוקנייטשטער קישעלע פון דיוואן.

אלע זיינען מיט אמאל אנטשוויגען געווארען.

— ניין, צוליעב וואס ריידען וועגען ליעבע, — האט באזאראוו גענזאגט: — איהר האט דערמאנט אדינצאווא'ן... אזוי, דוכט זיך, רופט מען איהר? ווער איז זי?

— א וואונדערבארע, א וואונדערבארע! — האט סיטניקאוו א קוויטשע געטאן. — איך וועל אייך פארשטעלען: א חכמה, א רייכע אלמנה. צום באדויערען איז זי נאך ניט גענוג אנטוויקעלט; מ'דארף איהר נאהנטער באקאנען מיט אונזער יעוודאקסיא'ן. איך טרינק פאר אייער געזונט, יעוודאקסיא! et toc, et toc, et-tin-tin-tin...

— וויקטאר, איהר זייט א שטיפער.

דער אנבייסען האט לאנג געדויערט. נאך דער ערשטער פלאש שאמפאניער האט מען דערלאנגט א צווייטע, דערנאך א דריטע און אויך א פערטע... יעוודאקסיא האט געפלוידערט אהן אן אפשטעל, סיטניקאוו האט מיטגעהאלפען. זיי האבען א סך גערעדט וועגען דעם, וואס עס איז אזוינס הייראט־פאראורטייל אדער פארברעכען, און ווי אזוי ווערען מענשען געבוירען — אלע גלייך, אדער ניין? און וואס, אייגענטליך, באשטעהט די אינדיווידואליטעט? עס איז ענדליך דערגאנגען ביז דעם, אז יעוודאקסיא, אינגאנצען א רויטע פון דעם אויסגעטרונקענעם וויין, האט אנגעהויבען זינגען מיט א הייזעריגער שטימע, פריהער ציגיינער ליעדער און נאכדעם סיימור שיפ'ס א ראמאנס, קלאפענדיג מיט איהרע פלאטשיגע נע־געל איבער די קלאווישען פון א פארלאזענעם פארטאפיאן. סיט־ניקאוו האט זיין קאפ ארומגעבונדען מיט א שאל און האט פארגע־שטעלט א שטערבליך פארליבטען, ביי די ווערטער:

„און מיינע ליפען מיט דיינע
„אין א הייסען קוש צוזאמענגיסען".

האט ארקאדי ענדליך ניט אויסגעהאלטען. „דאס איז דאך עהנליך צו א משוגעים־הויז", האט ער באמערקט אין דער הויך. באזאראוו האט אין נעשפרער זעלטען אריינגעווארפען א שפאסי־גען ווארט — ער איז פארנומען געווען מעהר מיט דעם שאמפאניער — ער האט א גענעץ געטאן, זיך אויפגעהויבען און ניט זענענדיג

זיך מיט דער באַלעבאַסטע, איז ער אַרויס צוזאַמען מיט אַרקאַדיי'ן.
סיטניקאָוו איז אַרויסגעשפּרונגען גלייך נאָך זיי.

— נו וואָס, נו וואָס? — האָט ער שמייכלענדיג געפרעגט פאַר־
לויפענדיג דאָ רעכטס און דאָ לינקס, — איך האָב דאָך אייך גע־
זאָגט, אַז עס איז אַ וואונדערבאַרע פערזענליכקייט! אָט וואָס פאַר
אַ פרויען מיר דאַרפען האָבען וואָס מעהר! זי איז אַ הויך מאָראַ־
לישע ערשיינונג.

— און אָט אַ דער אַגשטאַלט פון „דיין" טאַטען, איז אויך
אַ מאָראַלישע ערשיינונג? — האָט באַזאַראָוו אַ זאָג געטאָן, אָנווייז־
זענדיג מיט'ן פינגער אויף אַ שענקעל, וועלכען זיי זיינען בשעת־
מעשה פאַרבייגעגאַנגען.

סיטניקאָוו האָט זיך ווידער צולאַכט מיט אַ קוויטש. ער האָט
זיך זעהר געשעמט מיט זיין אָפּשטאַמונג, און ער האָט ניט גע־
וואוסט, צי זאָל ער זיך געפינען געשמייכעלט אָדער באַליידיגט פון
באַזאַראָוו'ס איבערגאַנג אויף „דו".

.14

אין עטליכע טעג אַרום איז געווען דעם גובערנאַטאָר'ס באַל.
מאַטוויי איליטש איז געווען אַן אמת'ער „העלד פון יום־טוב". דער
פאַרשטעהער פון די לאַנד־באַזיצער האָט געלאָזט וויסען אַלעמען
און איטליכען, אַז ער איז געקומען צופאָהרען נאָר לכבוד איהם,
און דער גובערנאַטאָר אפילו אויפ'ן באַל, אפילו בלייבענדיג
אומבאַוועגליך, האָט ניט אויפגעהערט צו „שאַפען זיך". די ווייכ־
קייט פון מאַטוויי איליטש'עס האַלטונג, האָט זיך געקאָנט פאַר־
גלייכען נאָר מיט זיין גרויסקייט. ער האָט געשמייכעלט צו אַלע־
מען: צו די מיט אַ באַהאַלטענעם עקעל, צו יענע מיט אַכטונג; צו
פרויען האָט ער זיך פונאַנדערגעלאָזען "en vrai chevalier francais"
און האָט געלאַכט אַהן אַן אויפהער מיט אַ שטאַרקען קלינגענדען
און איינזאַמען געלעכטער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ הויכען באַאַמטען.
ער האָט אַרקאַדיי'ן אַ גלעט געטאָן אויפ'ן פּלייצע און האָט איהם

הויך אנגערופען „פלימעניק“; אויך באזאראוו'ן, וועלכער איז גע־
וועזען אנגעטאן אין אן אלטלאכען פראק, האט ער געשאנקען א
צוטראגענעם, אבער א ווייכען קוק פון דער זייט, און האט
איהם באגריסט מיט א ניט־קלארען, אבער פריינדליכען ברום, אין
וועלכען עס האט זיך געפיהלט אז, „איך... בין איך“, ער האט
סיטניקאוו'ן דערלאנגט א פינגער, האט צו איהם א שמייכעל געטאן,
אפקעהרענדיג שוין זיין קאפ. אפילו קוקשינא'ן, וועלכע איז
געקומען אויפ'ן באל פשוט אנגעטאן און אין שמוציגע הענדשקעס,
אבער מיט א גן־עדן פויגעלע אין איהרע האר, אפילו קוקשינא'ן
האט ער געזאגט "enchante" מענשען זיינען געוועזען א סך, קיין
קאוואליערען האבען ניט געפעהלט, די ציווילע זיינען מייסטענס
געשטאנען ארום די ווענט, אבער די מיליטערישע האבען פלייסיג
געטאנצט, איבערהויפט איינער פון זיי, וועלכער האט זעקס וואכען
פארבראכט אין פאריז, וואו ער האט זיך אויסגעלערנט פארשיי־
דענע וואויל־יונגערשע ווערטלאך, ווי: "ah fichtrrre," "zut"
'pst, pst, mon bibe' און נאך אזעלכע. ער פלעגט זיי ארויסזאגען ווי
אן אמת'ער פאריזער, און אין דערזעלבער צייט פלעגט ער זאגען
'si jaurais,' אנשטאט si javais, "absolument" אין דעם זין פון בא־
שטימט. מיט איין ווארט: ער האט גערעדט מיט יענעם רוסיש־
פראנצויזישען דיאלעקט, פון וועלכען עס לאכען אזוי די פראנצוי־
זען, ווען זיי פארזיכערן אונז, אהן וועלכער ניט איז נויטווענדיגקייט,
אז מיר ריידען אויף זייער שפראך ווי מלאכים, "comme des anges"

ארקאדי האט געטאנצט שלעכט, ווי מיר ווייסען שוין, און בא־
זאראוו האט אינגאנצען ניט געטאנצט: זיי האבען זיך ביידע איינ־
געזעצט אין א ווינקעל. סיטניקאוו איז אויך צוגעקומען צו זיי,
אנשטעלענדיג אויף זיין פנים א שמייכעל פון פאראכטונג און מא־
כענדיג דערביי גיפטיגע באמערקונגען, האט ער פרעך געקוקט ארום
און עס האט אויסגעזעהן, אז ער האט אן אמת'ען פארגנינגען. מיט
אמאל האט זיך זיין פנים אומגעביטען און אפקעהרענדיג זיך צו אר־
קאדי'ן האט ער אומרוהיג א זאג געטאן:

— אדינצאווא איז געקומען צופאהרען.

ארקאדי האט זיך אומגעקוקט און ער האט דערזעהן א פרוי פון א הויכער וואוקס אין א שווארצער קלייד, וועלכע איז שטעהן גע־בליבען אין מיר פון זאל. ער איז פארוואונדערט געווארען פון איהר ווירדיגער האלטונג. איהרע נאקעטע הענט זיינען שעהן גע־לעגען אויף איהר שלאנקער פיגור. גרינינקע צווייגעלאך זיינען שעהן געהאנגען אויף איהרע קיילעכיגע פלייצעס פון איהרע גלאנ־ציגע האר. רוהיג און קלוג, טאקע רוהיג, און ניט פארטראכט, האָ־בען ליכטיגע אויגען געקוקט פון אונטער א ווייסען שטערען און האבען געשמייכעלט מיט א קוים באמערקבארען שמייכעל. איהר פנים האט געוועהט מיט עפעס אזא צארטער און ווייכער קראפט.

— איהר זיינט מיט איהר באקאנט? — האט ארקאדי געפרעגט סיטניקאוו׳ן.

— ניט גוט. אויב איהר ווילט, וועל איך אייך פארשטעלען.

— איך בעט אייך... נאך דעם קאדריל.

אדינצאווא האט אויך געצויגען באזאראוו׳ס אויפמערקזאמקייט.

— ווער איז זי? — האט ער געפרעגט. — זי איז גארניט עהנ־ליך צו די איבעריגע יאכנעס.

זיי האבען אריבערגעווארט דעם קאדריל. סיטניקאוו האט אר־קאדי׳ן אוועקגעפיהרט צו אדינצאווא׳ן. עס איז אבער א צווייפעל, צי ער איז מיט איהר געווען באקאנט אפילו אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער האט געזאגט: ער האט זיך געפלאנטערט אין זיינע רייד און זי האט אויף איהם געקוקט אביסעל פארוואונדערט. פונדעסט־וועגען האט זיך אויף איהר פנים באוויזען א גוטער אויסדרוק, ווען זי יהאט דערהערט ארקאדי׳ס פאמיליען־נאמען. זי האט איהם גע־פרעגט, אויב ער איז ניט ניקאלאי פעטראוויטש׳עס א זוהן.

— יא, — האט ער געענטפערט.

— איך האב געזעהן אייער פאטער צוויי מאל און איך האב א סך געהערט פון איהם, — האט זי ווייטער געזאגט. — עס פרעהט מיר זעהר צו באקאנען זיך מיט אייך.

אין דעם זעלבען אויגענבליק איז אונטערגעפלויגען צו איהר

עפעס אַז אַדיוטאַנט און האָט איהר איינגעלאַדען צו טאַנצען מיט איהם אַ קאַדריל. זי האָט די איינלאַדונג אָנגענומען.

— איהר טאַנצט דען? — האָט אַרקאַדי געפרעגט מיט רעס־פּעקט.

— איך טאַנץ. וואָס פעלט אייך אויס, אַז איך טאַנץ ניט? קוק איך דען אויס צו אַלט?

— הערט אויף, ווי אַזוי... אָבער אויב אַזוי, ערלויבט מיר אייך איינצולאַדען צו טאַנצען אַ מאַזורקע.

אַדינצאָווא האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— גוט, — האָט זי געזאָגט און האָט אַ קוק געטאָן אויף אַר־קאַדי׳ן, ניט אַזוי ווי פון אויבען אַראָפּ, נאָר אַזוי ווי פאַרהייראַטע שוועסטער קוקען אויף זייערע יונגינקע ברידערלאַך. אַדינצאָווא איז אַביסעל עלטער געווען פון אַרקאַדי׳ן. איהר איז געגאַנגען אויפ׳ן נייז און צוואַנציגסטען יאָהר, אָבער אין איהר אַנוועזענהייט האָט ער זיך געפיהלט ווי אַ חדר־אינגעל, ווי אַ סטודענטעל, עפּעס אַזוי ווי דער אונטערשייד פון זייערע יאָהרען וואָלט געווען אַ סך גרע־סער. מאַטוויי איליטש איז צוגעקומען צו איהר מיט אַ מאַיעסטעטישען אויסזעהן און מיט חניפה׳דיגע רייד.

אַרקאַדי איז אָפּגעגאַנגען אַן אַ זייט. ער האָט אָבער ניט אויפ־געהערט צו קוקען אויף איהר: ער האָט פון איהר זיינע אויגען ניט אַראָפּגענומען אויך דעמאָלט, ווען זי האָט געטאַנצט דעם קאַדריל. זי האָט גערעדט מיט דעם טענצער פונקט אַזוי פריי, ווי מיט דעם הויכען באַאַמטען. זי האָט שטיל געמאַכט מיט איהר קאָפּ און מיט די אויגען און האָט זיך אַ צוויי מאָל שטיל צולאַכט. איהר נאָז איז געווען אַביסעל דיקלאַך, כמעט אַזוי ווי ביי אַלע רוסישע... און די פאַרב פון איהר הויט איז ניט אינגאַנצען ווייס געווען. און דאָך האָט אַרקאַדי באַשלאָסען, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ וואונ־דערבאַרע פרוי ניט באַגעגענט. דער קלאַנג פון איהר קול איז פון זיינע אויערען ניט אַרויס. עס האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אפילו די פאַלדען פון איהר קלייד ליגען ביי איהר אַנדערש, ווי ביי אַנ־

דערע — גלייכער און ברייטער. די באוועגונגען איהרע זיינען געווען לייכטע און אין דערזעלבער צייט נאטירליכע.

ארקאדי איז אביסעל אומרוהיג געווארען, ווען עס האבען זיך דערהערט די ערשטע קלאנגען פון דער מאזורקע. ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבען זיין דאמע. ער האט געוואלט אנהויבען צו ריידען, אבער ער האט קיין איינציג ווארט ניט געפונען, ער האט נאר זיין האנט דורכגעפיהרט דורך זיינע האר. ער איז אבער לאנג ניט געווען אומרוהיג. אדינצאווא'ס רוהיגקייט האט אויך איהם באהערשט. עס איז ניט אוועק קיין פערטעל שעה, ווי ער האט שוין פריי דערצעהלט וועגען זיין טאטען, וועגען זיין פעטער און וועגען דאס לעבען אין פעטערבורג און אויפ'ן דארף. אדינצאווא האט זיך העפליך איינגעהערט, לייכט אויפעפענענדיג און צומאכענדיג איהר פאכער. זיינע ערצעהלונגען זיינען איבערגעריסען געווארען, ווען קאוואליערען זיינען געקומען איהר איינלאדען צום טאנצען. סיטניקאוו האט איהר צוויי מאל איינגעלאדען. זי האט זיך צוריקגעקעהרט, האט זיך ווידער געזעצט, האט גענומען איהר פאכער און אפילו איהר אטעמען איז ניט שנעלער געווארען, און ארקאדי האט זיך ווידער גענומען צום דערצעהלען. ער איז געווען גליקליך וואס ער איז געווען אזוי נאהענט לעבען איהר, וואס ער האט גערעדט צו איהר, וואס ער האט געקוקט אין איהרע אויגען, אויף איהר שעהנעם שטערען, אויף איהר ליעבען, קלוגען פנים. זי אליין האט אפילו ווייניג גערעדט, אבער פון די עטליכע ווערטער האט זיך ארויסגעוויזען, אז זי פארשטעהט דאס לעבען. מיט איהרע באמערקונגען האט זי געמאכט דעם איינדרוק פון א פרוי, וועלכע האט א סך דורכגעפיהלט און דורכגעטראכט...

— מיט וועמען זיינט איהר עס געשטאנען, — האט זי ארקאדי'ן געפרעגט — ווען דער הער סיטניקאוו האט אייך צוגעפיהרט צו מיר?

— איהר האט איהם באמערקט? — האט ארקאדי געפרעגט, — ניט אמת, אז ביי איהם איז א זעהר וואוילער פנים? דאס איז איינער א באזאראוו, מיינער א פריינד.

ארקאדי האט אנגעהויבען דערצעהלען וועגען „זיין פריינד“. ער האט גערעדט וועגען איהם מיט אזוי פיעל איינצעלהייטען און מיט אזא באגייסטערונג, אז אדינצאווא האט זיך צו איהם אומגע־דרעהט און האט אויף איהם אויפמערקזאם א קוק געטאן. דערוייל האט זיך די מאזורקע דערנעהנטערט צום סוף. ארקאדיי׳ן האט לייד געטאן צו צושיידען זיך מיט זיין דאמע: ער האט אזוי גוט פאר־בראכט מיט איהר נאהענט פון א שעה! אמת, פאר דער גאנצער צייט וואס ער איז מיט איהר געזעסען האט ער געפיהלט עפעס אזוי ווי זי וואלט זיך צו איהם אראפגעלאזען, ווי ער וואלט איהר געדארפט דאנקבאר זיין... אבער יונגע הערצער באלעסטיגען זיך ניט מיט אזא געפיהל.

מ׳האט אויפגעהערט צו שפילען.

— Merci — האט אדינצאווא א זאג געטאן אויפשטעלענדיג זיך. — איהר האט צוגעזאגט צו באזוכען מיך, ברענגט אויך אייער פריינד. איך בין זעהר נייגעריג צו זעהן א מענשען, וועלכער וואגט אין קיין זאך ניט צו גלויבען.

דער גובערנאטאר איז צוגעקומען צו אדינצאווא׳ן, האט גע־לאזט וויסען, אז דער עסען איז פארטיג און האט מיט א פאר־זארגטען פנים איהר דערלאנגט די האנט. אוועקגעהענדיג האט זי זיך אומגעדרעהט, כדי א שמייכעל צו טאן צו ארקאדיי׳ן צום לעצטען מאל. ער האט זיך נידעריג א נייג געטאן און האט איהר נאכגעקוקט (ווי שלאנק איהר פיגור איז, א באגאסענע מיט גרויען גלאנץ פון שווארצען זייד!) און א טראכט געגעבענדיג: „אין אט דעם אויגענבליק האט זי שוין פארגעסען אן מיין עקזיסטענץ“, — האט ער דערפיהלט אין זיין נשמה א וואונדערבאר שעהנע באַ־שיידענקייט...

— נו וואס? — האט באזאראוו געפרעגט ארקאדיי׳ן, אזוי גיך ווי ער איז צו איהם צוגעקומען, — האסטו זיך אמוזירט? א קאַ־וואליער האט מיר איצט געזאגט, אז אט די דאמע איז גאר אי, אי, אי. אבער ער זעהט אויס צו זיין א נאר. נו, און וואס איז דיין מיינונג, דו דענקסט אויך, אז זי איז אי, אי, אי?

— איך פארשטעה ניט וואס דאס מיינט, — האט ארקאדי גע־ענטפערט.

— זעה נאר, ווי אומשולדיג!

— אויב אזוי, פארשטעה איך ניט דיין קאוואליער. אדינצאווא איז זעהר א ליעבע — דאס איז זיכער, זי האלט זיך אבער אזוי קאלט און אזוי שטרענג, אז...

— אין א שטילען וואסער... דו ווייסט! — האט באזאראוו אונטערגעבאפט, — דו זאגסט, אז זי איז קאלט, אט דערפאר טאקע איז עם דאך טאקע אזוי בא'טעמ'ט. דו ליעבסט דאך „אייז־קרים"?

— אפשר, — האט ארקאדי געזאגט. — איך וועל זיך וועגען דעם ניט שפארען. זי וויל איך זאל איהר מיט דיר באקאנען און זי האט מיר געבעטען, אז איך זאל דיך ברענגען צו איהר.

— איך שטעל מיך פאר, ווי אזוי דו האסט מיך אפגעמאלען! סיי ווי, דו האסט גוט געהאנדעלט. פיהר מיך. ווער זי זאל ניט זיין — א גובערניע ליעבעלע, אדער „עמאנציפע" אזוי ווי קוקשינא, אבער פלייצעס האט זי — איך האב שוין לאנג אזעלכע ניט געזעהן.

ארקאדי'ן האט פארדראסען אויף באזאראוו'ס ציניזם, אבער — ווי עס פלעגט אפט טרעפען — האט ער פארגעווארפען זיין פריינד גראד ניט דאס, וואס איהם איז ניט געפעלען געווארען...

— פאר וואס דענקסטו, אז עס זיינען ניטא קיין פריי־דענקענדע פרויען? — האט ער שטיל געפרעגט.

— דערפאר, ברודער, ווייל אויף וויפיעל איך האב באמערקט, דענקען פריי נאר יענע פרויען, וועלכע זיינען פארזעהעניש'ען.

דער געשפרעך האט זיך ביי דעם געענדיגט. ביידע יונגעלייט זיינען אוועקגעפאהרען גלייך נאכ'ן מאלצייט. קוקשינא האט נער־וועז־בייז, אבער ניט אהן מורא, זיי נאכגעלאכט. איהר זעלבסט־זיכטיגקייט איז טיעף אנגעריהרט געווארען דורכדעם, וואס ניט דער און ניט יענער האבען זיך אויף איהר אומגעקוקט. זי איז שפעטער פון אלעמען געבליבען אויפ'ן באל און פיער אזייגער האט זי מיט סניטקאוו'ן דורכגעטאנצט א פאלקע מאזורקע אויף דעם

פאריזער אופן. מיט אט דער באלערענדער פארשטעלונג האט זיך געענדיגט דעם גובערנאטאר׳ס יום־טוב.

.15

— מיר וועלען זעהן צו וואס פאר א מין חיות זי גע־הערט, — האט אויף מארגען באזאראוו געזאגט צו ארקאדי׳ן, ארויס־געהענדיג מיט איהם אויף די טרעפ פון דער אכסניא, וואו אדינ־צאווא איז איינגעשטאנען. — מיין נאז שפירט, אז עפעס איז דא ניט גלאט.

— ס׳איז מיר א וואונדער אויף דיר! — האט ארקאדי אויסגע־שריען. — ווי? דו, דו באזאראוו האלסט זיך ביי יענער שמאלער מאראל, וועלכער...

— דו ביזט א נאר! — האט באזאראוו נאכלעסיג איבערגע־שלאגען. — דו ווייסט דען ניט, אז אויף אונזער שפראך און פאר אונזער׳ן א ברודער איז „ניט גלאט" מיינט „גלאט". ס׳הייסט, מ׳קאן דא עפעס קריגען. דו האסט דען היינט אליין ניט געזאגט, אז זי האט מאדנע חתונה געהאט. אפילו נאך מיין מיינונג נאך, איז חתונה האבען פאר אן אלטען מאן גארניט קיין מאדנע זאך, פארקערט: ס׳איז זעהר קלוג. אין די שטאדטישע ריידערייען גלויב איך ניט. פונדעסטוועגען האב איך ליעב צו דענקען, ווי עס זאגט אונזער געבילדעטער גובערנאטאר, אז זיי זיינען אמת׳דיג.

ארקאדי האט גארניט געענטפערט און האט אנגעקלאפט אין טיר. א יונגער דינער האט דיביידע פריינט ארייגעפיהרט אין א גרויסען צימער, שלעכט מעבלירט, אזוי ווי אלע צימערען פון די רוסישע אכסניות, נאר אויסגעשטעלט מיט בלימען.

אין א ווייל ארום איז אדינצאווא אריין אין א פשוט׳ער מארגען קלייד. זי האט נאך אויסגעזעהן איונגער אין דער ליכט פון דער פריהלינג־זון. ארקאדי האט פאר איהר פארגעשטעלט באזאראוו׳ן און מיט פארבאהאלטענער פארוואונדערונג האט ער באמערקט, אז באזאראוו האט זיך אביסעל פארלארען, אין דער צייט,

ווען אדינצאָווא איז געבליבן אזוי רוהיג ווי נעכטען. באזאראָוו אליין האט דערפיהלט, אז ער האט זיך אביסעל פארלארען, און עס האט איהם פארדראסען. „אט האסטו דיר! פאר א פרוי זיך דערשראקען!" האט ער א טראכט געטאן, און אריינווארפענדיג זיך אין א שטול ניט ערגער פון סיטניקאוו'ן, האט ער זיך צורעדט מיט איבערטריבענער נאכלעסיגקייט. אדינצאָווא האט פון איהם איהרע ליכטיגע אויגען ניט אראפּגענומען.

אנא סערגעיעוונא אדינצאָווא איז געבארען געווארען פון סער־געי ניקאלאיעוויטש לאָקטיעוו, וועלכער האט א נאמען געהאט פאר א שעהנעם, פאר אן אפעריסט און פאר א פארברענטען שפּילער. נאכדעם ווי ער האט אפּגעטומעלט א יאהר פופצעהן אין פּעטער־בורג און אין מאסקווע, האט ער געענדיגט מיט דעם, וואס ער האט במעט אלץ פארשפּיעלט. ער איז געצוואונגען געווען צו באזע־צען זיך אויפ'ן דארף, וואו ער איז אין גיכען געשטארבען, איבער־לאזענדיג א קליינעם פארמעגען צו זיינע צוויי טעכטער, אנא'ן — פון א יאהר צוואנציג און קאטערינא'ן — פון א יאהר צוועלף. זייער מאמע, וועלכע האט געשטאמט פון די פארארימטע געווארענע פירשטין ר..., איז געשטארבען אין פּעטערבורג, ווען איהר מאן איז נאך געווען אין זיין פולען גלאנץ. אנא'ס לאגע איז זעהר שווער גע־ווארען נאך איהר פאטער'ס טויט. די גלענצענדע ערציהונג, וואס זי האט געקראגען אין פּעטערבורג, האט איהר ניט צוגעגרייט צו הויזיגע זארגען — צו דעם טויבען דארפישען לעבען. זי האט קיינעם ניט געקאנט אין דעם גאנצען אומגעגענט, און זי האט ניט געהאט מיט וועמען צו האלטען זיך אן עצה. דער פאטער פלעגט אויסמיידען צו האבען באציהונגען מיט די שכנים — ער האט זיי ניט געקאנט אנקוקען און זיי איהם ניט, יעדער אויף זיין אופן. פונ־דעסטוועגען האט זי זיך ניט פארלארען און האט גלייך אראפּגע־בראכט צו זיך איהר מאמע'ס א שוועסטער, די פירשטין אוודאטיא סטיעפּאנאָוונא ר..., א בייזע בארימערישע אלטע, וועלכע האט צו־גענומען פאר זיך די בעסטע צימערען, ווען זי האט זיך באזעצט אין דער הויז פון איהר פּלימעניצע. זי פלעגט וואָרטשען פון אין

דער פריה ביז אויף דער נאכט, און אפילו אין גארטען פלעגט זי ארומשפאצירען ניט אנדערש, ווי מיט איהר איינציגען דינער, א לאקיי מיט א זויערען פנים און אן אפגעטראגענעם דינער־רעקעל מיט א בלויען באנד און אין א דריי־עקיגער היטעל. אנא האט געדולדיג אריבערגעטראגען אלע משוגעת׳ן פון איהר טאנטע, און האט זיך ביסלעכוויז אפגעגעבען מיט דער ערציהונג פון איהר שוועסטער. און עס האט אויסגעזעהן, אז זי האט שוין שלום געמאכט מיט דעם געדאנק, פארוועלקט צו ווערען אפגעזונדערט פון מענשען... ס׳איז איהר אבער אנדערש באשערט געווען.

צופעליג האט איהר דערזעהן איינער אדינצאוו, זעהר א רייכער מאן, פון א יאהר זעקס און פערציג, א מעלאנכאלישער, אן אנגע־בלאזענער, א שווערער און א זויערער, כאטש ניט קיין נאר און ניט קיין שלעכטער. ער האט זיך אין איהר איינגעליעבט און האט איהר פארגעשלאגען חתונה צו האבען מיט איהם. זי האט איינ־געוויליגט צו ווערן זיין פרוי. ער האט מיט איהר אפגעלעבט א יאהר זעקס און שטארבענדיג, האט ער אפגעשריבען אויף איהר נאמען זיין גאנצען פארמעגען. נאך זיין טויט איז אנא סערגעיעוונא ביי א יאהר צייט פון דארף ניט ארויסגעפאהרען. דערנאך איז זי צוזא־מען מיט איהר שוועסטער אוועקגעפאהרען קיין אויסלאנד. זי איז אבער נאר אין דייטשלאנד געווען. זי האט זיך פארבענקט און האט זיך צוריקגעקעהרט צו וואוינען אין איהר ליעבען ניקאל־סקאיע, וועלכער איז געווען א פערציג וויארסט אוועק פון שטאדט. זי האט דארטען געהאט א רייכע, שעהן־מעבלירטע הויז, א שעהנעם גארטען מיט אראנזשערעיען: דער פארשטארבענער אדינצאוו האט זיך אין קיין זאך ניט אפגעזאגט. אין שטאדט פלעגט אנא סערגעיעוונא פאהרען זעהר זעלטען, מייסטענס צוליעב געשעפט און אויך דאס ניט אויף לאנג. אין דער גובערניע האט מען איהר ניט ליעב געהאט, מ׳האט איהר שטארק בארעדט פאר איהר חתונה האבען מיט אדינצאוו׳ן. מ׳האט דערצעהלט וועגען איהר ניט גע־שטויגענע און ניט געפלויגענע זאכען, מ׳האט פארזיכערט, אז זי האט געהאלפען דעם פאטער אין זיינע שווינדלערישע דריידלאך

און אז קיין אויסלאנד איז זי ניט אומזיסט געפאהרען, נאר כדי צו באהאלטען אומגליקליכע פאלגען... „איהר פארשטעהט וואס?" פלעגען די רכילות־טרייבער דערזאגען, — „זי איז דורכגעגאנגען דורך פייער און דורך וואסער", פלעגט מען זאגען וועגען איהר, „און אויך דורך קופערנע קוימענס", פלעגט צוגעבען א באוואוסטער ווער־טעל־זאגער פון דער גובערניע. אט די אלע מעשיות פלעגען דער־געהן צו איהר. זיי זיינען איהר אבער איין אויער אריין און פון דעם צווייטען ארויס: איהר כאראקטער איז געווען א פרייער און אן ענטשלאסענער.

אדינצאווא איז געזעסען אנגעשפארט אויפ'ן ווענטעל פון שטול און פארלייגענדיג א האנט אויף א האנט, האט זי זיך איינגעהערט וואס באזאראוו האט גערעדט. ער האט גערעדט געגען זיין גע־וואוינהייט, א סך, און ער האט קענטיג געזוכט צו פאראינטערעסי־רען זיין צוהערערין, וואס דאס האט ווידער ארקאדי'ן פארוואונ־דערט. ער האט ניט געקאנט באשליסען, צי האט באזאראוו דער־גרייכט זיין צוועק. אויף אנא סערגעיעווגא'ס פנים איז שווער געווען צו דערקענען, וואס פאר אן איינדרוק ער האט אויף איהר גע־מאכט. די גאנצע צייט איז דער אויסדרוק פון איהר פנים געווען דערזעלבער, — א פריינדליכער און א דינער. איהרע שעהנע אוי־גען האבען געלויכטען מיט אויפמערקזאמקייט, אבער רוהיג. באַ־זאראווים ברעכען זיך אין די ערשטע מינוטען פון זיין באזוך האט ניט אנגענעם געווירקט אויף איהר, ווי א שלעכטער ריח, אדער ווי א גרילצענדער קלאנג. זי האט אבער גלייך פארשטאנען, אז ער האט זיך אביסעל פארלארען, און דאס האט איהר נאך אפילו הנאה געטאן. גראבקייט נאר — איז פאר איהר געווען אפשטויסענד, און אין גראבקייט וואלט קיינער באזאראווי'ן ניט באשולדיגט. אין יענעם טאג האט ארקאדי ניט אויפגעהערט צו וואונדערען זיך. ער האט ערווארט, אז באזאראוו וועט ריידען צו אדינצאווא'ן, ווי צו א קלוגער פרוי, וועגען זיינע איבערצייגונגען און אנשויאונגען — עס איז דאך איהר פארלאנג געווען צו הערען א מענשען, „וועלכער וואגט איז קיין זאך ניט צו גלויבען". אבער אנשטאט דעם, האט

באזאראוו נאר געקרעדט ווענען מעדיצין, וועגן האמעאפאטיע, וועגן באטאניקע. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז זי האט קיין צייט נים פארלארען אין איהר איינזאמקייט: זי האט איבער־געלייענט עטליכע גוטע ביכער און האט גערעדט א גוטען רוסיש. זי האט אנגעהויבען צו ריידען וועגן מוזיק, אבער באַ־מערקענדיג, אז באזאראוו אנערקענט נים קיין קונסט, האט זי לאַנג־זאם זיך ווידער אומגעקערט צו באטאניקע. באטש ארקאדי האט שוין אנגעהויבען ריידען וועגן דער באדייטונג פון פאלקס מעלאַ־דיען. אדינצאווא האט ניט אויפגעהערט צו באגעהן זיך מיט איהם, ווי מיט אן איינגערען ברודער. עס האט אויסגעזעהן, אז זי שעצט אין איהם די גוטסקייט און די אויפריכטיגקייט פון דער יוגענד — און דאס אלץ. א שעה דריי האט זיך געצויגען זייער נים־געאייל־טער, לעבעדיגער געשפרעך איבער פארשיידענע זאכען.

די פריינט האבען זיך ענדליך אויפגעהויבען און האבען זיך אנגעהויבען צו זעגענען. אנא סערגעיעוונא האט ליעבליך א קוק געטאן אויף זיי, האט ביידען דערלאנגט איהר שעהנע ווייסע האנט, און א טראכט געבענדיג א ווילע האט זי מיט א נים־ענט־שלאסענעם אבער ליעבליכען שמייכעל געזאגט:

— אויב איהר האט קיין מורא נים צו לאנגווייליגען זיך, טא קומט צופאהרען צו מיר אין ניקאלסקאיע.

— פארוואס זאגט איהר אזוי, אנא סערגעיעוונא? — האט אר־קאדי אויסגערופען. — איך וועל זיין העכסט צופרידען...

— און איהר, מוסיו באזאראוו?

באזאראוו האט זיך נאר א נויג געטאן, און ארקאדי האט זיך ווידער פארוואונדערט: ער האט באמערקט, אז זיין פריינד איז רויט געווארען.

— נו? — האט ער איהם א פרעג געטאן, ווען זיי זיינען שוין געווען אין גאס, — דו האלסט זיך נאך אלץ ביי דעם מיינונג, אז זי איז — אַי, אַי, אַי?

— ווער ווייס איהר! — ס'ט'נעזעהן ווי זי איז איינגעפרווי־רען! — האט באזאראוו געזאגט, און שווייגענדיג א ווילע האט ער

צוגעגעבן: — א הערצאגין, א פרינצעסין; אלץ וואס איהר פעהלט איז, א שלעפע און א קרוין אויפ'ן קאפ.

— אונזערע הערצאגינעןריידען ניט אזוי גוט רוסיש, — האט ארקאדי באמערקט.

— זי האט א סך דורכגעמאכט, ברודער'ל, זי האט אונזער ברויט פארזוכט.

— און פונדעסטוועגען איז זי וואונדערבאר, — האט ארקאדי געזאגט.

— ס'ארא רייכער קערפער! — האט באזאראוו ווייטער גע־רעדט! — כאטש פיהר איהר אוועק אין אן אנאטאמישען טעאטער.

— הער אויף, אום גאטעס ווילען, יעווגעני! דאס פאסט זיך ניט אהער.

— נו, זיי ניט אין כעס, ליעבעניקער. געווים איז זי וואונדער־באר. מ'דארף צופאהרען צו איהר.

— ווען?

— אפילו איבערמארגען; וואס האבען מיר דא צו טאן! טרינ־קען שאמפאניער מיט קוקשינא'ן, אדער הערען דיין קרוב, דעם הוי־בען באאמטען?... איבערמארגען וועלען מיר זיך אוועקלאזען. אגב, פון דארטען ביז צו מיין טאטענס גוט איז ניט ווייט. ניקאל־סקאיע געפינט זיך דאך אויף דערזעלבער וועג?

— יא.

Optime ניטא וואס אפצולעגען, אפלעגען איז אן ארבייט פאר נאראנים און פאר צו־קלוגע. איך זאג דיר: ס'איז א רייכער קערפער!

אין דריי טעג ארום זיינען שוין ביידע פריינט געוועזן אויפ'ן וועג נאך ניקאלסקאיע. דער טאג איז געוועזן א ליכטיגער און ניט זעהר א הייסער. די זאטע פערד זיינען פריינדליך געלאפען, ליכט באוועגענדיג מיט זייערע פארדרעהטע און פארפלאכטענע עקען. ארקאדי האט געקוקט אויפ'ן וועג און האט געשמייכעלט, אליין ניט־וויסענדיג פארוואס.

— ווינש מיר צו, — האט באזאראוו פלוצלונג אויסגערופען, —

היינט איז דער 22סטער יוני, אין דעם טאָג איז מיין מלאך געבאָרען געוואָרען. מיר וועלען זעהן, ווי ער מיהט זיך פאַר מיר. היינט וואַרט מען אויף מיר אין דערהיים, — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ נידעריגען קול... — נו, וועלען זיי צוואַרטען, ניט געפעהרליך.

.16

די הויז, אין וועלכער אַנאַ סערגעיעוונאַ האָט געוואוינט, איז געשטאַנען אויף אַן אָפענעם באַרג, ניט ווייט פון אַ גרינעם דאַך, מיט ווייסע זיילען און מיט אַ בילד al fresco איבער דעם הויפּט־אַריינגאַנג, וועלכער האָט פאָרגעשטעלט דעם „תחית המתים פון קריסטוס" לויט דעם איטאַליענישען סטיל. איבערהויפּט האָט זיך אין די אויגען געוואָרפען די אויסגעקייטעלעכדיגטע קאָנטורען פון אַ ברוינעם סאָלדאַט אין אַן אייזערנער היטעל, וועלכער איז געשטאַנען באַלד פון פאָרענט. הינטער'ן קלויסטער האָט זיך געצויגען אַ דאָרף אין צוויי רייהען הייזלאַך, פון וועלכע עס האָבען וואָר־ניט־וואו אַרויסגעשטאַרטשט קוימענס איבער שטרויענע דעכער. די פּריצישע הויז איז געווען געבויט אויף דעם זעלבען סטיל ווי דער קלויסטער. ס'איז יענער סטיל, וועלכען מ'רופט ביי אונז אַלעקסאַנדרישער. אויך דאָס הויז איז געפאַרבט געווען אויף געל, און עס האָט געהאַט אַ גרינעם דאַך און ווייסע זיילען און אַ גערב אויף דער פאָדערשטער וואַנט. דער גובערניע אַרכיטעקטאָר האָט אויסגעבויט דיביידע געביידען לויט דעם געשמאַק פון דעם פאַרשטאָרבענעם אַדינצאָוו, וועלכער האָט ניט געדולדעט קיין אינהאַלטסלאָזע און קיין הפקר־דיגע נייעסען, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. פון ביידע זייטען הויז זיינען געשטאַנען געדיכטע בוימער פון אַן אַלטען גאָרטען; אַן אַלעע פון אָפּגעשווירענע יאָלקעס האָט געפיהרט צום צופאַהר. צוויי לאַקייען אין דינער־רעקלאַך האָבען אונזערע פריינט באַגעגענט אין פאָדער־צימער, איינער פון זיי איז גלייך אַוועקגעלאָפען נאָכ'ן הויז־אויפזעהער... דער הויז־אויפזעהער, אַ דיקער מאַן אין אַ שוואַרצען פראַק איז גלייך געקומען און האָט די געסט אַרויפגעפיהרט איבער ווייכע טרעפּ אין אַ צימער, וואו עס זיינען שוין

געשטאַנען צוויי בעטן מיט די אַלע איבעריגע נויטיגקייטן. ס׳איז קאַנטיג געווען, אַז אין הויז האָט געהערשט אַן אָרדנונג: אַלץ איז געווען ריין, אומעטום האָט געשמעקט מיט אַן אַנגענעמען ריח, אַזוי ווי אין רעגירונגס־קאַבינעטען.

— אַנאַ סערגעיעוונאַ בעט אייך אַריינצוקומען צו איהר אין אַ האַלבער שעה אַרום, האָט געמאָלדען דער הויז־אויפזעהער, — צי האָט איהר ניט צו באַפעהלען עפּעס דערוייל?

— מיר האָבען גאָרנישט צו באַפעהלען, געעהרטער הער — האָט באַזאַראָוו געענטפערט. — אויב איהר ווילט אַזוי גוט זיין, טאָ ברענגט אַ גלעזעל שנאַפּס.

— גוט, — האָט דער הויז־אויפזעהער געזאָגט, ניט אָהן פאַר־וואונדערונג, און ער איז אַרויס סקריפּענדיג מיט די שטיוועל.

— ס׳אַראַ „גראַנזשאַנר״! — האָט באַזאַראָוו באַמערקט: — אַזוי, דוכט זיך, רופט זיך עס אויף אייער לשון? אַ הערצאָגינע און גענוג.

— אַ שעהנע הערצאָגינע, — האָט אַרקאַדי געזאָגט, — גלייך נאָך דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט זי איינגעלאַדען צו זיך אַזעל־כע גרויסע אַריסטאָקראַטען, ווי איך און דו.

— איבערהויפּט איך: אַ צוקינפטיגער דאָקטאָר און אַ רופא׳ס אַ זוהן און אַ דיאַטשעק׳ס אַן איינקעל... דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ דיאַטשעק׳ס אַן איינקעל?

— אַזוי ווי ספּעראַנסקי, — האָט באַזאַראָוו צוגעגעבען נאָך אַ קורצען שווייגען, און האָט די ליפּען פאַרקרימט. — פונדעסטוועגען איז זי אַ היבש ביסעל צולאָזען; אָה, ווי צולאָזען זי איז, אַט די פּריצ׳טע! צי זאָלען מיר ניט אָנטאָן פראַקען?

אַרקאַדי האָט נאָר מיט די פּלייצעס אַ קוועטש געטאָן... אָבער אויך ער איז געווען אַביסעל אומרוהיג.

אין אַ האַלבער שעה אַרום זיינען זיי אַראָפּ אין גאַסט־צימער. דאָס איז געווען אַ גערוימער, הויכער צימער, רייך מעבלירט, אָבער אָהן אַ באַזונדערען געשמאַק. די שווערע, רייכע מעבעל זיינען גע־שטאַנען אין אַ געוועהנליכער עפּעקטפולער אָרדנונג לעבען די ווענט,

אויסגעקלעפטע מיט ברוינע אבאיעס, אויף וועלכע עס זיינען געווען גאלדענע בלומען. דער פארשטארבענער אדינצאוו האט עס אויס־געשריבען פון מאסקווע דורך זיינעם א פריינט, א קאמיסיאנער א וויין־הענדלער. איבער דעם מיטעלסטען דיוואן איז געהאנגען א פארטרעט פון א בייזען, בלאנדען מאן — או עס האט זיך אויסגע־דוכט, אז ער קוקט אומפריינדליך אויף די געסט. „ס׳איז מסתמא ער", האט באזאראוו א שושקע געטאן ארקאדי׳ן און צונויפקנייט־שענדיג די נאז האט ער צוגעגעבען: „אפשר אנטלויפען?"
אבער אין דעם זעלבען אויגענבליק איז אריין די באלעבאסטע. זי איז געווען אנגעטאן אין א לייכטער קלייד, די גלאט פארקאמטע האהר הינטער די אויערען האבען צוגעגעבען א מיידעלשען אויס־דרוק איהר ריינעם און פרישען פנים.

— איך דאנק אייך, וואס איהר האט געהאלטען ווארט, — האט זי אנגעהויבען; — פארברענגט ביי מיר. דא איז באמת ניט שלעכט. איך וועל אייך באקאנען מיט מיין שוועסטער, זי שפּילט גוט פּיאנא. פאר אייך, מוסיו באזאראוו, איז עס אלץ איינס, אבער איהר, מוסיו קירסאנאוו, האט, דוכט זיך, ליעב מוזיק. אוי־סער דער שוועסטער וואוינט ביי מיר אויך אן אלטע טאנטע, און איינער א שכן פאהרט אמאל אן אין קארטען צו שפּילען. אט דאס איז אונזער גאנצע געזעלשאפט, און איצט לאמיר זיך זעצען.

אדינצאווא האט ארויסגעזאגט אט די עטליכע ווערטער מיט א מאדנער פּינקטליכקייט, עפּעס אזוי ווי זי וואלט עס אויסגע׳חזר׳ט אויף אויסענווייניג. דערנאך האט זי זיך געווענדט צו ארקאדי׳ן. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז איהר מאמע האט געקאנט ארקאדי׳ס מאמע׳ן; זי האט איהר אפילו פארטרויט וועגען איהר ליעבע צו ניקאלאי פּעטראוויטש׳ען. ארקאדי האט מיט היץ אנגעהויבען צו ריידען וועגען דער פארשטארבענער, און באזאראוו האט זיך דער־ווייל גענומען באקוקען די אלבאמען... „ס׳ארא שטילינקער איך בין געווארען", האט ער א טראכט געטאן ביי זיך.

א שעהנער יאנד־הונט מיט א בלויען האלזבענדעל איז אריינ־געלאפען אין גאסט־צימער, קלאפענדיג מיט די נעגעל איבער׳ן דיל.

און גלייך נאך איהם איז אריין א מיידעל פון א יאהר אכטצעהן, א שווארץ־האריגע, א טונקעלע, מיט א קיילעכדיגען אבער אנ־געגעמען פנים, מיט קליינע טונקעלע אויגען. זי האט אין די הענט געהאלטען א קערבעל, אנגעפילט מיט בלומען.

— אט האט איהר מיין קאטיא׳ן, — האט אדינצאווא געזאגט, אנווייזענדיג אויף איהר מיט׳ן קאפ.

קאטיא האט זיך א נויג געטאן, זיך צוגעזעצט לעבען איהר שוועסטער און האט גענומען פונאנדערקלייבען די בלומען. דער הונט, וועמעס נאמען עס איז געווען פיפי, איז צוגעגאנגען צו די געסט, באוועגענדיג מיט זיין עק, פריהער צו איינעם, נאכדעם צום צווייטען, און האט אריינגערוקט זיין קאלטען נאז אין יעדענס האנט.

— דו האסט דאס אליין אנגעריסען? — האט אדינצאווא גע־פרעגט.

— אליין, — האט קאטיא געענטפערט.

— און די טאנטע וועט קומען צו טיי?

— זי וועט קומען.

ווען קאטיא האט גערעדט, האט זי זעהר ליעבליך געשמייכעלט, צוריקגעהאלטען און אפען, און האט געקוקט עפעס אזוי ווי שטיפע־ריש־שטרענג, פון אונטען ארויף. אלץ אין איהר איז געווען יונג־גרין: סיי דער קול, סיי דער פוכעל אויף איהר גאנצען פנים, סיי די ראזע הענט מיט די ווייסליכע קרייזען אויף די לאדאניעס, סיי די עטוואס־צונויפגעקוועטשטע פלייצעס... זי איז אלע ווייל רויט געווארען און האט גיך אפגעכאפט דעם אטעם.

אדינצאווא האט זיך געווענדט צו באזאראוו׳ן.

— פון אנשטענדיגקייט וועגען באקוקט איהר די בילדער, יעוו־געני וואסיליטש, — האט זי אנגעהויבען. — עס אינטערעסירט אייך נים. רוקט זיך בעסער צו אהער און לאמיר דיסקוטירען איבער עפעס.

באזאראוו האט זיך צוגערוקט. — איבער וואס ווילט איהר דיסקוטירען? — האט ער געפרעגט.

— ווענען וואס איהר ווילט. איך ווארנע אייך, אז איך בין א שרעקליכע דעבאטאנטין.

— איהר?

— איך. קענטיג, אז ס'איז אייך א וואונדער. פאר וואס?

— דערפאר, ווייל אויף וויפיעל איך קאן אורטיילען, איז אייער כאראקטער א רוהיגער און א קאלטער, און כדי צו דעבאטירען, דארף מען מיטגעריסען ווערען.

— ווען האט איהר עס צייט געהאט צו דערקאנען מיך אזוי גיך? איך בין, ערשטענס, אז אומגעדולדיגע און אז עקשנ'טע, פרעגט קאטיא'ן, און צווייטענס, ווער איך זעהר לייכט מיטגעריסען.

באזאראוו האט א קוק געטאן אויף אנא סערגעיעוונא'ן.

— ס'קאן זיין. איהר דארפט עס בעסער וויסען. הייסט עס, אז איהר ווילט דעבאטירען. — גוט. איך האב באטראכט אין אייער אלבאם די בילדער פון זאקסישען שווייצאריען, און איהר האט מיר באמערקט, אז דאס קאן מיר ניט אינטערעסירען. איהר האט דאס געזאגט דערפאר, ווייל איהר האט געדענקט, אז איך אינטערעסיר זיך ניט מיט קונסט. ס'איז אמת. אבער די בילדער האבען מיך געקאנט פאראינטערעסירען פון א געאלאגישען שטאנדפונקט, פון דעם שטאנדפונקט, ווי אזוי די בערג האבען זיך פארמירט, למשל.

— אנטשולדיגט. ווי א געאלאג וועט איהר זיך גיכער באנוצען מיט א בוך, מיט ספעציעלע אפהאנדלונגען, און ניט מיט א בילדעל.

— אויף א בילדעל קאן איך מיט איין קוק דערזעהן דאס, וואס אין א בוך פארנעמט עס צעהן זייטען.

אנא סערגעיעוונא איז אנטשוויגען געווארען.

— און איהר אינטערעסירט זיך טאקע גארניט מיט קונסט? — האט זי געזאגט, אנשפארענדיג זיך מיט'ן עלענבויגען אויפ'ן טיש. דורך דער באוועגונג איז איהר פנים אויסגעקומען נעהנטער צו באזאראוו'ן. — ווי אזוי באגעהט איהר זיך אהן דעם?

— צוליעב וואס דארף איך עס? — ערלויבט מיר אייך צו פרעגען.

— כאטש צוליעב דעם, כדי מענשען צו פארשטעהן.

באזאראוו האט א שמייכעל געטאן.

— ערשטענס עקזיסטירט פאר דעם די ערפאהרונג פון לעבען, און צווייטענס, לאזט מיר אייך זאגען, אז צו שטודירען יעדען באזונדער איז ניט ווערט די טרחה. אלע מענשען זיינען עהנליך איינער אויפ׳ן צווייטען, ווי מיט׳ן קערפער — אזוי מיט דער נשמה: ביי יעדען פון אונז איז פאראן א מארך, א מילץ, א הארץ, די לונגען זיינען ביי איהם אויפ׳ן זעלבען אופן, און די אזוי גערופענע מאראלישע אייגענשאפטען זיינען אויך ביי אלעמען גלייך: קליינע אונטערשיידונגען זיינען ניט וויכטיג. עס איז גענוג איין מענשליכער עקזעמפליאר, כדי צו קענען אורטיילען איבער אלע אנדערע. מענשען זיינען געגליכען צו בוימער אין א וואלד, — קיין איין באטאניקער וועט זיך ניט אפגעבען מיט יעדער בעריאזע באזונדער.

קאטיא, וועלכע האט איילענדיג געקליבען א בלימעל צו א בלימעל, האט אומפארשטענדליך איהרע אויגען אויפגעהויבען אויף באזאראוו׳ן, און באגעגענענדיג זיין דורכפליהענדיגען נאכלעסיגען קוק, איז זי רויט געווארען ביז די אויערען. אנא סערגעיעוונא האט א מאך געטאן מיט׳ן קאפ.

— די בוימער אין וואלד, — האט זי איבערגע׳חזר׳ט. — לויט אייערע רייד נאך קומט אויס, אז עס איז ניטא קיין אונטערשייד צווישען א נארישען מענשען און א קלוגען, צווישען א שלעכטען און א גוטען.

— ניין, ס׳איז פארהאן: אזוי ווי צווישען א קראנקען און א געזונטען. די לונגען ביי א שווינדזיכטיגען זיינען ניט אזוי ווי ביי אייך און ביי מיר, כאטש זיי זיינען פארמירט אלץ איינס. מיר ווייסען, אומגעפעהר, פון וואס עס קומען ארויס קערפערליכע חולאת׳ן, און מאראלישע חולאת׳ן קומען ארויס פון א שלעכטער ערציהונג, פון פארשיידענע נארישקייטען, וואס מ׳האקט אריין אין מענשליכע קעפ פון קינדורייז אן, פון אן עקעלהאפטען צושטאנד פון דער געזעלשאפט. מיט איין ווארט: אנדערשט איבער די געזעלשאפט, און די חולאת׳ן וועלען פארשווינדען.

באזאראוו האט דאס אלץ געזאגט מיט אזא פנים, ווי ער וואלט

בעת מעשה געטראכט: „גלויב מיר, אדער גלויב מיר ניט, ס'איז אלס איינס!" ער האט זיינע לאנגע פינגער לאנגזאם דורכגע־פיהרט איבער די באקענבארדען, און זיינע אויגען זיינען אומגע־לאפען איבער די ווינקלען.

— און איהר דענקט, — האט אנא סערגעיעוונא געפרעגט, — אז ווען דע געזעלשאפט וועט אויסגעבעסערט ווערען, וועלען שוין מעהר ניט זיין קיין נארישע און שלעכטע מענשען?

— אין א ריכטיגער געזעלשאפטליכער ארדנונג וועט ווענינס־טענס זיין אלץ איינס, צי א מענש איז נאריש אדער קלוג, שלעכט אדער גוט.

— איך פארשטעה. ביי אלעמען וועט זיין איין און דער זעל־בער מילץ.

— אזוי וועט עס טאקע זיין, מיין הערין.

—אדינצאווא האט זיך געווענדט צו ארקאדיי'ן.

— און ווי אזוי איז אייער מיינונג, ארקאדי ניקאלאיעוויטש?

— איך בין איינשטימיג מיט יעווגעניי'ן, — האט ער געענט־פערט.

קאטיא האט אויף איהם א קוק געטאן פון אונטערן שטערען.

— איהר וואונדערט מיך, מיינע הערען, האט אדינצאווא גע־זאגט: — מיר וועלען זיך נאך אבער דורכשמועסען. און איצט הער איך, אז די טאנטע געהט טהע טרינקען. מיר דארפען רחמנות האבען אויף איהרע אויערען.

עס איז אריינגעקומען אנא סערגעיעוונא'ס טאנטע, די פירשטין כ., א קליינע, דארינקע פרוי מיט א פנים ווי אין א פויסט צונויפ־געקוועטשט, מיט אומבאוועגליכע בייזע אויגען, אונטער א גרויע קאפ האר. זי האט זיך קוים א נויג געטאן צו די געסט און האט זיך אריינגעזעצט אין א ברייטען סאמעטענעם שטול, אויף וועלכען קיינער האט קיין רעכט ניט געהאט צו זעצען זיך, אויסער איהר. קאטיא האט איהר אונטערגעשטעלט א בענקעל אונטער די פיס, די אלטע האט איהר ניט באדאנקט, זי האט אפילו ניט א קוק גע־טאן אויף איהר, זי האט נאר א מאך געטאן מיט דער האנט אונ־

מער דער געלער טוך, וואס האט כמעט אינגאנצען פארדעקט איהר שוואכען קערפער. די פירשטין האט ליעב געהאט די געלע פארב: אויף איהר הייבעל זיינען אויך געווען ליכטיג־געלע בענדלאך.

— ווי אזוי האט זיך אייך געשלאפען, טאנטע? — האט אדינצאווא געפרעגט אויף א נידעריגען קול.

— דער הונט איז שוין ווידער דא, — האט די אלטע א ווארטשע געטאן פאר אן ענטפער, און באמערקענדיג, אז פיפי האט געמאכט צוויי אומענטשלאסענע טריט אין איהר ריכטונג, האט זי אויסגעשריען: „אוועק, אוועק!“

קאטיא האט א רוף געטאן פיפי'ן און האט איהם אויפגעפענט די טיר. פיפי איז מיט שמחה ארויסגעלאפען, מיט דער האפענונג, אז מ'וועט איהם פיהרען שפאצירען, אבער בלייבענדיג אליין הינטערן טיר, האט ער אנגעהויבען צו דראפען זיך און קווימשען. די פירשטין האט זיך אגעבלאזען, קאטיא האט שוין געוואלט ארויסגעהן...

— איך דענק, אז ס'איז שוין פארטיג טהע. — האט אדינצאווא געזאגט. — קומט, מיינע הערען. טאנטע, קומט טרינקען טהע.

די פירשטין האט זיך, שווייגענדיג, אויפגעהויבען און איז די ערשטע ארויס פון גאסט־צימער. גלייך נאך איהר זיינען אלע אוועק אין עס־צימער. א קאזאקעל אין א דינער־רעקעל האט מיט א גערויש אפגערוקט פון טיש א שטול מיט קעשעלאך, אויך א הייליגען, אין וועלכען די פירשטין האט זיך אריינגעזעצט. קאטיא, וועלכע האט אנגעגאסען טהע, האט איהר דערלאנגט די ערשטע שאל, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאלען א גערב. די אלטע האט אריינגעלעגט האניג אין שאל (צו טרינקען טהע מיט צוקער האט זי געהאלטען פאר אן עבירה און פאר צו־טייער, כאטש זי אליין האט קיין קאפיקע ניט אויסגעגעבען אויף קיין זאך), און האט מיט אמאל א פרעג געטאן אויף א הייזעריגען קול:

— וואס שרייבט פירשט איוואן?

קיינער האט איהר ניט געענטפערט. באזאראוו און ארקאדי האבען גיך אויסגעפונען, אז מ'שענקט איהר קיין אויפמערקזאמקייט

נים, באטש מ'גיט איהר אפ כבוד. „מ'האלט איהר פון כבוד וועגען, ווייל זי שטאמט פון פירשטען", האט באזאראוו א טראכט געטאן... נאכ'ן טהע האט אנא סערגעיעוונא פארגעשלאגען צו געהן שפא־צירען, עס האט אבער אנגעהויבען צו שפריצען א רעגענדעל, און די גאנצע געזעלשאפט, מיט דער אויסנאם פון דער פירשטין, האט זיך צוריקגעקעהרט אין גאסט־צימער. עס איז געקומען צופאהרען דער שכן, דער ליבהאבער פון קארטען־שפיעל, מ'האט איהם גערופען פראפירי פלאטאניטש, ער איז געווען א גראבינקער, גרויאינקער מענשעל מיט קורצע פיסעלאך ווי אויסגעטאקטע, זעהר א העפ־ליכער און א פרעהליכער. אנא סערגעיעוונא, וועלכע האט מיינ־סטענס גערעדט מיט באזאראוו'ן, האט איהם געפרעגט, אויב ער האט חשק צו קעמפען מיט זיי אויפ'ן אלט־מאדישען שטייגער, אין פרעפעראנס. באזאראוו האט איינגעשטימט, זאגענדיג, אז ער דארף זיך באצייטענס צוגרייטען צו זיין צוקינפטיגער פליכט פון אן אויעזדנעם דאקטאר.

— היט זיך, — האט אנא סיערגעיעוונא באמערקט, — איך און פראפירי פראקאפיטש וועלען אייך צוקלאפען. און דו, קאטיא, — האט זי צוגעגעבען, — שפיעל עפעס פאר ארקאדי ניקאלאיע־וויטשען, ער האט ליעב מוזיק, אגב וועלען מיר אויך הערען.

קאטיא איז אהן חשק צוגעגאנגען צו דער פיאנא, און ארקאדי איז איהר נאכגעגאנגען אהן חשק, חאטש ער האט טאקע ליעב גע־האט מוזיק; איהם האט זיך אויסגעדוכט ,אז אדינצאווא שיקט איהם אוועק. און ביי איהם אין הארצען, ווי ביי יעדען יונגען מאן אין זיינע יאהרען, האבען זיך שוין אנגעקליבען עפעס אומרוהיגע פייניגענדע עמפינדונגען, וואס זיינען עהנליך געווען צו א פארגע־פיהל פון ליעבע. קאטיא האט אויפגעהויבען דעם צודעק פון דער פיאנא, און ניט קוקענדיג אויף ארקאדיען, האט זי שטיל געפרעגט:

— וואס זאל איך שפיעלען?

— וואס איהר ווילט, — האט ארקאדי גלייכגילטיג געענט־פערט.

— וואס פאר א סארט מוזיק געפעהלט אייך בעסער ? — האט קאטיא איבערגע'חזר'ט, ניט איבעראנדערשענדיג די פאזיציע.

— קלאסישע, — האט ארקאדי געענטפערט מיט דעם זעלבען קול.

— איהר האט ליעב מאצארטען ?

— מאצארטען האב איך ליעב.

קאטיא האט ארויסגענומען מאצארט'ס סאנאטא־פאנטאזיע. זי האט געשפיעלט זעהר גוט, כאטש א ביסעל שטרענג און טרו־קען. ניט אראפנעמענדיג די אויגען פון די נאטען און שטארק צונויפדריקענדיג די ליפען, איז זי געזעסען אומבאוועגלך און גלייך. ערשט ביים סוף פון דער סאנאטע האט זיך איהר פנים צופלאמט, און א קליינער לאק פון איהרע האהר איז אראפגעפאלען אויף א טונקעלען ברעם.

ארקאדי'ן איז זעהר שטארק געפעלען געווארען די לעצטע טייל פון דער סאנאטע, יענע טייל, וואו אין מיטען פון פארכאפענ־דיגער פרייד, פון א זארגלאזער מעלאדיע, רייסען זיך פלוצלונג דורך טענער, טרויעריגע, כמעט טראגישע... אבער די געדאנקען, וועלכע זיינען ארויסגערופען געווארען אין איהם דורך מאצארט'ס מוזיק, האבען גאר ניט געהאט צו טאן מיט קאטיאן. קוקענדיג אויף איהר, האט ער נאר א טראכט געטאן : „זי שפיעלט גאנץ פיין, און אליין איז זי אויך ניט מיאוס".

נאכדעם ווי זי האט געענדיגט די סאנאטע, האט זי א פרעג געטאן, ניט אוועקנעמענדיג די הענט פון די קלאווישען : „גענוג"? ארקאדי האט געענטפערט,ט אז ער וואגט ניט צו באמיהען איהר לייננער, און ער האט זיך צורעדט מיט איהר וועגען מאצארטען. ער האט איהר געפרעגט, אויב זי האט עס אליין אויסגעקליבען אט די סאנאטע, אדער אימיצער האט עם איהר רעקאמענדירט ? אבער קאטיא האט איהם קורץ געענטפערט : זי האט זיך ניט ארויסגע־וויזען ווי זי איז אין דער אמת'ן. אין אזא פאל פלעגט זי זיך ניט אזוי גיך ארויסווייזען ; אפלו דער אויסדרוק פון איהר פנים פלעגט ווערען אן איינגעשפארטער און כמעט א טעמפער. ס'איז ניט גע־

ווען דערפאר, ווייל זי האט מורא געהאט, נאר דערפאר ווייל איהר האט געפעהלט צוטרויען; זי איז געווען אנגעשראקען פון איהר שוועסטער, וועלכע האט איהר ערצויגען. פארשטעהט זיך, אז יענע האט אויף דעם ניט חושד געווען. ארקאדי האט געענדיגט מיט דעם, וואס ער האט צוגערופען פיפין, וועלכער האט זיך צוריקגע־קערט, און ער האט מיט א ליעבליכען שמייכעל אנגעהויבען צו גלעטען זיין קאפ. קאטיא האט זיך ווידער גענומען צו די בלומען. אנא סיערגעיעוונא האט מייסטערהאפט געשפיעלט אין קארטען, און באזאראוו האט, דערווייל, געהאלטען איז אייז פארלירען. פראפירי פלאטאניטש האט זיך אויך ניט געהאט וואס צו שעמען. באזאראוו איז ארוים דער פארלארענער, אמת, ער האט קיין סך ניט פארלארען, אבער מ׳קען ניט זאגען אז ס׳איז איהם געווען אנ־גענעם. ביינאכט, ביים עסען, האט אנא סיערגעיעוונא ווידער פארפיהרט א געשפרעך וועגען באטאניקע.

— לאמיר ארויסגעהן שפאצירען מארגען אין דער פריה, — האט זי איהם געזאגט. — איך וויל איהר זאלט מיר ערקלערען די איינענשאפטען און די לאטיינישע נעמען פון די פעלד־פלאנצען.

— צו וואס דארפט איהר האבען די לאטיינישע נעמען? — האט באזאראוו געפרעגט.

— אין אלץ דארף זיין אן ארדנונג, — האט זי געענטפערט.

— ס׳ארא וואונדערבארע פרוי זי איז! — האט ארקאדי אוים־געשריען, בלייבענדיג אליין מיט זיין פריינד אין דעם צימער, וואס מ׳האט זיי אפגעגעבען.

— יע, — האט באזאראוו געענטפערט, — א פרוי מיט מארך. זי האט א סך געזעהן.

— אין וואס פאר א זין זאגסטו עס, יעווגעני וואסיליטש?

— אין א גוטען זין, אין א גוטען, טייערינקער, ארקאדי ני־קאלאאיטש! איך בין זיכער, אז אויך איהר גוט פיהרט זי אוים־געצייכענט. אבער וואונדערבאר איז ניט זי, נאר איהר שוועסטער.

— ווי? אט די ברונעטקע.

— יע, אט די ברונעטקע. אט דאס איז פריש; און ניט גע־

ריהרט, און שרעקעדיג און שווייגענדיג, און אלץ וואס דו ווילסט. אט מיט וועמען מ׳מעג זיך אינטערעסירען. דו קענסט פון איהר מאכען וואס דו ווילסט, אבער יענע איז שוין אן אפגעריבענער קוילעטש.

ארקאדי האט באזאראווען גאר ניט געענטפערט, זיי האבען זיך געלייגט שלאפען יעדער מיט זיינע געדאנקען.

אויך אנא סיערגעיעוונא האט יענעם אווענט געטראכט וועגען איהרע געסט. באזאראוו איז איהר געפעלן געווארען פאר זיין ניט קאקעטירען און פאר זיינע געוואגטע מיינונגען. זי האט געזעהן אין איהם עפעס אזוינס, וואס זי האט נאך קיינמאל ניט באגעגענט, און זי איז נייגעריג געוועזן.

אנא סיערגעיעוונא איז געוועזן א מאדנע פרוי. ניט האבענדיג קיינע פאראורטיילען, און ניט האבענדיג קיינע גלויבענס, איז זי פאר קיין זאך ניט אפגעטראטען און איז אין ערגעץ ניט געגאנגען. א סך זאכען האט זי קלאר געזעהן, א סך זאכען האבען איהר אינטערעסירט, און קיין זאך האט איהר אין גאנצען ניט באפרידיגט, זי האט, דוכט זיך, גאר אליין ניט געוואלט א פאלשטענדיגע באפרידיגונג. איהר שכל איז געווען א נייגעריגער און א גלייכגילטיגער אין איין און דערזעלבער צייט: איהרע צווייפלען האבען זיך קיינמאל ניט איינגעשטילט ביז פארגעסענהייט, און קיינמאל ניט דערגאנגען ביז אומרוהיגקייט. ווען זי וואלט ניט געווען רייך און אומאפהענגיג, וואלט זי זיך אפשר ארייגעווארפען אין קאמף און וואלט דערפיהלט, וואס עס מיינט ליידענשאפט... איהר האט זיך, אבער, גרינג געלעבט, כאטש זי פלעגט זיך ווען ניט ווען לאנגווייליגען, און אזוי פלעגט זי באלייטען א טאג נאך א טאג, ניט געכאפט, און זעלטען, ווען זי פלעגט זיך אויפרעגען. ליכטיגע פארבען פלעגען זיך אמאל אנצינדען אויך פאר איהרע אויגען, זי פלעגט אבער אפרוהען, ווען זיי פלעגען פארלאשען ווערען און עס האט איהר ניט לייד געטאן. איהר פארשטעלונג פלעגט זיך אמאל פארטראגען אפילו איבער די גרענעצען פון דער אנגענומענער געוועהנליכער מאראל. אבער אויך דעמאלט פלעגט איהר בלוט ניט הויי־

סער קאַכען אין איהר וואונדערבאַר־שלאַנקען און רוהיגען קערפּער. עס פלעגט טרעפען, אַז אַרויסגעהענדיג פון אַ שמעקענדיגער וואַנע, אַ וואַרימע, אַ ווייכע, פלעגט זי זיך פאַרטראַכטען וועגען דער ווערטלאָזיגקייט פון לעבען, וועגען אומגליק און וועגען שלעכטס... איהר האַרץ פלעגט זיך מיט אַמאָל אָנפילען מיט געוואַגטקייט, פלעגט אָנהויבען קאָכען פאַר אַ נאָבעלער שטרעבונג. עס איז אָבער גענוג געווען, אַז אַ צוג־ווינטעל זאָל אַ בלאָז טאָן פון אַ האַלב־צוגע־מאַכטען פענסטער, און אַנאַ סיערגעיעווּנאַ פלעגט זיך צונויפדרע־הען, פלעגט זיך אָנהויבען באַקלאָגען, פלעגט כמעט איז כעס ווערען, און זי האָט נאָר איין זאַך פאַרלאַנגט אין אָט דעם אויגענבליק: אַז עס זאָל ניט בלאָזען אויף איהר דער מיאוס'ער ווינט. אזוי ווי אַלע פרויען, ווען עס איז ניט אויסגעקומען צו ליעבען, האָט זי עפּעס געוואָלט, אַליין ניט וויסענדיג, וואָס אייגענטליך. אין דער אמת'ן האָט זיך איהר גאָר ניט געוואָלט, כאָטש עס האָט זיך איהר אויסגעדוכט, אַז זי וויל אַלץ. דעם פאַרשטאָרבענעם אָדינ־צאָוו האָט זי קוים פאַרטראָגען (זי האָט פאַר איהם חתונה געהאַט פאַר זיין געלט, כאָטש זי וואָלט אייגענטליך ניט איינגעשטימט צו ווערען זיין ווייב, ווען זי וואָלט איהם ניט געהאַלטען פאַר א גוטען מענשען) און זי האָט דערפיהלט אַ פאַרבאָרגענעם עקעל צו אַלע מענער. זי האָט זיך זיי אַנדערש ניט פאָרגעשטעלט, ווי ניט ריינע, שווערע, צוקראָכענע, שוואַכע דערעסענדיגע וועזענס. איינמאָל האָט זי ערגעץ אין אויסלאַנד באַגעגענט אַ יונגען שעהנעם שוועד מיט אַ ריטערישען אויסדרוק אויף זיין פּנים, מיט ערענט־ליכע בלויע אויגען אונטער אַן אָפענעם שטערען, ער האָט אויף איהר געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק; עס האָט איהר אָבער ניט געשטערט צוריקצוקערען זיך קיין רוסלאַנד.

„אַ מאָדנער מענש אָט דער דאָקטאָר!“ האָט זי געטראַכט, ליגענדיג אין איהר רייכער בעט אויף קאַרונענע קישעלאַך, אונטער אַ גרינגער זיידענער קאָלדרע... אַנאַ סיערגעיעווּנאַ האָט גע'ירש'נט פון איהר טאַטען אַ טייל פון זיין נייגונג צו לוקסוס. זי האָט שטאַרק געליעבט איהר זינדיגען, אָבער גוטען טאַטען, און ער האָט איהר

פאַרגעטערט, פלעגט פריינדליך שפּאַסען מיט איהר, ווי מיט זיין גלייכען, האָט איהר אַלץ אָנפאַרטרויט, פלעגט זיך עצות האַלטען מיט איהר. איהר מאַמען האָט זי קוים געקענט געדענקען.

„אַ מאָרגען אָט דער דאָקטאָר!" האָט זי אין זיך איבערגע־חזר'ט, זי האָט זיך אַ ציה געטאָן, האָט אַ שמייכעל געטאָן, האָט פאַרוואָרפען די הענט הינטער'ן קאָפּ, דערנאָך איז זי דורכגעלאָפען מיט די אויגען אַ צוויי זייטלאַך פון אַ נאַרישען פראַנצויזישען ראָ־מאַן, דער בוך איז אַרויסגעפאַלען, און זי איז איינגעשלאָפען אַ ריינע, אַ קאַלטע אין ריינע פאַרפיומירטע וועש. אויפ'ן צווייטען פריהמאָרגען איז זי גלייך נאָכ'ן אָנבייסען אַוועק מיט באַזאַראָווען אין פעלד און האָט זיך ניט צוריקגעקעהרט ביז מיטאָג עסען... אַר־קאַדי איז געבליבען אַליין און האָט פאַרבראַכט אַ שעה מיט קאַ־טיאַן, אהם איז ניט געווען לאַנגווייליג מיט איהר. זי האָט אַליין פאָרגעשלאָגען איבערצושפּיעלען די נעכטיגע סאָנאַטע, אָבער ווען אַרינצאָווא האָט זיך ענדליך צוריקגעקעהרט און ווען ער האָט איהר דערזעהן—האָט זיך זיין האַרץ גלייך צונויפגעקוועטשט... זי איז געאַנגען איבער'ן גאָרטען מיט אַ עטוואָס מידען גאַנג, איהרע באַ־קען האָבען זיך גערויטעלט, און איהרע אויגען האָבען העלער גע־לויכטען, ווי געוועהנליך אונטער אַ שטרויענעם קיילאַכדיגען הוט. זי האָט אין איהרע פינגער געדרעהט אַ דינעם שטענגעלע פון אַ פעלד־בלימעל, איהר לייכטער מאַנטעל האָט אַנגעריהרט איהרע עלענבויגענס, און די ברייטע גרויע באַנדען פון איהר הוט האָבען זיך אָנגעקלעפּט אויף איהר ברוסט. באַזאַראָוו איז געאַנגען הינטער איהר זיכער און נאָכלעסיג, ווי שטענדיג, אָבער דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז אַרקאַדיין ניט געפעלען געוואָרען, כאָטש ער איז גע־ווען אַ פרעהליכער און ליעבליכער. אַ זאָג געבענדיג צווישען די ציינער: „גוט מאָרגען" — איז באַזאַראָוו אַוועק צו זיך אין צימער, און אַדינצאָווא האָט אַ צומראַנגענע אַרקאַדי'ס האַנט אַ דריק געטאָן און זי איז איהם אויך פאַרביי געאַנגען.

„גוט מאָרגען", האָט אַרקאַדי אַ טראַכט געטאָן... „וואָסי, מיר האָבען זיך דען היינט ניט געזעהן?"

.17

די צייט פליהט אמאל ווי א פויגעל, און אמאל קריכט זי ווי א ווארים, אבער דער מענש פיהלט בעסער ווי אלעמאל דעמאלט, ווען ער באמערקט גאר ניט צי זי געהט דורך גיך אדער שטיל. אר־קאדי און באזאראוו האבען אט אזעלכע פופצעהן טעג פארבראכט ביי אדינצאוואן. אין דעם האט אויך געהאלפען די ארדנונג, וואס זי האט איינגעפיהרט אין הויז און אין לעבען. זי האט עס אליין שטרענג אפגעהיט און האט אויך אנדערע געצוואונגען אפצוהיטען עס. יעדען טאג איז יעדע זאך געטאן געווארען אין א באשטימ־טער צייט. אין דער פריה, פונקט אכט אזייגער, פלעגט די גאנצע געזעלשאפט טרינקען טיי, פון טיי טרינקען ביז אנבייסען פלעגט יעדער טאן וואס ער פלעגט וועלען, די באלעבאסטע פלעגט זיך פארנעמען מיט׳ן אנגעשטעלטען (דער גוט איז געווען פארדונגען), מיט די הויז־אויפזעהער און מיט דער הויפט הויז־פרוי. פאר׳ן מיטאג עסען פלעגט זיך דער עולם ווידער צוזאמענקומען כדי צו שמועסען און צו לייענען. דער אווענט איז געווען געווידמעט פאר שפאצירען, פאר קארטען און פאר מוזיק. האלב עלף פלעגט אנא סיערגעיעווגא אוועק צו זיך אין צימער, פלעגט אנזאגען וואס צו טאן אויפ׳ן צווייטען טאג און פלעגט זיך לייגען שלאפען. בא־זאראווען איז ניט געפעלען געווען אט די אויסגעמאסטענע יום־טוב׳דיגע פינקטליכקייט אין דעם אלטעגליכען לעבען, „אזוי ווי אויף רעדלאך“, פלעגט ער זאגען: די לאקייען און די דינער קליי־דער און די מאנירליכע אויפזעהער האבען באליידיגט זיינע דעמא־קראטישע געפיהלען... — אויב שוין יע אזוי, — האט ער געזאגט, — דארף מען עסען אויף דעם ענגלישען מאניר, אין פראקען און אין ווייסע שניפסען. ער האט דאס איינמאל געזאגט אנא סיערגע־יעוונאן. זי האט זיך געהאלטען אזוי, אז יעדער האט איהר גאנץ פריי געקענט ארויסזאגען זיין מיינונג. זי האט איהם אויסגע־הערט און געזאגט: „פון אייער שטאנדפונקט זייט איהר גערעכט— און עס קען זיין, אז אין דעם פאל בין איך א פריצ׳טע. מ׳קען

אַבער אויפ'ן דאַרף ניט לעבען אַהן אַן אָרדנונג, ס'איז אומועטיג".
— און זי האָט ווייטער געטאַן דאָס זעלבע. באַזאַראָוו האָט גע־וואָרטשעט, אַבער סיי איהם סיי ארקאַדיז, האָט זיך זעהר גוט גע־לעבט ביי אָדינצאָוואַ'ן, ווייל ביי איהר אין הויז „איז געגאַנגען ווי אויף רעדלאַך". שוין אין די ערשטע טעג פון זייער זיין אין ני־קאָלסקאָיע איז אין ביידע יונגעלייט פאָרגעקומען אַן ענדערונג. ביי באַזאַראָווען, מיט וועלכען אַנאַ סיערגעיעוונאַ איז קענטיג צופרידען געווען, כאָטש זי האָט זעלטען מיט איהם איינגעשטימט, האָט זיך אָנגעהויבען ארויסצואווייזען אַן אומרוהיגקייט, וואָס דאָס איז ביי איהם קיינמאָל פריהער ניט געווען; ער פלעגט זיך גיך אויפרעגען, פלעגט ריידען ניט ווילענדיג, קוקען בייז און האָט ניט געקענט איינ־זיצען אויף אַן אָרט, ווי עפּעס וואָלט איהם אונטערגעהויבען. און אַרקאַדי, וועלכער האָט אַליין ביי זיך באַשלאָסען, אַז ער איז פאַר־ליעבט אין אָדינצאָוואַן, איז ארומגעגאַנגען אַ נידערגעשלאָגענער. סיי ווי, דאָס האָט איהם ניט געשטערט צוזאַמענצוקומען זיך נעהנ־טער מיט קאַטיאַן, דאָס האָט אפילו צוגעהאָלפען, אַז זייערע באַצי־הונגען זאָלען ווערען ליעבליכע און חבר'שע. „מיך שעצט זי ניט! מילא!... אַבער אַזאַ גוטער וועזען ווי קאַטיאַ שטויססט מיך ניט אַוועק", האָט ער געטראַכט, און זיין האַרץ האָט ווידער פאַרזוכט די זיסקייט פון גרוסמוטיגע עמפּינדונגען. קאַטיאַ האָט פאַר־שטאַנען, כאָטש ניט קלאָר, אַז ער זוכט עפּס אַ טרויסט אין איהר געזעלשאַפט, און זי האָט ניט אָפּגעזאָגט, ניט איהם, ניט זיך אין דעם אומשולדיגען פאַרגעניגען פון האַלב־שעמעוודיגער, האַלב אָנ־פאַרטרויטער פריינדשאַפט. אין אַנאַ סיערגעיעוונאַס אנוועזענהייט האָבען זיי ניט גערעדט צווישען זיך. קאַטיאַ פלעגט זיך שטענדיג צונויפדריקען אונטער דעם שאַרפען קוק פון איהר שוועסטער. און אַרקאַדי פלעגט קיין זאַך ניט קענען שענקען קיין אויפמערקזאַמ־קייט, אַזוי ווי אַלע פאַרליעבטע, איז דער אַנוועזענהייט פון יענעם וועמען מ'האָט געליעבט. אַבער גוט האָט ער זיך געפיהלט נאָר מיט קאַטיאַ'ן. ער האָט געפיהלט, אַז ער קאָן אָדינצאָוואַן ניט פאַראינטערעסירען. ער פלעגט זיך שרעקען און פלעגט זיך פאַר־

לירען, ווען ער פלעגט בלייבען מיט איהר אליין, און זי האט ניט געוואוסט וואס איהם צו זאגען: ער איז געוועזן צו יונג פאר איהר. מיט קאטיאן, ווידער, האט ער זיך געפיהלט ווי אין דער היים. ער האט זיך פארהאלטען צו איהר עניוות'דיג ער האט איהר ניט גע־שטערט ארויסצוזאגען איהרע איינדרוקען, וועלכע זיינען ערוועקט געווארען אין איהר פון דער מוזיק, פון דערצעהלונגען, פון לידער און נאך אזעלכע נארישקייטען, אליין ניט באמערקענדיג, אדער ניט צוגעבענדיג, אז אט די נארישקייטען אינטערעסירען אויך איהם. און קאטיא, פון איהר זייט, האט איהם ניט געשטערט אין זיין אר־מעט. ארקאדיו איז גוט געוועזן מיט קאטיאן, און אדינצאוואן — מיט באזאראווען. און דערפאר פלעגט געוועהנליך טרעפען אזוי: נאכדעם וויביידע פארלאך פלעגען אפזיין א קורצע צייט אינאיי־נעם, פלעגען זיי זיך פאנאנדערגעהן אויף באזונדערע זייטען, אי־בערהויפט פלעגט עס טרעפען דעמאלט, ווען זיי פלעגען שפאצירן. קאטיא איז באגייסטערט געוועזן פאר דער שעהנקייט פון דער נאטור, און ארקאדי האט איהר ליעב געהאט, כאטש ער האט זיך ניט גע־וואלט מודה זיין אין דעם. אדינצאווא איז צו איהר געוועזן גלייכ־גילטיג פונקט אזוי ווי באזאראוו. די כמעט שטענדיגע אפגעזונ־דערטקייט פון אונזערע חברים האט אריינגעבראכט אן ענדערונג צווישען זייערע באציהונגען. באזאראוו האט אויפגעהערט צו ריידען מיט ארקאדין וועגען אדינצאוואן, ער האט אפילו אויפגע־הערט אפצולאכען פון איהרע „אריסטאקראטישע מאניערען". קא־טיאן האט ער געלויבט ווי פריהער, ער האט נאר געראטען אפצו־געוואוינען איהר פון די סענטאמענטאלע נייגונגען. אבער זיין לויי־בען איהר איז געוועזן א נאכלעסיגער, זיינע עצות טרוקען. און ער האט אין אלגעמיין מיט ארקאדין גערעדט א סך ווייניגער ווי פריי־הער... ווי ער וואלט עפעס אויסגעמידען, ווי ער וואלט זיך גע־שעמט פאר איהם...

ארקאדי האט דאס אלץ באמערקט, ער האט אבער גאר ניט געזאגט.

די אמת'ע אורזאכע פון אט דער „ענדערונג" איז געוועזן זיינע

געפיהלען צו אדינצאוואן, א געפיהל, וועלכער האט איהם געמא־
טערט און משוגע געמאכט, און פון וועלכען ער וואלט זיך גלייך אפ־
געזאגט מיט א פאראכטענדען געלעכטער און מיט צינישער שפאט,
ווען עמיצער וואלט איהם כאטש נאר אן אנצוהערעניש געגעבען וועגען דער מעגליכקייט פון דאס, וואס אין איהם איז פארגעקומען. באזאראוו איז געוועזן א גרויסער ליעבהאבער פון פרויען און פון פרויען־שעהנקייט. אבער ליעבע אין דעם אידעאלען זין, אדער, ווי ער האט זיך איסגעדריקט: אין דעם ראמאנטישען, האט ער גע־האלטען פאר אן אונזין, פאר אן אומפארגעבליכער נארישקייט, רי־טערישע געפיהלען האט ער באטראכט פאר א סארט קראנקהייט, און ניט איינמאל האט ער אויסגעדריקט זיין פארוואונדערונג, פארוואס מ'האט ניט אריינגעזעצט אין משוגעים־הויז טאגענבורגען מיט אלע גערמאנישע מיטעלאלטערליכע פאעטען און טרובאדורען!
— „אויב ס'געפעלט דיר א פרוי", פלעגט ער זאגען, „שטרעבט זיך אן צו קריגען איהר, און אויב מ'קען ניט, איז — דארף מען ניט, געה אוועק — די ערד איז ניט קליין". אדינצאווא איז איהם גע־פעלען געווארען: די פארשפרייטע קלאנגען וועגען איהר, די פריי־הייט און די אומאפהענגיגקייט פון איהרע געדאנקען, איהר אומ־צווייפעלהאפטע גוטע באציהונג צו איהם — אלץ איז, דוכט זיך, געוועזן ווי געוואונשען. ער האט אבער גיך איינגעזעהן, אז ער האט א טעות, אז קריגען קען ער איהר ניט און אפצוקעהרען זיך פון איהר האט ער צו זיין פארוואונדערונג קיין כחות ניט געהאט. זיין בלוט פלעגט אנהויבען צו זידען ווי נאר ער פלעגט א טראכט טאן וועגען איהר. ער וואלט זעהר גרינג בייגעקומען זיין בלוט, אבער עפעס אנדערש האט איהם באאומרוהיגט, וואס ער פלעגט קיינמאל ניט דערלאזען, פון וואס ער פלעגט שטענדיג לאכען, וואס עס פלעגט אנריהרען זיין שטאלץ. אין די געשפרעכען מיט אננא סיערגע־יעוונא פלעגט ער נאך מעהר ווי פריהער ארויסזאגען זיין גלייכ־גילטיגע פאראכטונג צו אלץ, וואס עס איז ראמאנטיש, און בליי־בענדיג אליין, פלעגט ער מיט פארדראס געפינען דעם ראמאנטי־קער אין זיך אליין. דעמאלט פלעגט ער זיך אויסקלאזען אין וואלד

און פלעגט שפאנען מיט גרויסע טריט, ברעכענדיג צווייגלאך אויף זיין וועג, און זידלענדיג סיי איהר, סיי זיך. אדער ער פלעגט ארויפקריכען אין שייער אויף די היי, און פלעגט מיט געוואלד צור־מאכען זיינע אויגען, כדי איינצושלאפען. אבער, ס'פארשטעהט זיך, אז ניט אלע מאל האט זיך עס איהם איינגעגעבען. פלוצלונג פלעגט זיך איהם פארשטעלען, אז איהרע צארטע הענט װעלען װען ניט איז ארומכאפען זיין האלז, אז איהרע שטאלצע ליפען װעלען ענטפערען אויף זיינע קושען, אז איהרע קלוגע אויגען װעלען מיט צארטקייט — יע, מיט צארטקייט קוקען אין זיינע אויגען, און זיין קאפ פלעגט זיך איהם פארדרעהען און ער פלעגט זיך פארגעסען אויף א װיילע, ביז עס פלעגט זיך אין איהם װידער אנצינדען דער צארן. ער פלעגט זיך אליין כאפען אין פארשידענע מיאוס'ע גע־דאנקען, עפעס אזוי װי א שד װאלט זיך מיט איהם גערייצט. אמאל פלעגט זיך איהם אויסדוכטען, אז אין אדינצאװאנ'ן קומט פאר אן ענדערונג, אז אין דעם אויסדרוק פון איהר געזיכט האט זיך באַ־װיזען עפעס, װאס, ס'קען זיין... אבער דא פלעגט ער געװעהנליך א טופע טאן מיט'ן פוס, אדער ער פלעגט פארקריצען זיינע צייהן און פלעגט צונויפקװעטשען זיין פויסט.

באזאראװ האט פון דעסטװעגען, ניט אין גאנצען א טעות גע־האט. ער האט געצויגען אדינצאװס אויפמערקזאמקייט. ער האט איהר אינטערעסירט, זי האט א סך געטראכט פון איהם. אמת, אין זיין אבװעזענהייט האט זי זיך ניט געלאנגװיילינט זי פלעגט איהם ניט ערװארטען, אבער װי נאר זי פלעגט איהם דערזעהן, פלעגט זי לעבעדיג װערען, זי פלעגט מיט פארגעניגען בלייבען מיט איהם אליין און פלעגט מיט פארגעניגען ריידען מיט איהם, אפילו דעמאלט, װען ער פלעגט איהר אריינברייגען אין כעס אדער אנגרייפען איהר גע־שמאק, איהרע גרויסארטיגע געװאוינהייטען, װי זי װאלט געװאלט איהם אויספרואװען און זיך אויסגעפינען.

איינמאל, שפאצירענדיג מיט איהם אין גארטען, האט ער פלוצלונג פארדריסליך א זאג געטאן, אז ער קלייבט זיך אין ניבען אװעקצופאהרען אין דארף צום טאטען... זי איז בלייך געװארען,

ווי איהר וואלט עפעס אין הארצען א שטאך געטאן, אזוי א שטאך געטאן, אז זי האט זיך פארוואונדערט און האט נאכדעם א סך גע־טראכט וועגען דעם, וואס זאל עס באטייטען? באזאראוו האט איהר געלאזען וויסען וועגען זיין אוועקפאהרען, ניט כדי אויסצו־פרואווען איהר און זעהן וואס דערפון וועט ארויסקומען: ער האט דאס קיינמאל ניט געטאן. אין יענעם פריהמארגען האט ער זיך געזעהן מיט'ן טאטענס אנגעשטעלטען, מיט זיין געוועזענעם ער־ציהער טימאפעאיטש. אט דער טימאפעאיטש איז געוועז א פליג־קער אלטער מיט אפגעבליאקירטע געלע האר, מיט א פנים א רויטען פון ווינט און מיט קלייניקע טרערענדלאך אין זיינע צונויפגע־צויגענע אויגען. ער האט זיך אומערווארט באוויזען פאר בא־זאראווען אין אויסגעשמירטע שטיוועל, מיט א קורצינקען מאנטעל פון גראבען גרוי־גרינעם געוואנט, אונטערגעגארטעלט מיט א רימען.

— א, וואס מאכסטו, אלטער? — האט באזאראוו אויסגע־רופען.

— גוט מארגען, טאטעלע יעווגעני וואסיליטש, — האט דער אלטער אנגעהויבען, און האט זיך פריידיג צושמייבעלט, און זיין גאנצער פנים איז מיט אמאל באדעקט געווארען מיט קנייטשען.

— ווי קומסטו אהער? מ'האט דיך געשיקט נאך מיר?

— ווי אזוי קענט איהר עס זאגען, טאטאלע! — האט טימאפע־איטש אנגעהויבען שטאמלען (ער האט זיך דערמאנט אויף דעם שטרענגען אנזאג, וואס ער האט געקראגען פון זיין באלעבאס, פאר זיין אפפאהרען.) — דער באלעבאס האט מיך אין שטאדט געשיקט וועגען געשעפט־זאכען; איך האב געהערט, אז איהר זייט דא, נו, האב איך אויפ'ן וועג צום שטאדט זיך פארקירעוועט אהער, ס'הייסט — א קוק צו טאן אויף אייך... וואס הייסט איך וועל קומען באאומרוהיגען?

— נו, זאג קיין ליגען ניט, — האט באזאראוו איבערגעשלא־גען. — אויב אין שטאדט, איז ווי קומסטו אויף דער וועג?

טימאפעאיטש האט זיך א קנייטש געטאן און ער האט גארניט געענטפערט.

— דער טאטע איז געזונט ?

— גאַנץ צו דאנקען.

— און די מאמע ?

— אויך ארינא וואסיליעוונא איז גאַנץ צו דאנקען.

— מ'ווארט אויף מיר ?

דער אַלטעטשקער האָט אָנגעבוינגען אויף אַ זייט זיין קליינע קעפעל :

— אַך יעווגעני וואסיליעוויטש, ווי אַזוי זאָל מען ניט וואַר־טען ! איהר מעגט מיר הייליג גלויבען, אַז זיי קוקען זייערע אויגען אוים ווארטענדיג אויף אייך.

— נו, גוט, גוט ! דערצעהל מעהר ניט, זאָג זיי, אַז איך וועל אין גיכען קומען.

— גוט, — האָט טימאָפעאיטש געענטפערט מיט אַ זיפץ.

ארויסגעהענדיג פון הויז, האָט ער מיטביידע הענט ארויפגע־וואָרפען די היטעל אויפ'ן קאָפּ, איז ארויפגעקראָכען אויף דער אָרעמער דראָזשקע, וועלכע איז געשטאַנען לעבען טויער, און ער האָט זיך אָוועקגעלאָזען, אָבער ניט אין דער זייט וואָס פיהרט צום שטאָדט.

אין יענעם טאָג אין אָוונט איז אָדינצאָווא געזעסען ביי זיך אין צימער מיט באַזאראָווען, און ארקאדי איז אומגעגאנגען איבער'ן זאָל און האָט זיך איינגעהערט ווי קאַטיא שפּיעלט. די פירשטין איז ארויף צו זיך אין דער הויך. זי האָט אין אַלגעמיין ניט גע־קענט פאַרטראָגען קיין געסט, און איבערהויפּט אָט די „נייע קבצנים", ווי זי האָט זיי אָנגערופען. צווישען מענשען האָט זי זיך געבלאָזען, דערפאַר אָבער ביי זיך, פאַר איהר קאַמערדינערין, פלעגט זי זיך פאַנאַנדערלאָזען מיט אַזאַ זידלעריי, אַז די הייבעל פלעגט אומטאַנצען ביי איהר אויפ'ן קאָפּ. אָדינצאָווא האָט דאָס אַלץ געוואוסט.

— ווי אַזוי קלייבט איהר זיך עס פאָהרען, — האָט זי אָנגע־הויבען, — און אייער צוזאָג ?

באַזאראָוו האָט אַ ציטער געטאָן :

— וועלכער?

— איהר האט פארגעסען? איהר האט מיר געוואלט געבען עטליכע אויפגאבען אין כעמיע.

— וואס זאל איך טאן? דער טאטעווארט אויף מיר. מ'טאר לענגער ניט פארבלייבען. סיי ווי, איהר קענט איבערלייענען: Pelouse et Fremy, Notions generales de chimie, ס'איז א גוטער בוך און איז קלאר אנגעשריבען. איהר וועט דארט געפינען אלץ, וואס מ'דארף.

— איהר געדענקט אבער, איהר האט מיר פארזיכערט, אז א בוך קען ניט פארבייטען... איך האב פארגעסען ווי איהר האט זיך אויסגעדריקט, אבער איהר ווייסט וואס איך וויל זאגען... איהר געדענקט?

— וואס זאל איך טאן? — האט באזאראוו איבערגע'חזר'ט.

— נאך וואס פאהרען? — האט אדינצאווא א זאג געטאן אין דער שטיל.

ער האט אויף איהר א קוק געטאן. זי האט פארוואָרפען איהר קאפ אויפ'ן ווענטעל פון שטוהל און האט צונויפגעלייגט די הענט אויפ'ן הארצען. זיי זיינען געווען איפגעדעקט ביז די עלענבויגענס. זי האט אויסגעזעהן בלייך פאר דעם שיין פון אן איינציגען לאמפ, א באהאנגענער מיט אן אויסגעשניטענער פאפיר. די ברייטע ווייסע קלייד האט איהר אין גאנצען פארדעקט מיט איהרע ווייכע פאלדען. עס האבען זיך קוים ארויסגעזעהן די שפיצען פון איהרע פיס, וועלכע זיינען אויך געווען צונויפגעלייגט.

— און צוליעב וואס בלייבען? — האט באזאראוו געענטפערט.

אדינצאווא האט עטוואס א קעהר געטאן איהר קאפ:

— וואס הייסט צוליעב וואס? ס'איז דען אייך ביי מיר ניט פרעהלאך? אדער איהר דענקט, אז מ'וועט דא נאך אייך ניט בענקען?

— איך בין איבערצייגט אין דעם.

אדינצאווא האט א ווײלע געשוויגען.

— אומזיסט דענקט איהר אזוי. איך גלויב סיי ווי ניט. איהר האט דאס ניט געקענט זאגען ערנסט.

באזאראוו איז נאך אלץ געזעסען אומבאוועגליך.

— יעווגעני וואסיליעוויטש, וואס שווייגט איהר?

— נו, וואס זאל איך זאגען? נאך מענשען איז ניטא וואס צו בענקען און נאך מיר אודאי ניט.

— פאר וואס זאגט איהר אזוי?

— איך בין א מענש א באשטימטער, אן אומאינטערעסאנ־טער. איך קען ניט ריידען.

— איהר זוכט קאמפלימענטען, יעווגעני וואסיליעוויטש.

— דאס איז געגען מיין געוואוינהייט. איהר ווייסט דען אליין ניט, אז די שעהנע זייט פון לעבען איז ניט פאר מיר; יענע זייט, וועלכע ס'איז ביי אייך אזוי טייער?

אדינצאווא האט א ביס געטאן א ברעג פון איהר נאזטיכעל:

— דענקט וואס איהר ווילט, אבער איך וועל זיך לאנגווייליגען ווען איהר וועט אוועקפאהרען.

— ארקאדי וועט בלייבען, — האט באזאראוו באמערקט.

אדינצאווא האט א קניימש געטאן מיט די פלייצעס.

— איך וועל זיך לאנגווייליגען, — האט זי איבערגע'חזר'ט.

— איהר מיינט עס אויף אן אמת? סיי ווי, עס וועט לאנג ניט אנהאלטען.

— פאר וואס דענקט איהר אזוי?

— דערפאר, ווייל איהר האט מיר אליין געזאגט, אז איהר לאנגווייליגט זיך נאר דאן, ווען אייער ארדנונג איז געשטערט. איהר האט אזוי אומזינדיג־פינקטליך איינגעארדענט אייער לעבען, אז עס איז אין איהם קיין פלאץ ניטא ניט פאר לאנגווייליגען זיך, ניט פאר בענקען... פאר קיינע שווערע געפיהלען.

— און איהר דענקט, אז איך בין אומזינדיג... ס'הייסט, אז אזוי גוט האב איך איינגעארדענט מיין לעבען?

— נאך ווי! אט, צום ביישפיעל: אין עטליכע מינוטען ארום

וועט דער זייגער קלאפּען צעהן, און איך ווייס שוין אפריהער, אז איהר וועט מיך דורכטרייבען.

— ניין, איך וועל ניט דורכטרייבען, יעווגעני וואסיליעוויטש. איהר קענט בלייבען. עפענט אויף די פענסטער... איך פיהל אזוי שטיקענדיג.

באזאראוו האט זיך אויפגעהויבען און האט א שטויס געטאן די פענסטער, וועלכע האט זיך גלייך ברייט אויפגעעפענט... ער האט ניט ערוואַרט, אז עס וועט זיך אזוי גרינג עפענען, דערצו האבען זיך נאך זיינע הענט געטרייסעלט. א פינסטערע, ווייכע נאכט האט געקוקט אין פענסטער מיט איהר כמעט שווארצען הי־מעל, מיט די עטוואס רוישענדיגע ביימער און מיט דעם פרישען ריח פון דער פרייער, ריינער לופט.

— לאזט אראפּ דעם פארהאנג און זעצט זיך, — האט אדינ־צאווא געזאגט. — מיר ווילט זיך דורכשמועסען מיט אייך פאר אייער אפפאהרען. דערצעהלט מיר עפּעס וועגען זיך, איהר רעדט קיינמאל ניט וועגען זיך.

— איך זוך צו ריידען מיט אייך וועגען נוצליכע זאכען, אנא סיערגעיעוונא.

— איהר זייט זעהר באשיידען... איך וואלט אבער געוואלט וויסען וועגען אייער לעבען, וועגען אייער פאמיליע, וועגען אייער טאטען, צוליעב וועלכען איהר ווארפט אונז אוועק.

„פאר וואס רעדט זי אזעלכע ווערטער" האט באזאראוו א טראכט געטאן.

— אט דאס אלץ איז גאר ניט אינטערעסאנט, — האט ער הויך ארויסגעזאגט, — איבערהויפּט פאר אייך, מיר פינסטערע מענשען...

— און איך, דענקט איהר, בין אן אריסטאקראטקע?

באזאראוו האט אויפגעהויבען די אויגען אויף אדינצאווא:

— יע, — האט ער ארויסגעזאגט מיט איבערטריבענער שארפ־קייט.

זי האט א שמייכעל געטאן:

— איך זעה, אז איהר קענט מיך וועניג, כאטש איהר פאר־זיכערט, אז אלע מענשען זיינען עהנליך איינער צום צווייטען, און אז עס לוינט ניט צו שטודירען זיי. איך וועל אייך אמאל דערצעה־לען וועגען מיין לעבען... אבער איצט דערצעהלט מיר וועגען אייערען.

— איך קען אייך וועניג, — האט באזאראוו איבערגע'חזר'ט.

—ס'קען זיין, אז איהר האט רעכט, ס'קען זיין, אז ס'איז ריכטיג, אז יעדער מענש איז א רעטעניש. אט כאטש איהר צום ביישפיעל, איהר דארפט ניט קיין געזעלשאפט, זי באלעסטיגט אייך, און איהר האט צו זיך איינגעלאדען צוויי סטודענטען. פאר וואס וואוינט איהר אין דארף, איהר מיט אייער שכל און מיט אייער שעהנקייט?

— ווי, ווי אזוי האט איהר געזאגט? — האט אדינצאווא לעבעדיג אונטערגעכאפט. — מיט מיין... שעהנקייט?

באזאראוו איז ערנסט געווארען.

— סאיז אלץ איינס, — האט ער געזאגט, — איך האב גע־וואלט זאגען, אז איך פארשטעה ניט גוט, פארוואס איהר האט זיך באזעצט אויפ'ן דארף?

— איהר פארשטעהט עס ניט... פון דעסטוועגען, ערקלעהרט איהר זיך עס ווי ניט איז?

— יע... איך דענק, אז איהר זיצט אויף איין ארט דערפאר, ווייל איהר האט זיך צולאזען, ווייל איהר האט ליעב קאמפארט, באקוועמליכקייט, און צו אלע איבעריגע זאכען זייט איהר גלייכ־גילטיג.

אדינצאווא האט ווידער א שמייכעל געטאן:

— איהר ווילט אבסאלוט ניט גלויבען, אז איך בין פעהיג מיט־געריסען צו ווערען?

באזאראוו האט א קוק געטאן אויף איהר פון אונטער'ן שטע־רען. — אפשר מיט נייגעריגקייט, אבער ניט מיט עפעס אנדערש.

— איז עס טאקע אזוי? — נו, איצט פארשטעה איך אויך פאר וואס מיר האבען זיך צונויפגעטראפען, איהר זייט דאך אזא ווי איך

— מיר האבען זיך צונויפגעטראפען... — האט באזאראוו שטיל געזאגט.

— יע!.. איך האב גאר פארגעסען, אז איהר ווילט אוועק־פאהרען.

באזאראוו האט זיך אויפגעהויבען. א לאמפ האט טונקעל געברענט אין מיטען פון דעם פיין שמעקענדיגען, איינזאמען צי־מער. דורך דעם פארהאנג, וועלכער פלעגט זיך א וויג טאן פון צייט צו צייט, האט זיך אריינגעגאסען די אויפרעגענדע פרישקייט פון דער נאכט, עס האט זיך געהערט איהר געהיימניספולער אטע־מען. אדינצאווא האט זיך קיין ריהר ניט געטאן מיט קיין אבר, אבער א פארבארגענע אומרוהיגקייט האט איהר ביסלעכווייז ארומגעכאפט... אויך באזאראוו איז אנגעשטעקט געווארען. ער האט פלוצלונג דערפיהלט, אז ער געפינט זיך אליין מיט א יונגער, וואנדערשעהנער פרוי...

— וואוהין געהט איהר? — האט אדינצאווא שטיל געפרעגט.

ער האט גארניט געענטפערט און האט זיך אראפגעלאזען אויפ'ן שטוהל.

— אזוי, איהר האלט מיך פאר א רוהיגען, פארצערטעלטען, צולאזענעם וועזען, — האט זי ווייטער געזאגט מיט דעם זעלבען קול, ניט אראפלאזענדיג די אויגען פון פענסטער. — און איך ווייס וועגען זיך, אז איך בין אמגליקליך.

— איהר זייט אומגליקליך! פאר וואס? ניט שוין זשע קימערען אייך די מיאוס'ע רכילות?

אדינצאוואס פנים האט זיך צונויפגעקנייטשט. איהר האט פארדראסען, וואס ער האט איהר אזוי פארשטאנען.

— אט די אלע רכילות רופען אפילו ניט ארוים ביי מיר קיין שמייכעל, יעווגעני וואסיליעוויטש. און איך בין צו שטאלץ, אז איך זאל זיי ערלויבען צו באאומרוהיגען מיך. איך בין אומגליקליך דערפאר, ווייל איך האב ניט קיין פארלאנג און קיין לוסט צו לע־בען, איהר קוקט און אייך גלויבט זיך ניט. איהר קלעהרט: אט דאס רעדט אן „אריסטאקראטקע“, וועלכע זיצט אויף א סאמעטע־

נעם שטוהל אין גאנצען אנגעטאן אין זיידענס. איך לייקען ניט, איך האב ליעב דאס, וואס איהר רופט אן קאמפארט, און אין דער זעלבער צייט האב איך א קליינעם חשק צו לעבען. נעמט אויף מיין ווידערשפרוך ווי איהר ווילט. סיי ווי, אט דאס אלץ איז דאך ביי אייך ראמאנטיזם.

באזאראוו האט א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ:

— איהר זייט געזונט, אומאפהענגיג, רייך. היינט וואס נאך? וואס ווילט איהר?

— וואס איך וויל? — האט אדינצאווא איבערגע׳חזר׳ט, און האט א זיפץ געטאן. — איך בין זעהר מיעד, איך בין אלט, מיר דוכט, אז איך לעב שוין זעהר לאנג. יע, איך בין אלט, — האט זי צוגעגעבען, שטיל ארויפציהענדיג די שפיצען פון איהר מאנטעלע אויף איהרע אפגעדעקטע הענט. איהרע אויגען האבען זיך באגעגענט מיט באזאראוו׳ס, און זי איז עטוואס רויט געווארען. — הינטער מיר זיינען שוין דא אזוי פיעל עראינערונגען: דאס לעבען אין פעטערבורג, רייכטום, דערנאך ארימקייט, דערנאך דעם טאטענס טויט, מיין חתונה האבען, דערנאך מיין רייזע קיין אויסלאנד, ווי עס באדארף צו זיין... עראינערונגען א סך און דערמאנען זיך איז ניטא אויף וואס, און פאראויס, פאר מיר — א לאנגע, לאנגע וועג, און קיין צוועק איז ניטא... און מיר ווילט זיך געהן.

— אזוי שטארק זייט איהר ענטוישט? — האט באזאראוו געפרעגט.

— ניין, — האט אדינצאווא געענטפערט, אפשטעלענדיג זיך, — אבער איך בין ניט באפרידיגט. מיר דוכט, ווען איך וואלט זיך געקענט שטארק צובינדען צו עפעס...

— אייך ווילט זיך ליעבען, — האט איהר באזאראוו איבערגעשלאגען. — און ליעבען קענט איהר ניט: אט אין וואס עס באשטעהט אייער אומגליק.

אדינצאווא האט זיך גענומען צו באטראכטען די ארבעל פון איהר מאנטעלע.

— צי דען קען איך ניט ליעבען? — האט זי געפרעגט.

— איך גלויב קוים! אבער אומזיסט האב איך עס אנגע־רופען אומגליק. פארקעהרט, יענער, מיט וועמען אזא זאך פאסירט, פארדיענט גיכער רחמנות.

— פאסירט, וואס?

— איינליעבען זיך.

— און פון וואנען ווייסט איהר עס?

— פון דעם, וואס איך האב געהערט, — האט באזאראוו בייז געענטפערט.

„דו קאקעטירסט", האט ער א טראכט געטאן. „דו לאנגוויי־ליגסט זיך, און רייצסט מיך פון נים האבען וואס צו טאן, און מיר..." זיין הארץ ביי איהם האט זיך טאקע אזוי געריסען.

— דערצו נאך קען זיין, אז איהר פאדערט צו פיעל, — האט ער געזאגט, אנבויגענדיג זיך מיט'ן גאנצען קערפער פאראויס און שפיעלענדיג זיך מיט די פרענז פון שטוהל.

— ס'קען זיין. ביי מיר איז אדער אלץ אדער גארנים. א לעבען פאר א לעבען. האסט גענומען מיינעם, גיב מיר דיינעם און דע־מאלט שוין אהן רחמנות און נים אויף אומצוקערען. און אויב נים אזוי, איז שוין בעסער אין גאנצען נים.

— אויב אזוי? — האט באזאראוו באמערקט: — זיינען די באדינגונגען יושר'דיגע, און ס'איז מיר א וואונדער, וואס איהר האט ביז איצט... נים געפונען דאס, וואס איהר האט פארלאנגט.

— און איהר דענקט, אז עס איז אזוי גרינג אפצוגעבען זיך אין גאנצען צו אבי וועמען?

— ס'איז נים גרינג, אויב מ'הויבט אן נאכצודענקען און אויסצוווארטען, און געבען זיך א ווערטה, ס'הייסט זיך טייער האלטען. אבער אז מ'דענקט נים נאך, איז זעהר גרינג אפצוגעבען זיך.

— ווי אזוי זאל איך זיך נים טייער האלטען? אויב איך האב קיין ווערטה נים, איז ווער נויטיגט זיך אין מיין איבערגע־בענהייט?

— דאס איז שוין נים מיין זאך, וועגען דעם זאל יענער דאגה'ן,

וואס פאר א ווערטהע איך האב. די הויפט זאך איז, אז מ׳דארף קע־
נען זיך אפגעבען.

אדינצאווא האט זיך אפגעבויגען פון שטוהל ווענטעל:

— איהר רעדט עפעס אזוי, — האט זי אנגעהויבען, ווי איהר אליין וואלט דאס אלץ מיטגעמאכט.

— ס׳איז אזוי אויסגעקומען, אנא סיערגעיעווגא: אבער דאס אלץ, ווייסט איהר, אז איך רייד ניט פון מיר.

— אבער איהר וואלט זיך געקענט אפגעבען?

— איך ווייס ניט, איך וויל זיך ניט באריהמען.

אדינצאווא האט גארניט געזאגט, און באזאראוו איז אנשוויי־
גען געווארען. קלאנגען פון דעם פארטעפיאן האבען זיך דערטרא־
גען צו זיי פון גאסט־צימער.

— וואס שפיעלט עס קאטיא אזוי שפעט, — האט אדינצאווא באמערקט.

באזראוו האט זיך אויפגעהויבען.

— ס׳איז שוין טאקע שפעט, ס׳איז אייך שוין צייט שלאפען.

— ווארט, וואוהין איילט איהר... איך דארף אייך עפעס זאגען.

— וואס?

— ווארט, — האט אדינצאווא א שעפטשע געטאן. איהרע אויגען האבען זיך אפגעשטעלט אויף באזאראווען. עס האט אויס־
געזעהן, אז זי באטראכט איהם אויפמערקזאם.

ער איז זיך דורכגעגאנגען איבער׳ן צימער, דערנאך איז ער פלוצלונג צו איהר צוגעגאנגען, האט איילענדיג א זאג געטאן „א גוטע נאכט“, און האט איהר די האנט א קוועטש געטאן אזוי, אז זי האט שיער ניט א געשריי געטאן און איז ארויס. זי האט צוגע־
טראגען צו די ליפען איהרע צונויפגעקלעפטע פינגער, האט אויף זיי א הויך געטאן, און האט זיך מיט אמאל האסטיג אויפגעהויבען פון שטוהל און האט זיך געלאזען מיט גיכע טריט צום טיר, ווי זי וואלט געוואלט אומקערען באזאראווען...

די קאמער־מיידעל איז אריין אין צימער מיט א פלאש אויף א זילבערנער טאץ. אדינצאווא האט זיך אפגעשטעלט, האט איהר

נעהייסען אוועקגעהן און זי האָט זיך ווידער געזעצט, און האָט זיך ווידער פארטראַכט. איהר צאָפּ האָט זיך אָפּגעוויקעלט, און איז ווי אַ טונקעלער שלאַנג געפאַלען אויף איהר פּלייצע. דער לאָמפּ האָט נאָך לאַנג געברענט אין אַנאַ סיערגעיעווגאַ'ס צימער, און זי איז נאָך לאַנג געזעסען אומבאַוועגליך, פון צייט צו צייט פלעגט זי דורכפיהרען איהרע פינגער איבער די הענט, וועלכע עס האָט געביסען די נאַכטיגע קעלט.

און באַזאַראָוו האָט זיך אין צוויי שעה אַרום צוריקגעקעהרט אין זיין שלאָף־צימער מיט נאַסע שטיוועל פון טוי, אַ צושויבער־טער און אַ בייזער. ער האָט אַרקאַדי'ן געטראָפען ביים שרייב־טיש מיט אַ בוך אין האַנט, פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּלאַך.

— דו האָסט זיך נאָך ניט געלעגט? — האָט ער ווי פאַר־דראָסיג אַ פרעג געטאָן.

— דו ביזט היינט לאַנג געזעסען מיט אַנאַ סיערגעיעוונאַ'ן, — האָט אַרקאַדי געזאָגט, ניט ענטפערענדיג אויף זיין פראַגע.

— יע, איך בין מיט איהר געזעסען די גאַנצע צייט, וואָס איהר האָט געשפּיעלט אויף דעם פּאַרטעפּיאַן.

— איך האָב ניט געשפּיעלט... — האָט אַרקאַדי אָנגעהויבען, און איז אַנשווייגען געוואָרען. ער האָט געפיהלט, אַז טרעהרען שפּאַ־רען זיך איהם אין די אויגען, און איהם האָט זיך ניט געוואָלט צו־וויינען פאַר זיין אָפּלאַכענדיגען חבר.

.18

אויפ'ן צווייטען טאָג, ווען אָדינצאָווא איז אַראָפּגעגאַנגען טרינקען טיי, איז באַזאַראָוו שוין לאַנג געזעסען אָנגעבויגען איבער זיין שאָל, און פּלוצלונג האָט ער אויף איהר אַ קוק געטאָן... זי האָט זיך צו איהם אומגעדרעהט, ווי ער וואָלט איהר אַ שטויס גע־טאָן, און איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי איז אַביסעל בלייכער געוואָרען דורך דער נאַכט. זי איז גלייך אַוועק צו זיך אין צימער און איז צוריקגעקומען ערשט צום אָנבייסען.

אין דער פריה איז געווען רעגענדיג, און עס איז ניט מעגליך געווען צו שפּאַצירען. די גאַנצע געזעלשאַפט איז זיך צונויפגעקומען אין גאַסט־צמער. אַרקאַדי האָט גענומען דעם לעצטען נומער פון אַ זשורנאַל, און האָט אָנגעהויבען צו לייענען. די פירשטין האָט, ווי איהר געוואוינהייט, זיך פריהער איינגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געטאָן אַן אומאַנשטענדיגע זאַך, דערנאָך האָט זי אויף איהם בייז אָנגעשטעלט די אויגען; ער האָט זיך אָבער אויף איהר ניט אומגעקוקט.

— יעווגעני וואַסיליעוויטש — האָט אַנאַ סערגעיעווגאַ געזאָגט, — קומט צו מיר... איך וויל ביי אייך פרעגען... איהר האָט נעכטען אָנגערופען אַ לעהר־בוך...

זי האָט זיך אויפגעהויבען און האָט זיך געלאָזען צום טיר. די פירשטין האָט אַ קוק געטאָן ארום זיך מיט אַזאַ אויסדרוק, ווי זי וואָלט געוואָלט זאָגען: „זעהט, זעהט ווי איך וואונדער זיך!" און זי האָט ווידער אָנגעשטעלט איהרע אויגען אויף אַרקאַדין, אָבער ער האָט נאָך העכער געדעדט, און דורכקוקענדיג זיך מיט קאַטיאַן, לעבען וועלכער ער איז געזעסען, האָט ער ווייטער געלייענט.

אָדינצאָווא איז מיט גיכע טריט צוגעגאַנגען צו איהר קאַבינעט. באַזאַראָוו איז איהר גיך נאָכגעגאַנגען, ניט אויפהויבענדיג די אויגען; ער האָט נאָר געהערט ווי פאַראויס האָט זיך געגליטשט און געשאַרשקעט די זיידענע קלייד. אָדינצאָווא האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף דעם זעלבען שטוהל, אויף וועלכען זי איז נעכטען געזעסען, און באַזאַראָוו האָט פאַרנומען זיין נעכטיגען אָרט.

— ווי וואָס איז דער נאָמען פון דעם בוך? — האָט זי אָנגעהויבען נאָך אַ קורצען שווייגען.

— Pelouse et Fremy, notions generales... — האָט באַזאַראָוו געענטפערט, — סיי ווי, מ'קען אייך אויך רעקאָמענדירען — gonot, Iroite elementaire de physique experimentale אין דעם דאָזיגען בוך זיינען די צייכנונגען פּינקטליכע און אין אַלגעמיין איז אָט דער לעהר־בוך...

אָדינצאָווא האָט אויסגעשטרעקט איהר האַנט.

— יעווגעני וואַסיליטש, ענטשולדיגט מיר, איך האָב אייך אָבער ניט גערופען אהער, כדי צו ריידען מיט אייך וועגען לעהר־ביכער; מיר האָט זיך געוואָלט פאַרטזעצען אונזער נעכטיגען גע־שפּרעך. איהר זייט אַוועק אַזוי פּלוצלונג... ס'וועט אייך ניט זיין לאַנגווייליג?

— איך בין גרייט אייך צו דיענען, אַנאַ סיערגעיעוונאַ. אָבער וועגען וואָס האָבען מיר נעכטען גערעדט?

אַדינצאָווא האָט פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף באַזאַראָווען.

— דוכט זיך, אַז מיר האָבען גערעדט וועגען גליק. איך האָב אייך דערצעהלט וועגען זיך אַליין. אגב, איך האָב דערמאָנט דאָס וואָרט „גליק". זאָגט, פאַר וואָס איז עס, אַז אפילו דעמאָלט, ווען מיר האָבען פאַרגעניגען, צום ביישפּיעל, פון מוזיק, פון אַ גוט פאַרבראַכטען אָוועגט, פון אַ געשפּרעך מיט סימפּאַטישע מענשען, פאַר וואָס דוכט זיך אונז, אַז דאָס אַלץ זיינען ניכער אָנדייטונגען אויף עפּעס אַ גרויסען, ערגעץ עקזיסטירענדען גליק, איידער אמת'ער גליק, ס'הייסט איידער אַזאַ, וועלכען מיר אַליין האָבען? פאַר וואָס איז עס? אָדער איהר, האָט אפשר ניט אַזעלכע עמפּינ־דונגען?

— איהר ווייסט דאָך דעם שפּריכוואָרט: „דאָרט איז גוט, וואו מיר זיינען ניטאָ", — האָט באַזאַראָוו געזאָגט. — אַ חוץ דעם האָט איהר דאָך נעכטען אַליין געזאָגט, אַז איהר זייט ניט באַפרי־דיגט. און מיר פאַלט גאָר קיינמאָל אַזעלכע זאַכען ניט איין.

— אפשר זעהען זיי אייך אויס לעכערליך?

— ניין. נאָר עס פאַלט מיר קיינמאָל ניט איין צו טראַכטען וועגען דעם.

— טאַקע? אָבער ווייסט, איך וואָלט זעהר געוואָלט וויסען, וועגען וואָס איהר טראַכט?

— ווי? איך פאַרשטעה אייך ניט.

— הערט, איך האָב שוין לאַנג געוואָלט ריידען מיט אייך. איהר דאַרפט גאָר ניט זאָגען, — איהר ווייסט עס אַליין, — אַז איהר זייט ניט פון די געוועהנליכע מענשען: — איהר זייט נאָך

יונג — איהר האָט נאָך פאַר זיך אַ גאַנצען לעבען. צו וואָס גרייט איהר זיך? וואָס פאַר אַ צוקונפט ערוואַרט אייך? איך וויל זאָגען — וואָס פאַר אַ צוועק ווילט איהר דערגרייכען, וואוהין געהט איהר, וואָס איז ביי אייך אויף דער נשמה? מיט איין וואָרט, ווער זייט איהר? וואָס זייט איהר?

— ס'איז מיר אַ וואונדער אויף אייך אַנאַ סיערגיעוונאַ. איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך פאַרנעהם זיך מיט נאַטור־וויסענשאַפט, און ווער איך בין...

— יע, ווער זייט איהר?

— איך האָב דאָך אייך שוין געמאָלדען, אַז איך בין אַ צוקונפטיגער אויעזדנער רופא.

אַנאַ סיערגעיעוונאַ האָט געמאַכט אַן אומגעדולדיגע באַוועגונג.

— פאַר וואָס זאָגט איהר דאָס? איהר גלויבט דאָך אַליין ניט אין דעם. אַרקאַדי וואָלט מיר געקענט אַזוי ענטפערען, אָבער ניט איהר.

— און מיט וואָס איז אַרקאַדי...

— הערט אויף! איז עס דען מעגליך, אַז איהר זאָלט זיך צופרידענשטעלען מיט אַזאַ באַשיידענער טעטיגקייט. האָט איהר דען אַליין ניט אַ סך מאָל געזאָגט, אַז פאַר אייך עקזיסטירט ניט קיין מעדיצין. איהר — מיט אייער זעלבסטזיכטיגקייט — אַן אויעזדנער רופא! איהר ענטפערט מיר אַזוי, כדי אָפּצוטשעפּען זיך פון מיר, דערפאַר ווייל איהר האָט צו מיר קיין צוטרויען ניט. און ווייסט איהר, יעווגעני וואַסיליטש, אַז איך וואָלט אייך געקענט פאַרשטעהן: איך בין אַליין געווען אָרים און זעלבסטזיכטיג, אַזוי ווי איהר, איך האָב, אפשר, דורכגעמאַכט דאָס וואָס איהר.

— דאָס אַלץ איז זעהר שעהן, אַנאַ סיערגעיעוונאַ, אָבער ענטשולדיגט מיר... איך בין איבערהויפּט ניט איינגעוואוינט אַרויסצוזאָגען זיך, און צווישען מיך און אייך איז אַזאַ שטרעקע...

— וואָס פאַר אַ שטרעקע? איהר וועט מיר ווידער זאָגען,

אַז איך בין אַן אַריסטאָקראַטקע ? הערט אויף, יעווגעני וואַסי־
ליטש, איך האָב אייך שוין, דוכט זיך, דערוויזען...

— און אַ חוץ דעם, — האָט באַזאַראָוו איבערגעשלאָגען, —
וואָס האָט מען דערפון, וואָס מ'רעדט און מ'טראַכט פון אַ צוקונפט,
וועלכע איז מייסטענס ניט אָפּהענגיג פון אונז ? וועט זיך מאַכען
אַ געלעגענהייט צו טאָן עפּעס — איז גוט, און אויב ניט — וועסט
ווייניגסטענס צופרידען זיין מיט דעם, וואָס דו האָסט פריהער
אומזיסט ניט געפּלוידערט.

— אַ פריינדליכען געשפּרעך רופט איהר אַן פּלוידעריי... אָדער,
אפשר, דענקט איהר, אַז זייענדיג אַ פרוי בין איך ניט ווירדיג צו
האָבען אייער צוטרויען ? — איהר פאַראַכט דאָך אונז אַלעמען.

— אייך פאַראַכט איך ניט, אַנאַ סיערגיעוונאַ, איהר ווייסט
עס.

—ניין, איך וויים גאָרניט... אָבער לאָמיר אָננעמען, אַז איך
פאַרשטעה פאַרוואָס איהר ווילט ניט ריידען וועגען אייער צוקונפט־
דיגער טעטיגקייט. אָבער דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין אייך
איצט...

— קומט פאָר ! — האָט באַזאַראָוו איבערגע'חזר'ט : עפּעס
אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ רעגירונג אָדער אַ געזעלשאַפט ! סיי
ווי, ס'איז גאָרניט אַזוי אינטערעסאַנט, און אַ חוץ דעם, צי קען אַ
מענש דען אַלעמאָל ארויסזאָגען אויפ'ן קול, דאָס וואָס אין איהם
„קומט פאָר" ?

— איך זעה ניט איין, פאַר וואָס מ'קען ניט ארויסזאָגען אַלץ,
וואָס מ'האָט אויף דער נשמה.

— איהר קענט ? — האָט באַזאַראָוו געפרעגט.

— איך קען, — האָט אַנאַ סיערגיעוונאַ געענטפערט נאָכדעם
ווי זי האָט זיך אַ ווײַלע געשלאָגען מיט דער דעה.

באַזאַראָוו האָט אָנגענייגט זיין קאָפּ.

— איהר זייט גליקליכער פון מיר.

אַנאַ סיערגיעוונאַ האָט פרעגענדיג אַ קוק געטאָן אויף איהם.

— ווי איהר ווילט, — האָט זי ווייטער געזאָגט. — און פון

דעססטוועגען זאָגט מיר מיין הארץ, אז מיר האָבען זיך ניט אומ־
זיסט צונויפגעטראָפען, אז מיר וועלען זיין גוטע פריינד. איך בין
זיכער, אז אייער, ווי אזוי זאָל איך עס אָנרופען, אייער אָנגעצווי־
גענענקייט, אייער צוריקגעהאַלטענקייט וועט ענדליך פארשווינדען.

— איהר האָט דען באמערקט אין מיר אָנגעצויגענקייט... ווי
נאָך האָט איהר זיך אויסגעדריקט... צוריקגעהאַלטענקייט ?

— יע.

באזאראָוו האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צום
פענסטער.

— און איהר וואָלט געוואָלט וויסען די אורזאכע פון אָט דער
אָנגעצויגענקייט, איהר וואָלט געוואָלט וויסען וואָס אין מיר קומט
פאָר ?

— יע, — האָט אָדינצאָווא איבערגע'חזר'ט, מיט עפּעס א
נאָך ניט פארשטענדליכען שרעק.

— און איהר וועט ניט אין כעס ווערען ?

— ניין.

— ניין ? — באזאראָוו איז געשטאנען מיט דער פּלייצע צו
איהר. — דעמאָלט ווייסט, אז איך ליעב אייך נאַריש ,משוגע,
אָט צו וואָס איהר האָט דערפיהרט.

אָדינצאָווא האָט ביידע הענט אויסגעשטרעקט פאראויס, און
באזאראָוו האָט זיין שטערען צוגעדריקט צו דער פענסטער־
שויב. ער האָט שווער געאָטעמט קענטיג, אז יין גאנצער קער־
פּער האָט געציטערט. אָבער דאָס איז ניט געווען קיין ציטערען
פון בחור'שער פארלוירענקייט, ניט יענער זיסער שרעק פון דער
ערשטער ליעבע־ערקלעהרונג האָט איהם באהערשט: דאָס האָט
זיך די ליידענשאַפט אין איהם געריסען, א שטארקע און א שווערע
ליידענשאַפט, וואָס איז ענליך צו צאָרן... אָדינצאָוואַ איז
שרעקליך נעוואָרען, און זי האָט אויף איהם רחמנות געקראָגען.

— יעווגעני וואַסיליטש, — האָט זי ארויסגעזאָגט, און ניט
ווילענדיג האָט צערטליך געקלונגען איהר קול.

ער האָט זיך גיך אומגעדרעהט, האָט א קוק געטאָן אויף איהר

מיט אויפעסענדיגע אויגען, און אנכאפענדיג איתבע ביידע הענט, האט ער איהר פלוצלונג צוגעצויגען צו זיין ברוסט.

זי האט זיך ניט גלייך באפרייט פון זיינע ארעמס. נאר אין א ווײלע ארום איז זי שוין געשטאנען ווייט אין א ווינקעל, און האט פון דארטען געקוקט אויף באזאראווען. ער האט זיך א ריס געטאן צו איהר...

— איהר האט מיך ניט פארשטאנען, — האט זי שטיל ארויסגעזאגט מיט שרעק. עס האט אויסגעזעהן, אז קוים ניט ער נאך איין טראט, וואלט זי א געשריי געטאן... באזאראוו האט פארביסען זיינע ליפען און איז ארויסגעגאנגען.

אין א האלבער שעה נאך דעם, האט די דיענסט דערלאנגט אננא סיערגעיעוונאן א צעטעלע פון באזאראווען. דארט איז געווען נאר איין שורה: „מוז איך היינט אוועקפאהרען — אדער איך קען בלייבען ביז מארגען?" — „פאר וואס עפעס אוועקפאהרען? איך האב אייך ניט פארשטאנען — איהר האט מיך ניט פארשטאנען", — האט אננא סיערגעיעוונא געענטפערט, און אליין האט זי א טראכט געטאן: „אויך איך האב זיך ניט פארשטאנען".

ביז מיטאג־עסען האט זי זיך ניט באוויזען. זי איז אלץ אומגעאנגען הין און צוריק איבער איהר צימער, מיט די הענט פארלייגט אויף הינטער; פון צייט צו צייט פלעגט זי זיך אפשטעלען דא פאר'ן פענסטער, דא פאר'ן שפיגעל, און פלעגט לאנגזאם דורכפיהרען איהר טיכעל איבער'ן האלז, אויף וועלכער, עס האט זיך איהר אלץ אפגעדוכט, אז עס איז דא א הייסער פלעק. זי האט זיך געפרעגט, וואס האט איהר געצוואונגען צו „דערפיהרען", ווי באזאראוו האט זיך אויסגעדריקט, צו זיין אפענהערציגקייט, און צי האט זי ניט חושד געווען עפעס... „איך בין שולדיג", האט זי הויך ארויסגעזאגט, „איך האב עס אבער ניט געקענט פאראויסזעהן". זי האט זיך פארטראכט און איז רויט געווארען, ווען זי האט זיך דערמאנט ווי ווילד באזאראווס פנים האט אויסגעזעהן, ווען ער האט זיך צו איהר אווארף געטאן...

„אדער?" האט זי פלוצלונג ארויסגעזאגט, און האט זיך אפ־

געשטעלט, און האט א טרייסעל געטאן מיט די האר... זי האט זיך דערזעהן אין שפיגעל: איהר אויף הינטער פארוואָרפענער קאפ מיט א פארבארגענעם שמייכעל אויף די האלב־אפענע, האלב־צו־געמאכטע אויגען און ליפען, האט איהר געזאגט אין אט דעם אוי־גענבליק עפעס אזוינס, פון וואס זי איז אליין צומישט געווארען...

„ניין", האט זי ענדליך באשלאסען. „גאט ווייס, וואוהין דאס וואלט פארפיהרט; מיט אזעלכע זאכען טאר מען ניט שפא־סען, רוהיגקייט איז פארט די בעסטע זאך אויף דער וועלט."

איהר רוהיגקייט איז ניט אויפגעטרייסעלט געווארען. זי איז אבער אומעטיג געווארען, און האט, אפילו, איין מאל א וויין געטאן, אליין ניט וויסענדיג פארוואס, אבער ניט פון דער באליידיגונג. זי האט זיך ניט געפיהלט באליידיגט: זי האט זיך גיכער געפיהלט שולדיג. אונטער דער ווירקונג פון פארשיידענע אומקלאָהרע גע־פיהלען, אונטער דער ווירקונג פון דעם באוואוסטזיין פון דעם אוועק־געהענדיגען לעבען, פון דעם פארלאנג פאר נייעס האט זי זיך געצוואונגען צו פארגעהן ביז א באשטימטען פונקט, זי האט זיך געצוואונגען א קוק צו טאן אויף יענער זייט — און זי האט דארט דערזעהן אפילו ניט קיין אפגרונד, נאר א פוסטקייט... אדער — א פארזעהעניש.

## .19

ניט קוקענדיג וואס אדינצאָווא האט זיך געקענט באהערשען, און ניט קוקענדיג, וואס זי איז געשטאנען העכער פון יעדען פאר־אורטייל, איז איהר פארט ניט אנגענעם געווען, ווען זי האט זיך באוויזען אין עס־צימער, צו מיטאג. סיי ווי, עס איז דורכגעגאנגען בשלום. פראפירי פלאטאניטש איז געקומען צופאהרען; ער האט דערצעהלט פארשיידענע אנעקדאטען. ער האט זיך נאר וואס צו־ריקגעקערט פון שטאדט. ער האט אויך דערצעהלט, אז דער גו־בערנאטאר, בורדאלו, האט א געוויסען סארט בעאמטע געהייסע טראגען שפארען, כדי מען זאל זיי קענען שיקען רייטענדיג, אויב

מ׳וועט עפעס דארפען האבען וואס גיבער. ארקאדי האט שטיל גערעדט מיט קאטיאן, און האט דיפלאמאטיש באדיענט דער פיר־שטין. באזאראוו האט עקשנות׳דיג און בייז געשוויגען. אדינ־צאווא האט א פאר מאל א קוק געטאן גלייך ניט בגנבה אויף זיין שטרענגען גאליגען פנים. זיינע אויגען האט ער געהאלטען אראפ־געלאזען, פאראכטענדיגע ענטשלאסענהייט איז געווען אין זיין יעדען שטריך, און זי האט א טראכט געטאן: „ניין... ניין... ניין...״ נאכ׳ן עסען איז זי מיט דער גאנצער געזעלשאפט אוועק אין גאר־טען און, זעהענדיג, אז באזאראוו וויל מיט איהר ריידען, איז זי אפגעגאנגען עטליכע טריט אן א זייט און האט זיך אפגעשטעלט. ער איז צו איהר צוגעגאנגען, אבער אויך דא האט ער זיינע אויגען ניט אויפגעהויבען און האט שטיל געזאגט:

— איך דארף זיך פאר אייך ענטשולדיגען, אנא סיערגעיעווגא. ס׳איז ניט מעגליך, אז איהר זאלט ניט זיין אין כעס אויף מיר.

— ניין, איך בין אויף אייך ניט אין כעס, יעווגעני וואסיליטש.

— האט אדינצאווא געענטפערט: — איך האב אבער ערגערניש.

— נאך ערגער. סיי ווי, איך בין גענוג באשטראפט. איהר וועט מסתמא זיין איינפארשטאנען מיט מיר, אז מיין לאגע איז זעהר א נארישע. איהר האט מיר אפגעשריבען: פאר וואס עפעס אוועקפאהרען? און איך קען ניט און איך וויל ניט בלייבען. מאר־גען וועל איך שוין דא ניט זיין.

— יעווגעני וואסיליטש, פארוואס...

— פאר וואס פאהר איך אוועק?

— ניין, ניט דאס האב איך געוואלט זאגען.

— דאס וואס ס׳איז פארגאנגען קען מען ניט אומקערען, אנא סיערגעיעווגא... און פריהער אדער שפעטער האט דאס געמוזט פאסירען. דאריבער מוז איך אוועקפאהרען. עס איז דא נאר איין באדינגונג, אויף וועלכער איך וואלט געקענט בלייבען. אבער דאס וועט קיינמאל ניט זיין. איהר וועט דאך מיר ענטשולדיגען מיין חוצפה, איהר ליעבט מיך ניט און וועט איהר מיך קיינמאל ניט ליעבען?

באזאראוום אויגען האבען בעת מעשה א שיין געמאן פון אונ־
טער זיינע טונקעלע ברעמען.

אננא סיערגעיעוונא האט איהם ניט געענטפערט. „איך האב
מורא פאר אט דעם מענשען“, איז ביי איהר דורכגעלאפען א גע־
דאנק אין קאפ.

— איך געה, — האט באזאראוו ארויסגעזאגט, ווי ער וואלט
געטראפען פון וואס זי האט געטראכט, און ער איז אוועק צום הויז.

אננא סיערגעיעוונא איז איהם שטיל נאכגעגאנגען, און, צו־
רופענדיג קאטיא'ן, האט זי איהר גענומען אונטער'ן האנט זי
האט זיך מיט איהר ניט צושיידט אזש ביז אין אווענט. אין קאר־
טען האט זי ניט געשפיעלט, און האט ניט אויפגעהערט צו לאכען,
וואס עס האט גארניט געפאסט צו איהר בלייכען, פארזארגטען
פנים. ארקאדי האט זיך מיט פארוואונדערונג איינגעקוקט אויף
איהר, ווי עס קוקען זיך איין יונגע לייט, ס'הייסט, ער האט זיך
אליין כסדר געפרעגט: וואס באטייט עס? באזאראוו האט זיך
פארשפארט אין זיין צימער, צום טיי־טרינקען האט ער זיך פון
דעסטוועגען צוריקגעקערט. אננא סיערגעיעוונא האט איהם גע־
וואלט זאגען עפעס א גוט ווארט, זי האט אבער ניט געוואוסט ווי
אזוי אנצוהויבען ריידען מיט איהם...

אן אומערווארטער צופאל האט איהר ארויסגעפיהרט פון
דער שווערינקייט: דער הויז־אויפזעהער האט געמאלדען, אז
סיטניקאוו איז געקומען צופאהרען.

עס איז שווער איבערצוגעבען אין ווערטער, ווי אזוי דער
יונגער פראגרעסיסט איז אריינגעפלויגען אין צימער, ווי א פויי־
געלע. זיין קומען איז געווען כאראקטעריסטיש פאר זיין צודרינג־
ליכקייט, ער האט באשלאסען צו פאהרען אין דארף צו א פרוי, וועל־
כער ער האט קוים געקענט, וועלכע האט איהם קיינמאל ניט איינגע־
לאדען, נאר ער איז געקומען ווייל ער האט געהערט, אז דארט זיינען
צו־גאסט אזוינע קלוגע מענשען, וועלכע זיינען איהם נאהנט. פון
דעסטוועגען האט ער געציטערט ביז דעם מארך פון זיינע ביינער
און אנשטאט דעם ער זאל זיך אנהויבען ענטשולדיגען, לויט ווי

ער האט זיך צוגעגרייט, און באגריסען זיך, האט ער גאר דערצעהלט
א מעשה, אז יעוודאקסיא, ס'הייסט, קוקשינא, האט איהם געשיקט
אויסצוגעפינען וואס עס מאכט אנא סיערגעיעוונא, און אז אויך
ווענען ארקאדי ניקאלאיעוויטשען האט ער געהאט א געהויבענע
מיינונג... אט דא האט ער זיך פארטשעפעט און האט זיך אזוי
פארלארען, אז ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין אייגענער
הוט... פונדעסטוועגען, אזוי ווי קיינער האט איהם ניט דורכגע־
טריבען און אזוי ווי אנא סיערגעיעוונא האט איהם, אפילו פאר־
געשטעלט פאר דער טאנטע און פאר דער שוועסטער, איז ער גיך
צו זיך געקומען און ער האט זיך פאנאנדערגעלאזען אויף אלע
כלים. אמאל איז עס גוט, וואס עס ווערט אריינגעטראגען א בי־
ליגקייט אין לעבען: עס שוואכט אפ צו שטארק אנגעצויגענע
סטרונעס, עס ניכטערט אויס זעלבסטזיכערע אדער זעלבסטפאר־
געסענע געפיהלען, דערמאנענדיג זיי דעם נאהענטען שייכות מיט
זיי. מיט סינטיקאוו'ס קומען איז עפעס אלץ געווארען טעמפער
— און פשוט'ער. אלע האבען אפילו געגעסען געשמאקער און
מ'איז זיך צוגאנגען שלאפען מיט א האלבער שעה פריהער ווי גע־
וועהנליך.

ליגענדיג אין בעט האט ארקאדי געזאגט צו באזאראוו'ן,
וועלכער האט זיך אויך אויסגעטאן: — איך קען דיר איצט זאגען
דאס, וואס דו האסט מיר אמאל געזאגט: „וואס ביזטו אזוי או־
מעטיג? דו האסט מסתמא ערפילט עפעס א הייליגע פליכט?" —
פאר דער לעצטער צייט פלעגען די ביידע יונגעלייט שפאסען,
בלומר'שט פריי, וואס דאס איז א שטענדיגער סימן פון פארבארגע־
נער אומצופרידענהייט אדער פון ניט ארויסגעזאגטע פארדאכטען.
— מארגען פאהר איך אוועק צום טאטען, — האט באזאראוו
געזאגט.

ארקאדי האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך אנגעשפארט
אויפ'ן עלענבויגען. ער האט זיך אי פארוואונדערט אי זיך דער־
פרעהט.

— א! — האט ער ארויסגעזאגט, — און דעריבער ביזטו אומעטיג?

באזאראוו האט א גענעץ געטאן:

— אז דו וועסט אלץ וויסען, וועסטו גיך אלט ווערען.

— און אנא סיערגעיעווגא? — האט ארקאדי ווייטער גע־פרעגט.

— וואס אנא סיערגעיעוונא?

— איך וויל זאגען: זי וועט דען דיך אפלאזען?

— איך האב זיך ביי איהר ניט פארדונגען.

ארקאדי האט זיך פארטראכט, און באזאראוו האט זיך גע־לייגט און האט זיך אומגעדרעהט מיט'ן פנים צום וואנט.

עטליכע מינוט האבען זיי געשוויגען.

— יעווגעני! — האט ארקאדי פלוצלונג אויסגערופען.

— נו?

— איך וועל אויך מארגען אוועקפאהרען מיט דיר.

באזאראוו האט גארניט געענטפערט.

— איך וועל אבער פאהרען אהיים, — האט ארקאדי ווייטער געזאגט. — מיר וועלען פאהרען אינאיינעם ביז די כאכלאווסקע דערפלאד, און דארט וועסטו ביי פעדאטען נעמען פערד. איך אלט זיך מיט פארגעניגען באקענט מיט דיינע הויזיגע, איך האב אבער מורא, אז איך וועל ענג מאכען אי זיי, אי דיר. דו וועסט דאך נאכדעם ווידער קומען צו אונז?

— איך האב ביי אייך מיינע זאכען געלאזען, — האט זיך באזאראוו אפגערופען, ניט אומדרעהענדיג זיך.

„פאר וואס פרעגט ער מיר ניט, צו וואס איך פאהר? און אזוי פלוצלונג ווי ער?" האט ארקאדי א טראכט געטאן. „און טאקי, פארוואס פאהר איך און פארוואס פאהרט ער?" האט ער ווייטער געטראכט. ער האט ניט געקענט געפינען קיין צופרידענשטע־לענדען ענטפער אויף זיין אייגענער פראגע, און זיין הארץ האט איהם אנגעהויבען נאגען. ער האט געפיהלט, אז איהם וועט שווער זיין צו שיידען זיך מיט דאס לעבען צו וועלכען ער האט

זיך אזוי צוגעוואוינט, אבער בלייבען אליין, איז איהם אויסגע־
קומען עפעס מאדנע. „עפעס איז ביי זיי פארגעקמען", האט ער
געטראכט ביי זיך. „איז צוליעב וואס זאל איך זיך דא ארומדרע־
העז פאר איהרע אויגען נאך זיין אוועקפאהרען? איך וועל איהר
אין גאנצען דערעסען ווערען, איך וועל אויך דאס לעצטע פאר־
לירען". ער האט אנגעהויבען זיך פארצושטעלען אנא סיערגע־
יעוונאנן, דערנאך האבען אנדערע שטריכען ביסלעכווייז פארדעקט
דעם שעהנעם פנים פון דער יונגער אלמנה.

„אן עבירה אויך קאטיאן!" האט ארקאדי א שעפטשע געטאן
אין קישעלע, אויף וועלכער עס האט שוין אראפגעטריפט א
טרעהר... ער האט פלוצלונג א ווארף געטאן מיט די האר און האט
הויך ארויסגעזאגט: — דער טייוועל וויים צו וואס אט דער נארי־
שער סיטניקאוו איז געקומען?

באזאראוו האט זיך פריהער א ריהר געטאן אויפ'ן בעט, און
נאכדעם האט ער געזאגט:

— ווי איך זעה, ברודער, ביזטו נאך נאריש. די סיט־
ניקאווס זיינען פאר אונז נויטווענדיג. איך, פארשטעהסטו מיר,
איך דארף האבען אזוינע אידיאטען. די גראבע ארבייט איז דאך
ניט פאר געטער...

— „עהע, הע„ — האט ארקאדי ביי זיך א טראכט געטאן,
און ערשט איצט איז פאר איהם אויף א ווייל קלאר געווארען
דער אומענדליכער אפגרונד פון באזאראווס זעלבסטזיכטיגקייט.—
„ס'קומט אויס, אז מירביידע זיינען געטער. ס'הייסט — דו ביזט
א גאט, אבער איך האף, אז ניט איך בין דער אידיאט?"

— יע, — האט באזאראוו בייז געזאגט, — דו ביזט נאך
נאריש.

אדינצאווא איז ניט איבערראשט געווארען, ווען ארקאדי האט
איהר אויף מארגען געזאגט, אז ער פאהרט אוועק מיט באזאראווען.
זי האט אויסגעזעהן צו זיין צוטראגען און מיעד. קאטיא האט
שווייגענדיג און ערנסט א קוק געטאן אויף איהם. די פירשטין
האט זיך, אפילו, איבערגע'צלמ'ט אונטער איהר טוך, אזוי, אז ער

האָט ניט געקענט ניט באַמערקן עס. דערפאַר אָבער איז סינ־
טיקאָוו אין גאַנצען צוטומעלט געוואָרען; ער איז נאָר וואָס אַראָפּ
צום אָנבייסען אין אַ נייעם פראַנטישען, דאָס מאָל ניט קיין סלאַ־
וואָפילישען, אַנצוג. געכטען האָט ער איבעררראַשט דעם מענ־
שען, וועלכען מ'האָט איהם צוגעשטעלט, מיט די סך וועש וואָס
ער האָט מיט זיך געבראַכט, און פּלוצלונג וואַרפען איהם אַוועק
זיינע חברים! — ער האָט אביסעל אַ טאַנץ געטאָן מיט די פיס־
לאַך, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן ווי אַן אַוועגלויפענדיגער האָז אויפ'ן
ברעג וואַלד, — און פּלוצלונג, כמעט מיט שרעק, כמעט מיט אַ
געשריי האָט ער געלאָזט וויסען, אַז אויך ער איז גרייט אַוועק־
צופאָהרען. אַדינצאָווא האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט איהם אָפּ־
צוהאַלטען.

— איך האָב זעהר אַ גוטע קאַליאַסקע, — האָט דער אומ־
גליקליכער יונגערמאַן צוגעגעבען, ווענדענדיג זיך צו אַרקאַדין, —
איך קען אייך אונטערפיהרען, און יעווגעני וואַסיליטש קען נעמען
אייער טאַראַנטאַס, אַזוי וועט נאָך באַקוועמער זיין.

— איהר פאָהרט דאָך אָבער ניט מיט דער זעלבער וועג און
צו מיר איז דאָך ווייט.

— דאָס איז גאַרניט, צייט האָב איך אַ סך, אַ חוץ דעם האָב
איך דאָרטען געשעפטען אין יענעם געגענד...

— אַרענדעס, וואָס? — האָט אַרקאַדי געפרעגט, שוין מיט
צופיעל פאַראַכטונג. אָבער סינטיקאָוו איז געווען אַזוי פאַרצווייי־
פעלט, אַז ער האָט זיך אַפילו ניט צולאַכט, ווי זיין געוואוינהייט
איז.

— איך פאַרזיכער אייך, אַז די קאַליאַסקע איז זעהר אַ באַ־
קוועמע, — האָט ער געזאָגט, — ס'וועט פאַר אַלעמען זיין פּלאַץ.

— איהר דאַרפט ניט ערגערען מסיע סיטניקאָווען, און נעהמט
אָן זיין פאָרשלאַג, — האָט אַנאַ סיערגיעוונאַ געזאָגט.

אַרקאַדי האָט אויף איהר אַ קוק געטאָן און האָט אָנגעבייגט
זיין קאָפּ.

די געסט זיינען אַוועקגעפאָהרען נאָכ'ן אָנבייסען. זעגענענדיג

זיך מיט באזאראווען, האט ארינצאווא דערלאנגט די האנט און געזאגט:

— מיר וועלען זיך נאך זעהן, ניט אמת?

— ווי איהר וועט הייסען, — האט באזאראוו געענטפערט.

— אויב אזוי, וועלען מיר זיך זעהן.

ארקאדי איז דער ערשטער ארויס אויפ'ן גאניק: ער איז ארויפגעקראכען אויף סיטניקאווס קאליאסקע. דער הויז־אויפזע־הער האט איהם געהאלפען ארייגזעצען זיך און ארקאדי וואלט איהם מיט פארגעניגען אנגעשלאגען אדער זיך צעוויינט. באזאראוו האט זיך ארייגגעזעצט אין טאראנטאס.

ווען זיי האבען דערגרייכט די כאכלאווסקע דערפלאך, האט ארקאדי צוגעווארט ביז פעדאט, דער אייגענטימער פון דער קרעטשמע, וועט איינשפאנען די פערד. ער איז צוגעגאנגען צום טאראנטאס און האט א זאג געטאן באזאראווען מיט דעם פריהער־דיגען שמייכעל:

— יעווגעני נעם מיך מיט, איך וויל פאהרען צו דיר.

— זעץ זיך, — האט באזאראוו ארויסגעזאגט צווישען די צייהן.

סיטניקאוו איז פייפענדיג אומגעגאנגען ארום די רעדער פון זיין עקיפאזש. ער האט דעם מויל געעפענט, ווען ער האט דער־הערט די דאזיגע ווערטער; און ארקאדי האט קאלטבלוטיג ארויס־גענומען זיינע זאכען פון דער קאליאסקע, האט זיך געזעצט לעבען באזאראווען — און העפליך א נייג געבענדיג זיך צו זיין געוועזע־נעם באגלייטער, האט ער אויסגעשריען: „פאהר!“ דער טאראנ־טאסט האט זיך אוועקגעטראגען און איז גיך פארשוואונדען פון די אויגען... סיטניקאוו איז געבליבען ווי אן אפגעשמיסענער. ער האט א קוק געטאן אויף זיין קוטשער, אבער יענער האט זיך גע־שפיעלט מיט דער בייטש איבער דעם פערדס עק. ער איז ארויפ־געשפרונגען אויף דער קאליאסקע — און האט א דונער געטאן אויף צוויי פארבייגעהענדע פויערים: „טוט אן די היטלען, אידיא־טען!“ — ער האט זיך אוועקגעשלעפט אין שטאדט, וואוהין ער

איז זעהר שפעט אנגעקומען און אויף מארגען האט ער שוין פאר־מסר'ט פאר קוקשינאן אויף די צוויי „בעל גאוה'ס און גראבע יונגען".

זעצענדיג זיך לעבען באזאראווען אין טאראנטאס, האט איהם ארקאדי שטארק א דריק געטאן די האנט און האט א לאנגע צייט גארניט גערעדט. ס'האט אויסגעזעהן, אז באזאראוו האט פאר־שטאנען און אפגעשעצט סיי זיין האנט־דרוק, סיי זיין שווייגען. די לעצטע נאכט האט ער מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט, און האט ניט גערויכערט, און האט שוין עטליכע טעג כמעט גאר ניט געגע־סען: פינסטער און שארף האט אויסגעזעהן זיין מאגערער פראפיל פון אונטער דער אראפגערוקטער היטעל.

— וואס, ברודער, — האט ער ענדליך ארויסגערעדט. — גיב א ציגארעל... גיב א קוק—מיין צונג איז געל?

— געל. — האט ארקאדי געענטפערט.

— נו יע... דער ציגארעל איז ניט געשמאק. — די מאשין האט זיך פאנאנדערגענומען.

— דו ביזט טאקע פארענדערט געווארען פאר דער לעצטער צייט, — האט ארקאדי באמערקט.

— ס'מאכט ניט! מיר וועלען זיך פאררייכטען. ס'איז נאר ניט גוט, וואס מיין מאמע נעמט זיך אלץ צום הארצען. אויב דו עסט ניט צעהן מאל א טאג אזוי אז דער בויך זאל פלאצען, איז זי אוים מענש. דער טאטע, זעהסטו, איז שוין אנדערש. ער איז גע־ווען אומעטום, וואו דו ווילסט נאר אליין. נייז, מ'טאר ניט רוי־כערען, — האט ער צוגעגעבען, און האט אווארף געטאן דעם צי־גארעל אין שטויב פון וועג.

— ווי ווייט איז צו דיין גוט, פינף און צוואנציג ווערסט? — האט ארקאדי געפרעגט.

— פינף און צוואנציג. פרעג אט דעם חכם. — ער האט אנ־געוויזען אויף דעם פויער, פעדאטאא'ס אן ארביימער, וועלכער איז געזעסען אויף דער קעלניע.

אבער דער חכם האט געענטפערט: „ווער ווייס זיי — די

וויערסטען זיי זיינען דא ניט קיין געמאסטענע", און ער האט אין דער שטיל אנגעהויבען צו שילטען זיין פערד, פאר וואס ער האט געריסען מיט'ן קאפ.

— יע, יע, — האט באזאראוו אנגעהויבען, — אט האט איהר א לעקציע, מיין יונגער חבר, א באלעהרענדער ביישפיעל. דער טייוועל וויים, וואס פאר אן אונזין! יעדער מענש הענגט אויף א פאדימעל, יעדע מינוט קען זיך אונטער איהם אן אפגרונד עפענען, און ער טראכט נאך אליין צו פארשיידענע אומאנגענעמליכקייטען, און פארדארבט זיין לעבען.

— אויף וואס דייטסטו אן? — האט ארקאדי געפרעגט.

— איך דייט אויף קיין זאך ניט אן. איך וויל נאר זאגען, אז מיר ביידע האבען זיך זעהר נאריש אויפגעפיהרט. וואס איז דא צו ריידען! אבער איך האב שוין אין קליניק באמערקט, אז דער וואס איז אין כעס אויף זיין וועהטאג, יענער וועט איהם זיכער באזיעגען.

— איך פארשטעה דיך ניט אין גאנצען, — האט ארקאדי גע־זאגט, — דוכט זיך, אז דו האסט זיך ניט געהאט אויף וואס צו באקלאגען.

— אויב דו פארשטעהסט מיך ניט אין גאנצען, וועל איך דיר זאגען אט וואס: נאך מיין מיינונג נאך — איז בעסער צו קלאפען שטיינער אין ברוק, איידער ערלויבען א פרוי צו באהער־שען, אפילו, א שפיץ פינגער. דאס אלץ איז... — באזאראוו האט שיער ניט ארויסגעזאגט זיין באליעבטען ווארט „ראמאנטיזם". ער האט זיך אבער אפגעהאלטען, און האט געזאגט: אומזין. — דו וועסט מיר איצט ניט גלויבען, אבער איך זאג דיר: אט זיינען מיר ביידע אריינגעפאלען אין א פרויען־געזעלשאפט, און עס איז אנ־גענעם געווען, אבער אוועקצואווארפען אזא געזעלשאפט איז אלץ איינס, ווי אפצוגיסען זיך מיט קאלטע וואסער אין א הייסען טאג. א מאן דארף זיך ניט פארנעמען מיט אזעלכע נארישקייטען. א מאן דארף זיין גרוייזאם זאגט א וואונדערבאר שפאניש ווערטעל, — און ווענדענדיג זיך צו דעם פויער, וועלכער איז געזעסען אויף דער

קעלניע, האָט ער צוגעגעבען: — אַט דו. חכם, צום ביישפּיעל, דו האָסט אַ ווייב?

דער פּויער האָט זיך אומגעקערט און האָט באַוויזען זיין פּלאַ־טשיגען בלינדליכען פּנים.

— אַ ווייב? פּאַראַן. וואָס הייסט אַהן אַ ווייב?

— דו שלאָגסט איהר?

— דער ווייב? עס טרעפט. אַהן אַ פּארוואָס שלאָגען מיה נים.

— דאָס איז שעהן. נו, און זי שלאָגט דיך?

דער פּויער האָט אַ ציה געטאָן מיט די לייצעס.

— ס'אַרא וואָרט דו האָסט געזאָגט, פּריץ, ביי דיר איז אַלץ אַ שפּאַס... — ער האָט זיך קענטיג באַליידיגט.

— דו הערסט, אַרקאַדי ניקאָלאַיעוויטש! און אונז ביידען האָט מען געשלאָגען... אַט דאָס הייסט זיין געבילדעטע מענשען.

אַרקאַדי האָט זיך מיט גוואַלד צולאַכט, און באַזאַראָוו האָט זיך אָפּגעקערט און האָט די גאַנצע וועג דעם מויל ניט געעפענט.

די פינף און צוואַנציג ווערסט האָבען זיך פאַר אַרקאַדין גע־צויגען ווי פופציג. אָבער ענדליך האָט זיך פון אַ באַרג דערזעהן דער קליינער דערפעל, וואו עס האָבען געוואוינט באַזאַראָווס על־טערען. גלייך מיט דעם דערפעל, אין אַ יונגען בעריאָזאָווען וועל־דעל, האָט זיך געזעהן אַ פּריציש הייזעל אונטער אַ שטרויענעם דאַך. לעבען דער ערשטער הויז זיינען געשטאַנען צוויי פּויערים אין היטלען און האָבען זיך געקריעגט. „דו ביזט אַ גרויסער חזיר, האָט איינער געזאָגט, און ביזט נאָך ערגער פון אַ קליינעם". — „און דיין ווייב איז אַ כשוף־מאַכערין", האָט דער צווייטער געזאָגט.

— לויט דער פרייער האַלטונג, — האָט באַזאַראָוו באַמערקט, — און לויט דער שפּילעוודיגקייט פון זייער ריידען, קענסטו זעהן, אַז די פּויערים זיינען ניט פאַרשקלאָפּט ביי מיין טאַטען. און אַט נעהט ער אַליין אַרויס אויפ'ן גאַנעק פון זיין וואוינונג. ער האָט מסתמא דערהערט דעם גלעקעל. ס'איז ער, ס'איז ער — איך דערקען זיין פיגור. עהע, הע! ווי גרוי ער איז געוואָרען, אַרימער!

.20

באזאראוו האט זיך ארויסגערוקט פון טאראנטאס, און אר־קאדי האט אויסגעצויגען זיין קאפ פון הינטער זיין חבר'ס פלייצע, און ער האט דערזעהן אויפ'ן גאניקעל פון דער פריציש הייזעל א דינעם אדלערשען נאז, אנגעטאן אין אן אלטען מיליטערישען סור־דוט, אינגאנצען אפגעשפיליעט. ער איז געשטאנען מיט צושפרייטע פיס, מיט צונויפגעצויגענע אויגען פון דער זון און האט גערויכערט א ליולקע.

די פערד האבען זיך אפגעשטעלט.

— ענדליך ביזטו געקומען, — האט באזאראווס טאטע גע־זאגט, נים אויפהערענדיג רויכערען, כאטש דער ציבאק איז אומ־געשפרונגען צווישען זיינע פינגער. — נו, קריך ארויס, קריך ארויס, לאמיר זיך צוקושען.

ער האט אנגעהויבען ארומצונעמען זיין זוהן... „יענושא, יעניושא", האט זיך דערהערט א ציטערטדיגער פרויען־קול. די טיר האט זיך ברייט פאנאנדערגעעפענט און אויפ'ן שוועל האט זיך באוויזען א קיילעכיגע, נידעריגע אלטעטשקע, אין א ווייסער היי־בעל און אין א קורצען, קאלירטען יאקעל. זי האט א זיפץ געטאן, האט זיך א וויעג געטאן און זי וואלט זיכער געפאלען, ווען באַ־זאראוו וואלט איהר נים אונטערגעהאלטען. איהרע אנגעבלאזענע הענטלאך האבען זיך גיילך ארומגעוויקעלט ארום זיין האלז, די קאפ האט זי צוגעדריקט צו זיין ברוסט, און אלץ איז אנשווייגען געווארען. עס האט זיך נאר געהערט איהר כליפען.

דער אלטער באזאראוו האט שווער געאטעמט און האט זיינע אויגען צונויפגעצויגען נאך מעהר ווי פריהער.

— נו, גענוג, גענוג,ארישא! הער אויף, — האט ער גע־זאגט, איבערקוקענדיג זיך מיט ארקאדין, וועלכער איז געשטאנען אומבאוועגליך לעבען טאראנטאס, אין דער צייט ווען אפילו דער פויער אויף דער קעלניע האט זיך אומגעדרעהט: — דאס איז אי־בעריג! הער אויף איך בעט דיך.

— אך, וואסילי איוואניטש, — האט די אלטע ארויסגעשטא־

מעלט, — קוק נאר אן מיין טאטעלען, מיין טייבעלע, יעניושענ־קען... — און ניט אראפנעמענדיג די הענט, האט זי פון באזאראווען אפגערוקט איהר פון טרעהרען פייכטען, צוקנייטשטען ליעבען פנים, האט א קוק געטאן אויף איהם מיט אזעלכע בענשענדיגע לאבעדיגע אויגען, און איז ווידער צו איהם צוגעפאלען.

— נו, יע, געווים, דאס ליגט אין דער נאטור, — האט וואסילי איוואנאוויטש געזאגט. — אבער לאמיר בעסער אין הויז ארייננגעהן, מיט יעווגעני'ן איז א גאסט געקומען צופאהרען. ענטשולדיגט, האט ער צוגעגעבען, ווענדענדיג זיך צו ארקאדין, און האט גרינג א שאר געטאן מיט'ן פוס. — איהר פארשטעהט, פרויען־שוואכ־קייט. נו, און א מאמעס הארץ...

אונז ביי איהם אליין האבען די ליפען און די ברעמען געצופט, און דער קין האט זיך געטרייסעלט... ער האט זיך אבער, קענטיג, געוואלט באהערשען און ארויסווייזען זיך כמעט גלייכגילטיג. אר־קאדי האט זיך א נייג געטאן.

— קום, מאמע, הער אויף, — האט באזאראוו געזאגט. און ער האט אוועקגעפיהרט אין הויז דער אפגעשוואכטער אלטער. ארייג־זעצענדיג איהר אין א שטוהל, האט ער זיך נאך א מאל אין דער גיך ארומגענומען מיט'ן טאטען און האט פאר איהם פארגעשטעלט ארקאדין.

— עס פרעהט מיך פון גאנצען הארצען צו באקענען זיך מיט אייך, — האט וואסילי איוואנאוויטש געזאגט. — אבער זייט ניט אזוי שטארק מקפיד: ביי מיר איז אלץ פשוט, אויף דעם מילי־טערישען שטייגער. ארינא וולאסיעוונא, בארוהיג זיך, איך בעט דיך: ווי קליינמוטיג דו ביזט? דער הער גאסט וועט קריגען א שלעכטע מיינונג וועגען דיר.

— טאטעלע, — האט די אלטע דורך טרעהרען ארויסגעזאגט.
— איך האב ניט די עהרע צו וויסען דעם נאמען...

— ארקאדי ניקאלאאיטש, — האט וואסילי איוואנאוויטש אונטערגעזאגט אין דער שטיל מיט וויכטיגקייט.

— ענשולדיגט מיך, דער נארישער. — די אלטע האט אויסגע־

שנייצט דעם נאז, און בויגענדיג דעם קאפ דא רעכטס און דא לינקס, האט זי גוט אויסגעווישט פריהער איין אויג און נאכדעם די צווייטע. — ענטשולדיגט מיר. איך האב שוין געמיינט, אז איך וועל שטארבען, אז איך וועל זיך ניט דערווארטען אויף מיין... טייבעלע.

— נו, אט האט איהר זיך דערווארט, מיין הערין, — האט וואסילי איוואנאוויטש אונטערגעכאפט. — טאניושקא, — האט ער זיך געווענדט צו א בארפוסער מיידעל פון א יאהר דרייצעהן, אין א העל־רויטער ציטצענער קליידעל, וועלכע האט געקוקט צושרא־קען פון הינטער א טיר, — ברייננ דער באלעבאסטע א גלאז וואַ־סער — אויף א טאץ, דו הערסט? — און אייך, מיינע הערען,— האט ער צוגעגעבען מיט עפעס אן אלטמאדישער שפילעוודיגקייט,— ערלויבט מיר איינצולאדען אין קאבינעט פון אן אלטען וועטעראן.

— כאטש נאך איין מאל לאז מיך דיך ארומנעמען, יעניר־שעטשקא, — האט ארינא וולאסיעוונא ארויסגעזיפצט. באזאראוו האט זיך צו איהר צוגעבויגען. — און ווי שעהן דו ביזט געווארען!

— נו, שעהן ווי שעהן, — האט וואסילי איוואנאוויטש בא־מערקט, — אבער א מאן איז ער זיכער געווארען. און איצט, האף איך, ארינא וולאסיעוונא, אז נאכדעם ווי דו האסט אנגעזעטיגט דיין מוטערליכע הארץ, וועסטו זעהן אנזעטיגען דיינע טייערע געסט, ווייל, דו ווייסט, אז א נאכטיגאל קארמעט מען ניט מיט פאבלען.

די אלטע האט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל.

— דער טיש וועט באלד זיין געגרייט, וואסילי איוואניטש, איך וועל אליין ארויפלויפען אין קיך און וועל הייסען שטעלען דעם סאמאוואר; אלץ וועט זיין, אלץ. שוין דריי יאהר, אז איך האב איהם ניט געזעהן, אז איך האב איהם ניט געקארמעט און געפאַ־סעט; ס'איז דען אזוי גרינג?

— נו זעה זשע, באלעבאסטעטשקע, אז אלץ זאל זיין אזוי, אז דו זאלסט זיך ניט האבען וואס צו שעמען. און אייך, מיינע הערען, בעט איך צו מיר. אט איז אויך טימאפעאיטש געקומען באגריסען

דיך, יעווגעני. איך ער האט זך דערפרעהט, דער אלטער. וואס, אלטער, האסט זיך דערפרעהט? איך בעט אייך, קומט צו מיר.— און וואסילי איוואנאוויטש איז ריהרעווריג אוועק פאראויס, שא־רענדיג און שלעפענדיג די אויסגעטראטענע טופליעס.

זיין גאנץ הויז איז באשטאנען פון זעקס קליינע צימערען. איינער פון זיי, יענער, אין וועלכען ער האט אריינגעפיהרט אונזערע פריינד, האט זיך אנגערופען קאבינעט. א גראבפיסיגער טיש איז געשטאנען צווישען צוויי פענסטער; ער איז געווען אנגעווארפען מיט פאפירען, שווארץ געווארענע פון שטויב, עפעס ווי פאררויי־כערטע. אויף די ווענט זיינען געהאנגען טערקישע ביקסען, נא־גייקעס, א שווערד, צוויי לאנדקארטען, עפעס אזעלכע אנאטאמישע צייכנונגען, גופעלאנדס פארטרעט, א מאנאגראם פון האר אין א שווארצער רעמעל און א דיפלאם אונטער א גלאז. א לעדערנער דיוואן, דא און דארט איינגעפאלען און צוריסען, איז געשטאנען צווישען צוויי גרויסע בערעזענע אלמערס, אויף די פאליצעס זיי־נען געווען אנגעשטעלט אין אן אומארדנונג ביכער, קעסטעלאך, אנ־געשטאפטע פויגעלאך, גלעזלאך, פענכערלאך. אין איין ווינקעל איז געשטאנען א צובראכענע עלעקטרישע מאשין.

— איך האב אייך פאראויס געזאגט, מיין ליעבער באזוכער, — האט וואסילי איוואנאוויטש אנגעהויבען, — אז מיר וואוינען דא אזוי ווי אין געצעלטען...

— הער אויף, וואס ענטשולדיגסטו זיך? — האט באזאראוו איבערגעשלאגען. — קירסאנאוו וויים זעהר גוט, אז מיר זיינען ניט קיין קיסרים און אז דו וואוינסט ניט אין קיין פאלאץ. וואו וועלען מיר איהם אהינטאן, אט דאס איז די פראגע!

— וואס רעדסטו, יעווגעני, איך האב א וואונדערבארען צי־מער אין דער הינטער־שטיבעל: זיי וועט דארט זעהר גוט זיין.

— דו האסט שוין אויך א הינטער שטיבעל?

— וואס הייסט; דארט וואו די באד איז, — האט זיך טי־מאפעאיטש אריינגעמישט.

— ס'הייסט לעבען דער באד, — האט וואסילי איוואנאוויטש

גיך צוגעגעבען. — איצט איז זומער... איך וועל גלייך אריבער־
לויפען אהין און איינארדנען. און דו, טימאפעאיטש, טראג ארײַן
דערוויי׳ל זייערע זאכען. דיר, יעווגעני, וועל איך, פארשטעהט זיך,
אפגעבען מיין קאבינעט.

— אט האסטו דיר! א שטיפערישער אלטער און זעהר א
גוטער, — האט באזאראוו צוגעגעבען, ווי נאר וואסילי איוואנא־
וויטש איז ארויסגעגאנגען. — ער איז אזוי קאמיש ווי דיינער,
אבער אויף אן אנדער אופן. ער פלוידערט שוין אביסעל צו פיעל.

— און דיין מאמע זעהט אויס צו זיין א וואונדערבארע פרוי,
— האט ארקאדי באמערקט.

— יע, זי ווייס פון קיין חכמות נים. דו וועסט זעהן, ווי זי
וועט אונז דערלאנגען עסען.

— מ׳האט זיך היינט נים געריכט אויף אייך, טאטעלע, האט
מען קיין פלייש נים געבראכט, — האט טימאפעאיטש געזאגט,
וועלכער האט נאר וואס ארייגעשלעפט באזאראוום טשעמאדאן.

— מיר וועלען זיך אויך אהן פלייש באגעהן; פאר גיין קומט
גארנים. ארעמקייט, זאגט מען, איז קיין שאנדע נים.

— וויפיעל נפשות זיינען דא ביי דיין טאטען? — האט אר־
קאדי פלוצלונג געפרעגט.

— דער גוט איז נים זיינער, נאר דער מאמעס. איך געדענק,
א פופצעהן נפשות.

— און אלע צוזאמען צוויי און צוואנציג, — האט טימאפע־
איטש באמערקט מיט אומצופרידענהייט.

עס האט זיך דערהערט א שארען פון טופליעס, און וואסילי
איוואנאוויטש האט זיך ווידער באוויזען, און האט פריידיג אויס־
געשריען:

— אין עטליכע מינוט ארום וועט אייער צימער זיין גרייט
אייך אויפצונעמען, ארקאדי... ניקאלאאיטשט? אזוי, דוכט זיך,
רופט איהר זיך? און אט האט איהר א באדינער, — האט ער
צוגעגעבען, אנווייזענדיג אויף א קורץ אפגעשוירענעם אינגעל,
וועלכער איז מיט איהם אריינגעקומען. ער איז געווען אנגעטאן

אין א בלויען רעקעל מיט צוריסענע עלענבויגענס און אין פרעמדע שטיוועל. — מ'רופט איהם פעדקא. איך זאג נאך א מאל, אפילו דער זוהן פארוועדט, אז איהר זאלט ניט שטארק מקפיד זיין. סיי ווי, א ליולקע קען ער אנשטאפען. איהר רויכערט דאך?

— מייסטענס רויכער איך ציגארען, — האט ארקאדי גע־ענטפערט.

— ס'איז זעהר קלוג. איך אליין ליעב אויך בעסער ציגארלאך, אבער אין אונזערע פארווארפענע מקומות איז זיי זעהר שווער צו קריגען.

— הער שוין אויף צו באקלאגען זיך, — האט באזאראוו איבערגעשלאגען. — זעץ זיך בעסער דא אויפ'ן דיוואן און לאמיר דיך אנקוקען.

וואסילי איוואנאוויטש האט זיך פאנאנדערגעלאכט און האט זיך געזעצט. זיין פנים איז זעהר עהנליך געווען צו זיין זוהנ'ס; דער שטערען נאר איז געווען נידעריגער און שמעלער און דער מויל אביסעל ברייטער, און ער האט זיך כסדר באוועגט, האט געהויבען די פלייצעס, עפעס אזוי ווי עס וואלט איהם געשניטען אונטער די פאכוועס, האט געפינטעלט, געהוסט און געמאכט מיט די פינ־גער בעת זיין זוהן האט זיך אויסגעצייכענט מיט עפעס א נאכ־לעסיגער אומבאוועגליכקייט.

— באקלאגען זיך! — האט וואסילי איוואנאוויטש איבערגעחזר'ט, — דו, יעווגעני, מיין ניט, אז איך וויל, אזוי צו זאגען, באקלאגען זיך פאר'ן גאסט: קוק זיך איין אין וואס פאר א פארווארפענעם געגענד מיר וואוינען. פארקעהרט, מיין מיינונג איז, אז פאר א דענקענדען מענשען איז ניטא קיין פארווארפענער געגענד, ווייניגסטענס, זעה איך, אז איך זאל ניט פארוואקסען ווערען, ווי מ'זאגט, מיט מאך, אז איך זאל ניט אפשטעהן פון דער צייט.

וואסילי איוואנאוויטש האט ארויסגעשלעפט פון קעשענע א נייע געלע זיידענע טיכעל, וואס ער האט פארכאפט מיט זיך לויפענדיג צו ארקאדי'ס צימער, און האט ווייטער גערעדט, מאַ־בענדיג מיט איהר אין דער לופטען:

— איך רייד שוין נים פון דעם, וואס איך האב, צום ביי־שפיעל, מקריב געווען מיינע אייגענע אינטערעסען און אוועקגע־זעצט די פויערים אויף צינזען און איך האב זיי אפגעגעבען מיין גאנצע ערד. איך האב עס געהאלטען פאר מיין פליכט, דער שכל אליין הייסט עס אויך טאן אין אזא פאל, כאטש אנדערע גוט־באזיצער פארטראטכטען זיך אפילו ניט וועגען דעם: איך רייד וועגען וויסענשאפט, וועגען בילדונג.

— יע, אט איך זעה, אז דו האסט — דעם „פריינד פון געזונד" פון דעם 1855טען יאהר, — האט באזאראוו באמערקט.

— א באקאנטער, אן אלטער חבר שיקט עס מיר צו, — האט וואסילי איוואנאוויטש גיך געענטפערט. — אבער מיר, צום ביי־שפיעל, האבען אויך א באגריף וועגען פרענאלאגיע, — האט ער צוגעגעבען, ווענדענדיג זיך, אגב, מעהר צו ארקאדי'ן און אנווייזענדיג אויף דעם קליינעם גיפסענעם קאפ, וועלכער איז געשטאנען אויפ'ן אלמער, אן איינגעטיילטער אין נומערירטע פיער־עקען, — אונז איז אויך שענליין ניט פארבליבען אומבאוואוסט און — ראדעמאכער.

— און אין ראדעמאכער'ן גלויבט מען נאך אין אט דער גובערניע? — האט באזאראוו געפרעגט.

וואסילי איוואנאוויטש האט א הוסט געטאן.

— אין דער גובערניע... דאס דארפט איהר, מיינע העררען, געוויס בעסער וויסען, ווי קומען מיר צו יאגען זיך נאך אייך? איהר זייט דאך געקומען אונז אפצובייטען. אויך אין מיין צייט איז עפעס איינער א הומאריסט האפמאן און איינער בראון מיט זיין וויטאליזם האבען אויסגעזעהן קאמיש, פון דעסטוועגען האבען זיי דאך אויך אמאל געדונערט. ס'איז געקומען א נייער און האט פארנומען ראדעמאכער'ס פלאץ, און איהר בוקט זיך פאר איהם, און אין צוואנציג יאהר ארום וועט מען אויך פון איהם לאכען.

— איך קען דיך טרייסטען, — האט באזאראוו געזאגט: — אז מיר לאכען איצט פון מעדיצין אין אלגעמיין און אז מיר בוקען זיך פאר קיינעם ניט.

— וואס הייסט? דו ווילסט דאך זיין א דאקטאר?

— איך וויל, אבער איינס שטערט ניט דאס אנדערע.

וואסילי איוואנאוויטש האט אריינגעשטעקט זיין פינגער אין ליולקע, וואו עס האט זיך נאך אפגעשטעלט אביסעל הייסע אש.

— נו, ס'קען זיין, ס'קען זיין, איך וועל זיך ניט שפארען. וואס בין איך דען? — א געוועזענער שטאב־רופא און איצט בין איך געווארען אן אגראנאם. — איך האב געדיענט ביי אייער זיידען אין דער בריגאדע, — האט ער זיך ווידער געווענדט צו אר־קאדי'ן. — יע, יע, איך האב א סך געזעהען אויף מיין לעבען. איך בין געוועזען אין פארשיידענע געזעלשאפטען, איך האב געהאט צו טאן מיט וועמען איהר ווילט נאר אליין! איך, אט דער זעלבער איך, וועלכען איהר זעהט איצט פאר זיך, האב דעם פולס געטאפט ביי דעם פירשט וויטגענשטיין און ביי זשוקאווסקי'ן! יענע... אין דער דרום'דיגער ארמעע, האב איך אלעמען געקענט אויף די פינ־גער אויסרעכענען. איהר פארשטעהט. אבער דאס געהער זיך ניט אן מיט מיר. מיין ארבייט איז דער לאנצעט און גענוג! און אייער זיידע איז געוועזען א זעהר געאכטער מענש, אן אמת'ער מי־ליטאריסט.

— זיי זיך מודה, ער איז געוועזען א באלעבאטישע קלאָץ, — האט באזאראוו פויל געזאגט.

— אך, יעווגעני, ווי אזוי דריקסטו זיך עס אויס! האב רחמנות... געוויס, גענעראל קירסאנאוו האט ניט געהערט צו יענע...

— נו, לאז איהם צורוה, האט באזאראוו איבערגעשלאגען, — ווען איך בין אהער צוגעפאהרען האב איך זיך דערפרעהט קוקענדיג אויף דיין בעריעזענעם וועלדעל, ווי ער האט זיך עס שעהן אויסגע־צוויגען.

וואסילי איוואנאוויטש איז לעבעדיג געווארען.

— דו גיב נאר א קוק ס'ארא גערטענדעל איך האב! איך האב אליין יעדען בוים געזעצט, פרוכט זיינען דארט פאראן, יאג־דעס, און אלערליי מעדיצינישע גראזען. ווי קלוג איהר זאלט ניט

זיין, מיינע יונגע העררען, פונדעסטוועגען האט דער אלטער פאַ־
ראצעלסקי א הייליגען אמת געזאגט: in herbis, et lapidibus
דו ווייסט דאך, אז איך האב זיך פון דער פראקיטקע
אפגעזאגט, פונדעסטוועגען קומט מיר אויס אפצוגעבען זיך
מיט דעם א פאר מאל אין וואך. מ׳קומט פרעגען אן
עצה — מ׳קען דאך יענעם ניט ארויסטרייבען... ס׳טרעפט אז
ארימע קומען נאך הילף, און קיין דאקטוירים זיינען דא אין גאנ־
צען ניטא. איינער א דערבייאיגער שכן, א געוועזענער מאיאר,
שטעל זיך פאר, היילט אויך. איך האב זיך נאכגעפרעגט, אויב
ער האט געלערנט מעדיצין? האט מען מיר געזאגט אז ניין, עס
איז ביי איהם א סארט פילאנטראפי... כא, כא, כא, פילאנטראפי!
נו, ווי געפעהלט עס אייך? כא! כא! כא!

— פעדקא, שטאפ מיר אן מיין ליולקע! — האט באזאראוו
שטרענג געזאגט.

— דא ווען קומט צופאהרען אן אנדער דאקטאר צו א קראנ־
קען, — האט וואסילי איוואנאוויטש ווייטער גערעדט, ווי פאר־
צווייפעלט. — און דער קראנקער איז שוין געווען טויט. איינער
דארט האט דעם דאקטאר ניט געוואלט צולאזען, ער האט געזאגט,
אז איצט דארף מען שוין איהם ניט. יענער האט דאס ניט ער־
ווארט, ס׳איז איהם געווארען אומאנגענעם און ער האט געפרעגט:
„וואס, דער פריץ האט געשלוכצט פאר׳ן טויט?“ — „געשלוכצט“:
— „האט א סך געשלוכצט? — „א סך“. — „א, נו—דאס איז
גוט“ — און איז אוועק צוריק. כא, כא, כא!

נאר דער אלטער האט זיך פאנאנדערגעלאכט. ארקאדי האט
אויסגעדריקט א שמייכעל אויף זיין געזיכט. בזאראוו האט נאר
דעם אטעם א ציה געטאן. אזוי האט זיך דער געשפרעך געצויגען
ארום א שעה. ארקאדי האט שוין צייט געהאט צו זיין ביי זיך אין
צימער, וועלכער איז טאקע געווען אין באד, אבער זעהר א באַ־
קוועמער און א ריינער. ענדליך איז אריינגעקומען טאניושא און
האט געמאלדען, אז דאס עסען איז פארטיג.

וואסילי איוואנאוויטש האט זיך דער ערשטער אויפגעהויבען.

— קומט, מיינע הערדעו! איך האף, אז איהר וועט מיר ענט־
שולדיגען, אויב איך האב אייך געלאנגווייליגט. דערפאר וועט
איהר שוין פון מיין באלעבאסטע מעהר הנאה האבען.

ניט קוקענדיג, וואס מ'האט דעם עסען צוגעגרייט אויף דער
גיך, פונדעסטוועגען איז עס ארויסגעקומען זעהר גוט, און א סך,
איין חסרון נאר, וואס קיין וויין איז ניט געווען; דער כמעט
שווארצער געטראנק, וואס טימאפעאיטש האט געקויפט אין
שטאדט ביי א באקאנטען הענדלער, האט עפעס געהאט א טעם ניט
פון קופער און ניט פון קאליפאניע... און די פליגען האבען אויך גע־
שטערט. אין א געוועהנליכער צייט פלעגט א הויף־אינגעלע טריי־
בען די פליגען מיט א גרויסער גרינער צווייגעל. אבער דאס מאל
האט איהם וואסילי איוואנאוויטש אוועקגעשיקט, מורא האבענדיג,
אז דער יונגער דור זאל איהם ניט קריטיקירען. ארינא וולאסיעוונא
האט שוין צייט געהאט אויסצופוצען זיך: זי האט אנגעטאן א
הויכע הייבעל מיט זיידענע בענדלאך און א בלויע טיכעל מיט
בלומען. זי האט ווידער א ביסעל געוויינט, ווי נאר זי האט דערזעהן
איהר יעניושא'ן, אבער זי האט פארשפארט איהר מאן אן ארבייט:
זי האט אליין אויף דער גיך אויסגעווישט איהרע טרעהרען, כדי
ניט צו פארפלעקען איהר טיכעל. געגעסען האבען נאר די יונגע־
לייט אליין: די באלעבאטים האבען שוין לאנג אפגעגעסען. באַ־
דיענט האט זיי פעדקא; קענטיג אז ער איז ניט געוואוינט געווען
צו די פרעמדע שטיוועל. איהם האט אויך ארויסגעהאלפען א
פרעמדע פרויי מיט א מענערשען פנים און א קרומע מיט דעם נאָ־
מען אנפיסושקא, וועלכע איז געווען אן אויפזעהערין פון הויז און
פון די עופות און אויך א וועשערין. פאר דער גאנצער צייט וואס
זיי האבען געגעסען, איז וואסילי איוואנאוויטש ארומגעגאנגען אי־
בער'ן צימער מיט א גליקליכען געבענשטען אויסזעהן. ער האט גע־
רעדט וועגען די שווערע פארגעפיהלען, וועלכע זיינען אין איהם
ארייגעדרונגען פון דער נאפאלעאנישער פאליטיק און פון דער
פארפלאנטעטער איטאליענישער פראגע. ארינא וולאסיעוונא האט
זיך אויף ארקאדי'ן ניט אומגעקוקט, זי האט אונטערגעשפארט מיטן

פויסט איהר קיילעכיגען פנים, וועלכען עס האבען צוגעגעבען א גוטמוטיגען אויסזעהן די אנגעבלאזענע ליפעלאך פון קארשען קאָליר און די חן־פינטעלאך אויף די באקען און אויף די ברעמען. זי האט איהרע אויגען ניט אראפגענומען פון זוהן און האט אלץ געזיפצט. איהר האט זיך זעהר געוואלט וויסען, אויף ווי לאנג ער איז געקומען, אבער פרעגען האט זי מורא געהאט. „נו, און ווי איז אז ער וועט זאגען — אויף צוויי טעג", האט זי געטראכט, און עס האט איהר ביים הארצען א צופ געטאן. נאכ'ן געבראטענס איז וואסילי איוואנאוויטש פארשוואונדען אויף א ווײלע און האט זיך צוריקגעקעהרט מיט אן אפגעקארקעוועטער האלבער פלעשעל שאמפאניער. „אט, האט ער אויסגערופען, — ניט קוקענדיג וואס מיר וואוינען אויף א פארווארפענעם ווינקעל, אבער אז עס מאכט זיך א שמחה, האבען מיר מיט וואס זיך משמח צו זיין!" — ער האט אנגעגאסען דריי באקאלען און א קעלישאק, האט צוגעוואונשען די „טייערע געסט" און מיט איין מאל, אויפ'ן מיליטערישען שטייגער, האט ער אריינגעזופט זיין באקאל, ארינא וולאסיעוונא'ן האט ער געצוואונגען אויסצוטרינקען ביז'ן לעצטען טראפען. ווען מ'האט דערלאנגט איינגעמאכטס, האט ארקאדי געהאלטען פאר זיין פליכט צו פארזוכען פון פיערערליי נאר וואס אפגעקאכטע סארטען, ניט קוקענדיג וואס ער האט ניט געקענט פארטראגען קיין זיסע זאכען. באזראוו האט זיך איינגעגצען אפגעזאגט און ער האט גלייך פארדרויכערטט א ציגארעל. דערנאך האט מען דערלאנגט צום טיש טיי מיט שמאנד, מיט פוטער מיט בייגעל. דערנאך האט וואסילי איוואנאוויטש אלעמען אוועקגעפיהרט אין גארטען, כדי צו קוויקען זיך מיט דער שעהנקייט פון דעם אוונט. פארבייגעענדיג א בענקעל, האט ער ארקאדי'ן ארייגעשושקעט: — אויף אט דעם ארט האב איך ליעב געהאט צו פילאזאפירען, ווי אלע איינזאמע מענשען, קוקענדיג אויף דעם זון־אונטערגאנג. און דארטען וייטער האב איך פארזעצט עטליכע בוימער, וועלכע גאראציוס האט ליעב געהאט.

— וואס פאר א בוימער? — האט באזאראוו געפרעגט צוהער־רענדיג זיך.

— וואס הייסט... אקאציעס.

באזאראוו האט אנגעהויבען גענעצען.

— איך דענק, אז עס איז שוין צייט די געסט זאלען זיך ארומכאפען מיט מארפיעז, — האט וואסילי איוואנאוויטש באמערקט.

— ס'הייסט, ס'איז צייט שלאפען, — האט באזאראוו אונטערגעכאפט. — דער פארשלאג איז א יושר'דיגער, ס'איז טאקע צייט.

זעגענענדיג זיך מיט דער מאמען, האט ער איהר א קוש געטאן אין שטערען. זי האט איהם ארומגענומען און פון פרייד, פון דעם וויין און פון דעם ציגארען־רויך האט זיך ביי דער אלטער איינגאנצען דער קאפ פארדרעהט. דער מאן האט געוואלט מיט איהר ריידען, ער האט אבער א מאך געטאן מיט דער האנט.

ארינא וולאסיעוונא איז געווען פון די אמאליגע עכט־רוסישע אדעליגע פרויען; זי האט געדארפט לעבען מיט צוויי הונדערט יאהר צוריק אין די אלט־מאסקווער צייטען. זי איז געווען זעהר פרום און געפיהלפול. זי האט געגלויבט אין פארשיידענע סמנים, אין וואהרזאגעריי, אין פאררייךענען, אין חלומות. זי האט געגלויבט אין משוגעים, אין שדים, אין וואלד־טייוואלים, אין שלעכטע באגעגענישען, אין אנשיקענישען, אין באבסקע רפואות, אין דאנערשטיגע זאלץ, אין דעם, אז אין גיכען וועט די וועלט אונטערגעהן; זי האט געגלויבט, אז אויב אין דעם ליכטיגען זונטאג וועלען די ליכט ניט פארלאשען ווערען דורך דער גאנצער נאכט, איז א סימן, אז עס וועט זיין א גערעטעניש אויף רעטשקע. און אז א שוואום וואקסט מעהר ניט, קוים דערזעהט איהם א מענשליך אויג.. זי האט געגלויבט אז דער טייוועל האט ליעב צו זיין דארט, וואו ס'איז פאראן וואסער, און אז ביי יעדען אידען אויפ'ן הארצען געפינט זיך א בלוטיגער פלעק. זי האט מורא געהאט פאר מייז, פאר שלאנגען, פאר זשאבעס, פאר שפערלינגען, פאר פיאווקעס, פאר א דונער,

פאר קאלט וואסער, פאר א צוג־ווינט, פאר פערד, פאר בעק, פאר רויטע מענשען און שווארצע קעץ. גרילען און הינט האט זי גע־האלטען פאר אומרייננע חיות. זי האט ניט געגעסען ניט קיין קעלבערנע פלייש, ניט קיין טויבען, ניט קיין ראקעס, ניט קיין קעז, ניט קיין שפארגעל, ניט קיין ערד־בארען, ניט קיין האזען, ניט קיין קירבעס, ווייל א צושניטענער קירבעס זעהט אויס ווי יאהאן דעם היילינגנ'ס קאפ, און וועגען אויסטערס האט זי אנדערש ניט גע־רעדט ווי מיט א ציטער. זי האט ליעב געהאט גוט צו עסען און האט שטרענג אפגעהיט דאס פאסטען. זי איז געשלאפען צעהן שעה א מעת־לעת, און זי האט זיך אינגאנצען ניט געלייגט, ווען וואסילי איוואנאוויטש'ן האט דער קאפ וועה געטאן. זי האט קיין איין בוך ניט איבערגעלייענט, א חוץ „אלעקסיא אדער די שטיבעל אין וואלד". געשריבען האט זי איינס, העכסטענס צוויי בריעף א יאהר; זי איז געוועזן א גוטע באלעבאסטע, האט געוואוסט ווי צו קאכען און באקען, כאטש מיט איהרע אייגענע הענט האט זי זיך צו קיין זאך ניט צוגעריהרט און זי האט אין אלגעמיין ניט ליעב געהאט צו באוועגען זיך. ארינא וולאסיעוונא איז געוועזן זעהר א גוטע, און זייענדיג אזא, איז זי קיין נאר ניט געווען. זי האט גע־וואוסט, אז אויף דער וועלט זיינען פאראן באלעבאטים, וועלכע באפעהלען, און פשוט'ע מענשען, וועלכע דארפען דיענען. און דעריבער האט איהר ניט געארט ניט דאס קנעכטשאפט און ניט דאס בוקען זיך. מיט דיענער איז זי זיך אבער ליעבליך באגאנגען, קיין איין ארימאן האט זי ניט דורכגעלאזען אהן א נדבה און האט קיינמאל קיינעם ניט באשולדיגט, כאטש זי פלעגט אמאל באריידען. אין דער יוגענד האט זי געהאט זעהר א ליעבען אויסזעהן, האט געשפיעלט קלאוויר און האט גערעדט אביסעל אויף פראנצויז. אבער פאר דער צייט פון איהר לאנגען ארומוואנדערן מיט איהר מאן, פאר וועלכען זי האט חתונה געהאט געגען איהר ווילען, איז זי גראב גע־ווארען און זי האט פארגעסען די מוזיק און די פראנצויזישע שפראך. איהר זוהן האט זי ליעב געהאט און זי האט זיך שטארק געשראקען פאר איהם. די פיהרערשאפט פון גוט האט זי איבער־

גענעבען וואסילי איוואנאוויטש'ן — און האט זיך שוין אין קיין זאך ניט געמישט: זי האט געזיפצט, האט זיך אפגעווערט מיט'ן טיכעל און פאר שרעק האבען זיך איהרע ברעמען געהויבען אלץ העכער און העכער, ווי נאר איהר אלטער פלעגט אנהויבען ריידען ווענען נייע איינפיהרונגען און ווענען זיינע פלענער. זי האט זיך שטענדיג געשראקען, זי האט שטענדיגער ערווארט עפעס א גרויסען אומגליק און האט גלייך געוויינט, ווי נאר זי האט זיך דערמאנט פון עפעס אן אומעטיגער זאך... אזוינע פרויען פארשווינדען שוין איצט. גאט ווייס — צי מ'דארף זיך פרעהען אויף דעם!

## 21.

אויפהויבענדיג זיך פון בעט, האט ארקאדי אויפגעעפענט די פענסטער, און די ערשטע זאך, וואס איהם האט זיך געווארפען אין די אויגען, איז געווען וואסילי איוואנאוויטש. אין א בוכארישען שלאפראק, אונטערגעגארטעלט מיט א נאזטיכעל, האט דער אלטער פלייסיג געארבייט אין גארטען. ער האט באמערקט זיין יונגען גאסט און אנשפארענדיג זיך אויפ'ן רידעל, האט ער אויסגעשריען:

— גוט מארגען! ווי אזוי האט זיך אייך געשלאפען?

— זעהר גוט, — האט ארקאדי געענטפערט.

— און איך בין דא, ווי איהר זעהט, ווי איינער א צינצינאט: איך מאך א בייט פאר דעם שפעטען ריבען. איצט איז אזא צייט. און א דאנק גאט! יעדער מוז זיך אליין ערנעהרען, אויף פרעמדע איז ניטא וואס צו האפען: מ'דארף אליין הארעווען. און עס קומט אויס, אז זשאן זשאק רוסא איז גערעכט. מיט א האלבער שעה צוריק, מיין הערר, וואלט איהר מיך געזעהן אין א גאנץ אנדער פאזיציע. איין פויערטע וועלכע האט זיך באקלאגט, אז עס קוועטשט איהר — דאס איז אויף זייער לשון און, אויף אונזער'ן רופט מען עס — דיזענטעריע, — האב איך... בעסער געזאגט... האב איך אריינגעגאסען אפיום, און א צווייטער האב איך א צאהן ארויסגעריסען. איך האב איהר געוואלט געבען עפיר... זי האט אבער

ניט געוואלט. דאס אלץ מאך איך gratis — „אנאמאטיאר״. סיי ווי, ס'איז קיין וואונדער ניט: איך בין דאך א פלעבעער, homo novus — ניט פון די אדעליגע, ניט אזוי ווי מיין אלטעטשקע... צי ווילט איהר ניט ארויסגעהן אהער אין שאטען, איינאטעמען פאר טיי טרינקען די פרישקייט פון פריהמארגען?
ארקאדי איז צו איהם ארויס.

— גוט מארגען אייך נאך אמאל! — האט וואסילי איוואנאוויטש געזאגט, צולייגענדיג זיין האנט אויפ'ן מיליטערישען שטייגער צו דער פארשמאלצענער היטעלע, וואס האט צוגעדעקט זיין קאפ. — איך ווייס אז איהר זייט צוגעוואוינט צו לוקסוס, צו פארגעניגען, אבער אויך גרויסע מענשען זאגען זיך ניט אפ צו פארברייננגען א קורצע צייט אונטער א דאך פון אן ארימער שטיבעל.

— איך בעט אייך, — האט ארקאדי אויסגערופען. — וואס פאר א גרויסער מענש בין איך? און צו לוקסוס בין איך גאר ניט צוגעוואוינט.

— ערלויבט מיר, ערלויבט מיר, — האט וואסילי איוואנאוויטש געזאגט מיט א פריינדליכער מינע. — ניט קוקענדיג וואס איך בין שוין אויסגעשפיעלט, פונדעסטוועגען האב איך אויך דורכגעמאכט א וועלט. איך דערקען א פויגעל נאך זיין פליהען. איך בין אויך א פסיכאלאג און א פיזיאנאמיסט. איך וואג צו זאגען, אז ווען איך וואלט ניט געהאט אט דעם נאטור־געשאנק, וואלט איך שוין לאנג פארפאלען געווארען: מ'וואלט מיך, דעם קלייניקען מענשעלע, צוריבען. איך וועל אייך זאגען אהן קאמפלימענטען: די פריינדשאפט, וואס איך האב באמערקט צווישען אייך און מיין זוהן, פרעהט מיך פון גאנצען הארצען. איך האב זיך נאר וואס געזעהן מיט איהם, ער איז, ווי זיין געוואוינהייט, ווי איהר ווייסט מסתמא, אויפגעשטאנען זעהר פריה און איז אוועקגעלאפען אין פעלד... ערלויבט מיר אייך צו פרעגען: איהר זייט שוין לאנג באקאנט מיט מיין יעווגעני'ן?

— פון ווינטער אן.

— אזוי, און ערלויבט מיר אויך פרעגען: אבער, צי ווילט

איהר זיך ניט צוזעצען? — ערלויבט מיר אייך פרעגען, ווי א טאטען, מיט דער גאנצער אפענהערציגקייט: וואס איז אייער מיינונג וועגען מיין יעווגעני'ן?

— אייער זוהן — איז איינער פון די וואונדערבארסטע מענ־שען, וואס איך האב ווען עס איז באגעגענט, — האט ארקאדי לע־בעדיג געענטפערט.

וואסילי איוואנאוויטש'עס אויגען האבען זיך מיט אמאל ברייט אויפגעעפענט און זיינע באקען האבען עטוואס אויפגע־פלאמט. דער רידעל איז פון זיינע הענט ארויסגעפאלען.

— אזוי, איהר דענקט, — האט ער אנגעהויבען...

— איך בין זיכער, — האט ארקאדי אונטערגעכאפט, — אז אייער זוהן ערווארט א גרויסע צוקונפט, אז ער וועט באריהמט מאכען אייער נאמען. איך האב זיך איבערצייגט אין דעם אין אונ־זער ערשטער באגעגעניש.

— ווי... ווי אזוי איז עס געווען? — האט וואסילי איוואנא־וויטש קוים ארויסגערעדט. א פריידיגער שמייכעל האט פאנאנ־דערגערוקט זיינע ליפען און ער איז שוין פון זיי ניט אראפ.

— איהר ווילט וויסען, ווי אזוי מיר האבען זיך באגעגענט?

— יע... און אין אלגעמיין...

ארקאדי האט אנגעהויבען צו דערצעהלען און צו ריידען וועגען באזאראוו'ן נאך מיט מעהר היץ און מיט מעהר ברען, ווי אין יענעם אווענט, ווען ער האט מיט אדינצאווא'ן געטאנצט א מא־זורקע.

וואסילי איוואנאוויטש האט איהם געהערט, געהערט, האט דעם נאז געשנייצט, האט זיין טיכעל געקייקעלט איןביידע הענט, האט געהוסט, האט זיינע האר צושויבערט — און ענדליך האט ער ניט אויסגעהאלטען: ער האט זיך צוגעבויגען צו ארקאדי'ן און האט איהם א קוש געטאן אין פלייצע. — איהר האט מיך איינגע־צען באגליקט, — האט ער ארויסגעזאגט, ניט אויפהערענדיג צו שמייכלען, — איך מוז אייך זאגען, אז איך... פארגעטער מיין זוהן, וועגען מיין אלטער איז שוין אפגערעדט: ס'פארשטעהט זיך — א

מאמע! — איך וואג אבער ניט ארויסצואווייזען איהם מיינע גע־פיהלען, ווייל ער ליעבט עס ניט. ער קען ניט פארטראגען קיין סענטימענטאלע געפיהלען, א סך טאדלען איהם אפילו פאר אזא שטארקייט פון זיין כאראקטער און זיי זעהען אין דעם א סימן פון גאוה און געפיהללאזיגקייט, אבער אזעלכע מענשען ווי ער דארף מען ניט מעסטען מיט א געוועהנליכער מאס,„ ניט אמת? אט צום ביישפיעל: אן אנדערער אויף זיין ארט װאלט געצויגען און געצויגען פון זיינע עלטערע,ן און ביי אונז, איהר וועט גלויבען? ער האט קיינמאל ביי אונז קיין איבעריגע קאפיקע ניט גענומען, אויף מיינע נאמנות!

— ער איז ניט קיין אייגעננוציגער, ער איז אן ארענטליכער מענש, — האט ארקאדי באמערקט.

— איך מיין טאקע, אז ער איז ניט קיין אייגעננוציגער. און איך, ארקאדי ניקאלאאיטש, ניט נאר פארגעטער איך איהם, איך שטאל־ציר מיט איהם, און מיין גאנצע אמביציע באשטעהט אין דעם, אז מיט דער צייט זאל אין זיין ביאגראפיע שטעהן די פאלגענדע ווער־טער: „א זוהן פון א פשוט'ן שטאב־רופא, וועלכער האט פונדעסט־וועגען ארויסגעזעהן באצייטענס זיינע פעהיגקייטען און האט קיין זאך ניט געזשאלעוועט פאר זיין ערציהונג...“ — דעם אלטענ'ס קול האט זיך איבערגעריסען.

ארקאדי האט איהם א קוועטש געטאן די האנט.

— ווי מיינט איהר, — האט וואסילי איוואנאוויטש געפרעגט נאך א קורצען שווייגען. — ער וועט דאך ניט אויפ'ן מעדיצינישען געביט דערגרייכען יענע גרויסקייט וועלכע איהר זאגט איהר פאר?

— פארשטעהט זיך, ניט אויפ'ן מעדיצינישען געביט, כאטש אויך דארט וועט ער זיין איינער פון די גרעסטע געלעהרטע.

— אויף וועלכען זשע, ארקאדי ניקאלאאיטש?

— דאס איז איצט שווער צו זאגען, ער וועט אבער זיין בא־ריהמט.

— ער וועט זיין באריהמט! — האט דער אלטערט איבערגע־חזר'ט און האט זיך פארטראכט.

— ארינא וולאסיעווגא הא געהייסען בעטען טיי טרינקען, — האט אנפיסושקא געזאגט פארבייגעהענדיג מיט א גרויסען טעלער צייטיגע מאלינעס.

וואסילי איוואנאוויטש האט זיך א כאפ געטאן:

— און קאלטער שמאנד וועט זיין צו די מאלינעס?

— ס'וועט זיין.

— אבער זעה, אז עס זאל זיין קאלט! לאזט זיך ניט בעטען, ארקאדי ניקאלאאיטש, — נעמט מעהר. פאר וואס איז נאך יעווגעני ניטא.

— איך בין דא, — האט זיך דערהערט באזאראוו'ס קול פון ארקאדי'ס צימער.

וואסילי איוואנאוויטש האט זיך גיך אומגעדרעהט. — אהא! דו האסט געוואלט באזוכען דיין פריינד, דו האסט אבער פארשפעטיגט amice און מיר האבען שוין געהאט א לאנגליכען געשפרעך. איצט דארף מען געהן טיי טרינקען: די מאמע רופט. אגב, איך דארף אויך מיט דיר עפעס ריידען.

— וועגען וואס?

— ס'איז פאראן א פויערל, וועלכער ליידט אויף איקטער...

— ס'הייסט אויף — געלזוכט?

— יע, ס'איז ביי איהם כראניש און איז זעהר א שטארקער פארמע. איך האב איהם פארשריבען די געלזוכט־פלאנץ און ווערים־קרויט; איך האב איהם געהייסען עסען מערען; כ'האב איהם געגעבען סאדע־זאלץ, אבער דאס אלץ זיינען „פאליאטיווע" מיטלען. מ'דארף אנווענדען עפעס באשטימטערעס. דו לאכסט אפילו פון מעדיצין, און איך בין זיכער, אז דו קענסט מיר געבען א ריכטיגע עצה. מיר וועלען נאך אבער וועגען דעם ריידען. און איצט לאמיר געהן טיי טרינקען.

וואסילי איוואנאוויטש איז לעבעדיג אויפגעשפרונגען פון ביינקעל און האט זיך צוזונגען:

„א געזעץ, א געזעץ, א געזעץ וועלען מיר זיך מאכען,
אז עס וועט זיין א פארגעניגען צו לעבען!"

— א וואונדערבארע לעבענספעהיגקייט! — האט באזאראוו געזאגט אפגעהענדיג פון פענסטער.

ס'איז געווארען האלבער טאג. די זון האט געבאקט פון הינטער א דינעם פארהאנג פון אויסגעשפרייטע ווייסליכע וואלקענס. אלץ האט געשוויגען: נאר די העהנער האבען זיך הויך איבערגערופען איבער'ן דארף, ערוועקענדיג א שלעפערדיגקייט און א לאנגוויילינקייט אין יעדען איינעם, וועלכער האט זיי געהערט, און ערגעץ אין דער הויך אויף די שפיצען פון די בוימער האט געקלונגען מיט א וויינענדיגען רוף דער אהנאויפהערענדיגער געשריי פון דעם יונגען יאסטרעב. ארקאדי און באזאראוו זיינען געלעגען אין שאטען פון א קליינער קופע היי, אונטער א צוויי בינטלעך רוישיגטרוקענע גראז, וואס איז נאך געוועזען גרין און שמעקעדיג.

— יענער יאסינאווער בוים, — האט באזאראוו געזאגט, — דערמאנט מיר אן מיין קינדהייט. ער וואקסט אויפ'ן ברעג פון א גרוב, וואס איז פארבליבען פון א ציגעלנעם שייער, און דערמאלט בין איך געוועזען זיכער, אז די גרוב און דער בוים האבען אזא צויבער־קראפט: איך האב זיך קיינמאל ניט געלאנגווייליגט לעבען זיי. איך האב דעמאלט ניט פארשטאנען אז איך האב זיך ניט געלאנגווייליגט דערפאר, ווייל איך בין געוועזען א קינד. נו, איצט בין איך א גרויסער און עס האט שוין ניט דיזעלבע ווירקונג.

— ווי לאנג האסטו דא פארבראכט ארום און ארום? — האט ארקאדי געפרעגט.

— א יאהר צוויי כסדר, דערנאך זיינען מיר ארומגעפאהרען. מיר האבען געפיהרט א וואגלער־לעבען, מייסטענס האבען מיר זיך אומגעשלעפט איבער שטעדט.

— און אט דאס הויז שטעהט שוין לאנג?

— לאנג. דער זיידע האט עס נאך אויסגעבויט, מיין מאמע'ס טאטע.

— ווער איז ער געוועזען, דיין זיידע?

— דער רוח וויים איהם. עפעס א סעקונד־מאיאר. ער האט געדיענט אין סואוואראוו'ס צייטען, ער האט ניט אויפגעהערט צו

דערצעהלען ווי אזוי מ'איז איבערגעגאנגען איבער די אלפען. ער האט מסתמא געגוג ליגענס געזאגט.

— דעריבער העגגט עס סואוואראוו'ס פארטרעט ביי אייך אין גאסט־צימער. און איך האב ליעב אזעלכע הייזלאך ווי אייערע: אלטינקע און ווארעמינקע. און א ריח איז אין זיי עפעס א באַזונדערער.

— א ריח פון חלב, — האט באזאראוו געזאגט גענעצענדיג.— און פליגען זיינען אין אט די ליעבע הייזעלאך... פא!

— זאג, — האט ארקאדי אנגעהויבען נאך א קורצען שווייגען, — אין דיין קינדהייט איז מען צו דיר ניט שטרענג געווען?

— דו זעהסט דאך, וואס פאר א עלטערען איך האב. זיי זיינען ניט פון די שטרענגע.

— דו האסט זיי ליעב, יעווגעני?

— איך האב זיי ליעב, ארקאדי.

— זיי האבען דיך אזוי ליעב!

באזאראוו איז אנשוויגען געווארען. — דו ווייסט וועגען וואס איך טראכט? — האט ער ענדליך געזאגט, פארווארפענדיג די הענט הניטער'ן קאפ.

— איך ווייס ניט, וועגען וואס?

— איך טראכט, אז מיינע עלטערען לעבט זיך גוט אויף דער וועלט! דער טאטע, א מאן פון א יאהר זעכציג, שמאיעט, רעדט וועגען „פאליאטיוונע" מיטלען, היילט מענשען, איז גרויסמוטיג מיט פויערים, — מיט איין ווארט, ער לעבט. אויך מיין מאמען איז גוט: איהר טאג איז אנגעפיקעוועט מיט אלערליי טועכצען, מיט זיפצען און מיט קרעכצען, אז זי האט אפילו קיין צייט ניט ארומצוקוקען זיך, און איך...

— און דו?

— און איך טראכט: אט ליג איך דא אונטער א קופע היי... דער שמאלינקער ערטעלע, וועלכען איך פארנעם, איז אזוי קליין אין פארגלייך מיט דעם גאנצען איבעריגען שטח, וואו איך בין ניטא און וואו עס האט מיט מיר גארניט צו טאן. און די שטיקעל

צײַט, וואָס מיר וועט זיך אײַנגעבען דורכצולעבען, איז אַזוי גאָר־גישטיג קעגען דער אייביגקייט, וואו איך בין ניט געווען און וואו איך וועל ניט זײַן... און אין אָט דעם אומעט, אין אָט דער מאַטע־מאַטישער פּינטעלע צירקולירט דאָס בלוט, אַ מאָרך אַרבייט, ס'ווייל עפּעס אויך... וואָס פאַר אַ פאַרזעהעניש! וואָס פאַר אַ נאַריש־קייטען!

— ערלויב מיר צו באַמערקען דיר, אַז דאָס וואָס דו זאָגסט, קען אַנגעווענדט ווערען אויף אַלע מענשען אין אַלגעמיין...

— דו ביזט גערעכט, — האָט באַזאַראָוו אונטערגעכאַפּט. — איך האָב געוואָלט זאָגען, אַז אָט זיי, ס'הייסט מײַנע עלטערן, זײַ־נען פאַרנומען און זיי באַאונרוהיגען זיך גאָר ניט וועגען דער איי־גענער גאָרנישטדיגקייט, זיי שפּירען עס ניט.. און איך... פיהל נאָר, אַז עס איז מיר לאַנגווײַליג און אַז איך בין אין כעס.

— אין כעס? פאַר וואָס אין כעס?

— פאַר וואָס? וואָס הייסט פאַר וואָס? דו האָסט שוין דען פאַרגעסען?

— איך געדענק אַלץ, נאָר פונדעסטוועגען גיב איך ניט צו, אַז דו האָסט רעכט אין כעס צו זײַן. דו ביזט אומגליקליך, אָבער...

— עה! איך זעה, אַרקאַדי ניקאָלאַיעוויטש, אַז דו פאַר־שטעהסט די ליעבע, אַזוי ווי עס פאַרשטעהען עס אַלע מאָדערנע יונגעלייט: ציפּ, ציפּ, ציפּ, היהנדעלע, און ווי נאָר די היהנדעלע הויבט זיך אָן צו דערנעהנטערען, איז כאַפּט מען די פיס אויף די פּלייצעס! — איך בין ניט אַזאַ. אָבער גענוג צו ריידען וועגען דעם. וועגען דעם וואָס מ'קען ניט העלפען איז אַ שאַנדע צו רייי־דען. — ער האָט זיך אויסגעדרעהט אויף אַ זײַט. — עהע! אָט שלעפּט אַ העלדישער מוראַשקע אַ האַלב־טויטער פליעג. שלעפּ איהר, ברודער, שלעפּ! קוק ניט אויף דעם, וואָס זי לאָזט זיך ניט, באַנוץ זיך מיט דעם, וואָס דו זײַענדיג אַ חיה, האָסט אַ רעכט ניט אָנצוערקענען געפיהלען פון רחמנות, ניט אַזוי ווי אונזערער אַ ברודער, וועלכער ברעכט זיך אַליין!

— ניט דו דאַרפסט עס זאָגען, יעווגעני! — ווען האָסטו זיך

געבראכען? — באזאראוו האט זיין קאפ אויפגעהויבען. — איך שטאלציר אויך מיט דעם. איך אליין האב מיך ניט צובראכען, וועט מיך אויך א ווייבעל ניט צוברעכען. אמן, געוויס! דו וועסט פון מיר קיין איינציגען ווארט מעהר וועגען דעם ניט הערען.

ביידע פריינד זיינען א קורצע ווײלע געלעגען און געשוויגען.

— יע, — האט באזראוו אנגעהויבען, — א מאדנער וועזען איז דער מענש. ווען דו זאלסט א קוק פון דער זייט און פון וויטען אויף דעם אפגעזונדערטען לעבען, וועלכען עס פיהרען דא די „על־טערען", דוכט זיך: וואס דארף מען בעסער? עס, טרינק, און וויים, אז דו טוסט אלץ אזוי ריכטיג און אזוי קולג, וואס בעסער דארף מען גאר ניט. ס'איז אבער ניט אזוי, עס כאפט ארום אן אומועט. עס ווילט זיך האבען צו טאן מיט מענשען, כאטש זידלען זיי, אבער האבען צו טאן מיט זיי.

— מ'האט דאס לעבען געדארפט איינארדנען אזוי, אז יעדער איינציגער אויגענבליק אין איהם זאל זיין א וויכטיגער, — האט אר־קאדי ארויסגעזאגט פארטראכט.

— ווער זאגט עס! כאטש דאס וויכטיגע איז אמאל פאלש, איז עס אבער זיס, אבער אויך מיט דאס אומוויכטיגע קען מען שלום מאכען... אבער מיט נארישקייט... אט דאס איז ניט גוט.

— עס עקזיסטירען ניט קיין נארישקייטען פאר א מענשען, וועלכער וויל זיי ניט אנערקענען.

— הם... דו האסט געזאגט דאס געוועהנליך פארקערטע.

— וואס? וואס רופסטו אן מיט אזא נאמען?

— אט וואס: צו זאגען, צום ביישפיעל, אז אויפקלעהרונג איז נוצליך, איז דאס, געוועהנליך. אבער צו זאגען, אז אויפקלערונג איז שעדליך, איז דאס, דאס געוועהנליך פארקעהרטע. דאס קלינגט שעהנער, אבער אין דער אמת'ן איז דאס די זעלבע זאך.

— אבער, וואו איז דער אמת, אויף וועלכען זייט?

— וואו? איך וועל דיר ענטפערען ווי אן עכא: וואו?

— דו ביזט היינט אין א מעלאנכאלישער שטימונג, יעווגעני.

— טאקע? מסתמא האט מיך די זון צוואווארעמט, און מ׳טאר ניט עסן אזוי פיעל מאלינעס.

— אויב אזוי, איז ניט שלעכט צו כאפן א דרעמעל, — האט ארקאדי באמערקט.

— איך האב ניט דאגעגען. אבער קוק ניט אויף מיר: יעדע־רענס פנים איז נאריש, ווען ער שלאפט.

— און איז דיר דען ניט אלץ איינס, וואס מ׳טראכט וועגען דיר?

— איך ווייס ניט וואס צו זאגען דיר. א מענש איז יענער, ווענען עס קימערען ניט אזעלכע זאכען. א מענש איז נאר יענער, וועגען וועמען ס׳איז ניטא וואס צו טראכטען, אדער מ׳פאלגט איהם, אדער מ׳האט איהם פיינט.

— מאדנע! איך האב קיינעם ניט פיינט, — האט ארקאדי געזאגט, נאכדעם ווי ער האט א טראכט געטאן.

— און איך אזוי פיעל. דו ביזט א צארטע נשמה, א צוקרא־כענער, ווי קומסטו פיינט צו האבען!.. דו האסט מורא, האסט ווייניג גלויבען אין דיר...

— און דו, — האט ארקאדי איבערגעשלאגען. — דו גלויבסט אין דיר? דו האסט א הויכע מיינונג וועגען זיך אליין?

— באזאראוו האט א ווײלע געשוויגען.

— ווען איך וועל באגעגענען א מענשען, אויף וועלכען איך זאל קיין איינפלוס ניט האבען, — האט ער געזעדט מיט איינציגע ווערטער. — דעמאלט וועל איך בייטען מיין מיינונג וועגען זיך אליין — פיינט האבען! אט, צום ביישפיעל, דו האסט היינט גע־זאגט, ווען מיר זיינען פארבייגעגאנגען דאס הויז פון אונזער סטא־ראסטא פיליפ. — עס איז א וואוילע, א ווייסע. אט האסטו גע־זאגט, רוסלאנד וועט ערשט דעמאלט דערגרייכען פאלקאמענהייט, ווען ביי דעם ארימסטען פויער וועט זיין אזא וואוינונג, און יעדער איינער פון אונז דארף העלפען... און איך האב פיינט געקראגען אט דעם ארעמסטען פויער, פיליפען אדער סידארען, פאר וועלכען איך דארף זיך צורייסען, און וועלכער וועט מיר אפילו קיין דאנק

ניט זאגען... און צו וואס דארף איך זיין דאנק? נו, ער וועט וואוי־נען אין א ווייסער היז און איך וועל ליגען אין דר'ערד, און ווייטער?

— הער אויף, יעווגעני... לויט ווי דו רעדסט היינט, מוז מען ניט ווילענדיג איינשטימען מיט יענע, וועלכע באשולדיגען אונז אין פרינציפענלאזיגקייט.

— דו רעדסט אזוי ווי דיין פעטער. קיין פרינציפען זיינען אין אלגעמיין ניטא — דו האסט עס נאך ביז איצט ניט פארשטא־נען! עס זיינען נאר פאראן עמפינדונגען. אלץ איז אפהייגיג פון זיי.

— וואס הייסט?

— אזוי איז עס. — נעם מיך, צום ביישפיעל: איך האלט זיך ביי דער ריכטונג פון אפלייקענען דורך דער עמפינדונג. ס'איז מיר אנגענעם אפצולייקענען, מיין מארך ארבייט אזוי — און גענוג! פארוואס געפעלט מיר כימיע? פאר וואס האסטו ליעב עפעל?— אויך דורך דער עמפינדונג. ס'איז אלץ איינס. מענשען וועלען קיינמאל ניט אריינדרינגען טיעפער פון דעם. ניט יעדער וועט עס דיר זאגען, און איך וועל עס דיר אויך נאך א מאל ניט זאגען.

— אויב אזוי, קומט אוים, אז ערענטליכקייט איז אויך אן עמ־פינדונג?

— נאך ווי!

— יעווגעני! — האט ארקאדי אנגעהויבען מיט אן אומעטיגען קול...

— הא? וואס? עס שמעקט דיר ניט? — האט באזאראוו איבערגעשלאגען. — ניין, ברודער! אויב דו האסט באשלאסען צו שניידען, דארפסטו זיך אויך ניט זשאלעווען! סיי ווי, מיר האבען שוין גענוג פילאזאפירט. „די נאטור וועהט אן דאס שווייגען פון שלאף", האט פושקין געזאגט.

— ער האט קיין מאל אזא זאך ניט געזאגט, — האט ארקאדי באמערקט.

— נו, אויב ער האט עס ניט געזאגט, האט ער עס געקענט און

געדראפט זאגען, זייענדיג א פאעט. אגב ער האט מסתמא געדיענט אין מיליטער.

— פושקין איז קיינמאל ניט געווען אין מיליטער!

— וואס רעדסטו, דו קענסט ביי איהם געפינען אויף יעדען בלאט: — צום קאמף, צום קאמף! פאר רוסלאנד'ס עהרע!

— דו טראכסט עפעס אויס אזעלכע ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע זאכען! דאס איז דאך ממש רכילות.

— רכילות? ס'טגעזעהן אזוינס! אט מיט וואס פאר א ווארט מ'וויל מיך איבערשרעקען! וויפיעל רכילות דו זאלסט ניט ריידען וועגען א מענשען, פארדיענט ער נאך אין דער אמת'ן צוואנ־ציג מאל אזוי פיעל.

— לאמיר בעסער שלאפען! — האט ארקאדי געזאגט מיט פארדרוס.

— מיט דעם גרעסטען פארגעניגען, — האט באזאראוו געענט־פערט.

אבער ניט דעם און ניט יענעם האט זיך געשלאפען. עפעס אזא כמעט פיינליכער געפיהל האט ארומגעכאפט די הערצער פון דיביידע יונגעלייט. אין פינף מינוט ארום האבען זיי אויפגעעפענט די אויגען און האבען זיך שווייגענדיג איבערגעקוקט.

— גיב א קוק, — האט ארקאדי פלוצלונג געזאגט, — א טרו־קענער בלאט האט זיך אפגעריסען און פאלט צו דר'ערד; זיינע באוועגונגען זיינען עהנליך צו דאס פליהען פון א שמעטערלינק. צי איז עס ניט מאדנע? דאס אומעטיגסטע און דאס טויטע — איז עהנליך צו דאס פרעהליכסטע און לעבעדיגסטע.

— אה, מיין פריינד, ארקאדי ניקאלאאיטש! — האט באזא־ראוו אויסגערופען, — איך וויל דיר בעטען איין זאך נאר: רייד ניט אזוי שעהן.

— איך רייד, ווי איך קען... און נאך אלעמען איז דאס דעס־פאטיזם. ס'איז מיר איינגעפאלען א געדאנק אין קאפ, פאר וואס זאל איך עס ניט ארויסזאגען?

— ריכטיג. אבער פאר וואס זאל איך ניט טארען ארויסזאגען

אויך מיינע געדאנקען? מיין מיינונג איז, אז ריידען שעהן איז ניט אנשטענדיג.

— וואס דען איז אנשטענדיג? זידלען זיך?

— הע, הע! איך זעה, אז דו קלייבסט זיך צו געהן אין דיין פעטער'ס וועגען. אך, ווי אט דער אידיאט וואלט זיך דערפרעהט, ווען ער וואלט געהערט ווי דו רעדסט!

— ווי אזוי האסטו פאוועל פעטראוויטש'ן אנגערופען?

— איך האב איהם אנגערופען ווי מ'דארף — אידיאט.

— דאס איז שוין אומערטרעגליך! — האט ארקאדי אויסגע־רופען.

— אהא! דער משפחה־געפיהל האט זיך אין דיר צורעדט,— האט באזאראוו רוהיג געזאגט. — איך האב באמערקט: אז ער האלט זיך גאנץ שטארק ביי מענשען. א מענש איז פון אלץ גרייט אפצוזאגען זיך, ער וועט זיך באפרייען פון יעדען פאראורטייל, אבער צוגעבען, צום ביישפיעל, אז מיין ברודער, וועלכער גנב'עט פרעמדע טיכעלאך, איז א גנב — דאס איז איבער זיינע כחות. און איז דער אמת: מיין ברודער, מיינער, און ניט קיין גאון... איז עס דען מעגליך?

— אין מיר האט זיך צורעדט דער פשוט'ער געפיהל פון ערענטליכקייט און ניט דער משפחה־געפיהל, — האט ארקאדי פייערדיג געזאגט. — אבער אזוי ווי דו פארשטעהסט ניט אזא געפיהל, דו האסט ניט אזא עמפינדונג, דעריבער קענסטו וועגען דעם ניט משפט'ן.

— מיט אנדערע ווערטער: ארקאדי קירסאנאוו רעדט צו הויך פאר מיר, איך פארנייג זיך און איך ווער אנשוויגען.

— הער אויף, יעווגעני איך בעט דיר, דער סוף וועט זיין, אז מיר וועלען זיך צוקריגען.

— אך, ארקאדי! טו מיר א טובה, לאמיר זיך גוט צוקריגען, איינמאל פאר אלע מאל.

— אויב אזוי, קען דאך דאס פיהרען דערצו...

— אז מיר וועלען זיך צושלאגען? — האט באזאראוו אונ־

טערגעכאפט. — נו, וואס ? אט דא אויפ'ן היי, וואו אלץ איז אזוי אידיליש, ווייט פון דער וועלט און פון מענשליכע אויגען. ס'מאכט ניט, דו ווע‏סט אבער ביי מיר גלאט ניט אפשניידען. אט וועל איך דיך א כאפ טאן פאר'ן האלז...

באזאראוו האט פאנאנדערגעשפרייט זיינע לאנגע, שטייפע פינגער... ארקאדי האט זיך אויסגעדרעהט און האט זיך כלומר'שט געוואלט וועהרען אויף שפאס... אבער זיין פריינד'ס פנים האט איהם אויסגעזעהן אזוי בייז, ניט קיין שפאס איז געלעגען אויף דעם קרומען שמייכעל פון זיינע ליפען, אין זיינע אנגעצונדענע אויגען. און ארקאדי האט זיך ניט ווילענדיג דערשראקען.

— אהא ! אט וואוהין איהר האט זיך פארקליבען, — האט זיך דערהערט אין אט דעם זעלבען אויגענבליק וואסילי איוואנא־וויטש'עס קול. און זיי האבען דערזעהן פאר זיך דעם אלטען שטאב־רופא, אנגעטאן אין א היימיש־געמאכטען לייווענטענעם רעקעל און אין א שטרויענער הוט אויפ'ן קאפ, אויך א היימיש געמאכטען. — איך האב אייך געזוכט, געזוכט... איהר האט אבער א פיין ערטעלע אפגעזוכט און איהר פארנעמט זיך מיט א גאנץ פיינער זאך. ליגען אויף „דר'ערד" און קוען אויפ'ן „הימעל"... איהר ווייסט, אין דעם איז עפעס פאראן.

— איך קוק אויפ'ן הימעל נאר דעמאלט, ווען איך וויל ניסען, — האט באזאראוו א ווארטשע געטאן, און ווענדענדיג זיך צו אר־קאדי'ן, האט ער צוגעגעבען אין דער שטיל : — א שאד, וואס ער האט געשטערט.

— נו גענוג,—האט ארקאדי א שעפטשע געטאן און האט בגנבה א קוועטש געטאן זיין פריינד'ס האנט. אבער קיין פריינדשאפט וועט לאנג ניט אויסהאלטען אזעלכע צוזאמענשטויסען.

— איך קוק אויף אייך, יונגע חברים, — האט וואסילי איוואנאוויטש געזאגט, שאקלענדיג מיט'ן קאפ און אנשפארענדיג זיך מיט איבערגעקרייצטע הענט אויף עפעס א צודרעהטען שטעקען, וואס ער האט אליין געמאכט, מיט א פיגורעל פון א טערק אנשטאט א הענטעל. — איך קוק, און איך קען זיך ניט גענוג אנקוקען. ווי

פיעל קראפט ס׳איז דא אין אייך, וויפיעל פרישקייט, פעהיגקייט און טאלאנט! ממש... קאסטאר און פאלדוקס!

— אט וואוהין דו האסט אנגעשפארט, אזש צו דער מיטאָ־לאגיע! — האט באזאראוו געזאגט. — מ׳קען גלייך זעהן, אז אין דיין צייט ביזטו געווען א שטארקער לאטיין־קענער! דו האסט, דאכט זיך, געקראגען א זילבערנעם מעדאל פאר א קאמפאזיציע, הא?

— דיאסקורען, דיאסקורען! — האט וואסילי איוואנאוויטש איבערגע׳חזר׳ט.

— נו, זאל שוין זיין גענוג, טאטע, הער אויף צו ריידען אזוי צערטליך.

— אמאל אין א יובל מעג מען, — האט דער אלטער געענט־פערט. — סיי ווי, איך האב אייך, מיינע הערען, ניט אפגעזוכט כדי צו געבען אייך קאמפלימענטען, נאר כדי, ערשטענס צו לאזען אייך וויסען אז מיר וועלען באלד עסען מיטאג, און צווייטענס, וויל איך דיר בעסער פריהער זאגען, יעווגעני... דו ביזט א קלוגער מענש, דו פארשטעהסט מענשען, און פרויען. און דו וועסט מסתמא מוחל זיין... דיין מאמע פראוועט א דאנק־געבעט לכבוד דיין קומען. מיין ניט, אז איך בין דיך געקומען רופען, דו זאלסט אנוועזענד זיין ביי דער תפלה: ס׳איז שוין נאך אלעמען, אבער דער גלח אלעקסיי...

— דער גלח?

— נו, יע, דער גלח, ער איז ביי אונז... ער וועט עסען... איך האב עס ניט ערווארט, איך האב אפילו געזאגט, אז מ׳דארף ניט... ס׳איז אבער אזוי אויסגעקומען... ער האט מיך ניט פארשטאנען... נו, און ארינא וולאסיעווגא... א חוץ דעם, האלטען מיר איהם פאר א גוטען און פאר א קלוגען מענשען.

— ער וועט דאך מיין חלק ניט אויפעסען? — האט באזאראוו געפרעגט.

וואסילי איוואנאוויטש האט זיך צולאכט: — הער אויף, וואס איז מיט דיר!

— מעהר דארף איך ניט, איך בין גרייט מיט יעדען מענשען צו זעצען זיך ביים טיש.

וואסילי איוואנאוויטש האט צורעכט געמאכט זיין הוט.

— איך האב פריהער געוואוסט, — האט ער געזאגט, — אז דו שטעהסט העכער פון יעדען פאראורטייל. אט בין איך שוין אן אלטער מאן פון צוויי און זעכציג יאהר, און איך האב זיי אויך ניט. (וואסילי איוואנאוויטש האט ניט געוואגט זיך מודה צו זיין, אז ער האט גאר געוואלט דעם דאנק־געבעט... ער איז ניט וועניגער פרום געווען ווי זיין ווייב). און דעם פאטער אלעקסיי האט זיך זעהר געוואלט באקענען מיט דיר. ער וועט דיר געפעלען ווערען, דו וועסט זעהן. פון א קערטעל זאגט ער זיך אויך ניט אפ, און צוויי־שען אונז אל עם בלייבען: ער רויכערט אפילו א ליולקע.

— אויב אזוי, וועלען מיר נאכ'ן עסען מאכען א קערטעל און ער וועט ביי מיר פארלירען.

— כע, כע, כע, מיר וועלען זעהן! זיי ניט אזוי זיכער.

— וואס? דו ווילסט איבער'חזר'ן די אלטע צייטען? — האט באזאראוו ארויסגעזאגט, באטאנענדיג זיינע ווערטער.

וואסילי איוואנאוויטש'עס בראנזענע באקען זיינען רויט גע־ווארען.

— ווי אזוי שעמסטו זיך ניט, יעווגעני... דאס, וואס ס'איז געווען, איז אוועק. נו, איך בין גרייט זיך מודה צו זיין דא פאר אייך, אז איך האב געהאט אט די ליידענשאפט אין דער יוגענד. ס'איז אמת, און איך האב דערפאר טייער באצאהלט! ווי היים עס איז. ערלויבט מיר צו זעצען זיך לעבען אייך. איך שטער דאך ניט?

— ניין, — האט ארקאדי געענטפערט.

וואסילי איוואנאוויטש האט זיך קרעכצענדיג אראפגעלאזען אויף די היי.

— אייער איצטיגער געלעגער, מיינע הערען, — האט ער אנ־געהויבען, — דערמאנט מיר אן מיין מיליטערישען וואנדער־לעבען, אן די ערטער, וואו מיר פלעגען באנדאזשירען די פארוואונדעטע,

איך ערגעץ אזוי לעבען א קופע היי, און א דאנק גאט איך דער־
פאר. אט, צום ביישפיעל, אויב איהר וועט ערלויבען וועל איך
אייך דערצעהלען אן אינטערעסאנטען עפיזאד פון דער בעסאראַ־
ביער מגפה.

— פאר וועלכען דו האסט געקראגען א מעדאל? — האט באַ־
זאראָוו אונטערגעכאפט. — מיר ווייסען, מיר ווייסען... אגב, פאר
וואס טראגסטו עס ניט?

— איך האב דאך דיר געזאגט, אז איך האב ניט קיינע פאר־
אורטיילען, — האט וואסילי איוואנאָוויטש א זאָג געטאָן (ערשט
נעכטען האט ער געהייסען אראפטרענען דעם רויטען בענדעל פון
זיין סורדוט) און ער האט אנגעהויבען דערצעהלען דעם עפיזאד פון
דער מגפה. — ער איז דאך איינגעשלאפען, — האט ער ארקאדי'ן
א שעפטשע געטאן, אנווייזענדיג אויף באזאראָוו'ן און האט גוט־
מוטיג א וואונק געטאן. — יעווגעני! שטעה אויף, — האט ער
הויך צוגעגעבען, — לאָמיר געהן עסען...

דער פאטער אלעקסיי, א פולער אנזעהענדיגער מאן, מיט גע־
דיכטע, שעהן־פארקאמטע האהר, מיט אן אויסגענייטען גארטעל
אויף זיין ליליען־פארביגען גלח'שען מאנטעל, איז געווען א פלינ־
קער און א שארפזיניגער. ער האט זיך דער ערשטער צוגעאיילט
און זיי געגעבן די האנט, ווי ער וואלט פאראויס פארשטאנען, אז זיי
נויטיגען זיך ניט אין זיין ברכה, און ער האט זיך אין אלגעמיין פריי
געהאלטען. ער האט זיך ניט ארויסגעגעבען און האט יענעם ניט
פארטשעפעט. אגב, ער האט חוזק געמאכט פון דעם סעמינארישען
לאטיין, און ער האט זיך אנגענומען פאר זיין ארכיערייי. ער האט
אויסגעטרונקען צוויי גלעזלאך וויין, און פון דעם דריטען האט ער
זיך אפגעזאגט. ער האט צוגענומען פון ארקאדי'ן א ציגאר, ער
האט עס אבער ניט פאררויכערט, זאגענדיג, אז ער וועט עס מיט־
נעמען אהיים. ניט אין גאנצען אנגענעם איז אין איהם געווען נאר
דאס, וואס ער פלעגט לאנגזאם און פארזיכטיג אויפהויבען זיין
האנט כדי צו כאפען פליגען ביי זיך אויפ'ן פנים. א חוץ דעם פלעגט
ער זיי נאך אמאל אויך דערקוועטשען. ער האט זיך געזעצט לע־

בען גרינעם טיש מיט אן איינגעהאלטענער צופרידענהייט און ער
האט פארענדיגט מיט דעם, וואס ער האט פון באזאראוו'ן געוואונען
צוויי רובעל מיט פופציג קאפיקעס אין פאיר געלט: אין ארינא
וולאסיעוונא'ס הויז האט מען קיין באגריף ניט געהאט צו רעכענען
זיך אין זילבער געלט... זי איז, ווי פריהער, געזעסען לעבען זוהן
(אין קארטען האט זי ניט געשפיעלט) מיט אן אונטערגעשפארטער
האנט אונטער איהר באק, און האט זיך נאר דעמאלט אויפגעהויי־
בען ווען זי האט געהייסען דערלאנגען עפעס א נייעם געריכט. זי
האט מורא געהאט צו צערטלען באזאראוו'ן; ער האט עס אויך ניט
געזוכט. א חוץ דעם האט איהר נאך וואסילי איוואנאוויטש געראטען,
אז זי זאל איהם ניט „באאומרוהיגען" צופיעל. — „יונגע מענשען
זיינען ניט קיין בעלנים אויף אזעלכע זאכען", — האט ער איהר
פארזיכערט. (ס'איז איבעריג צו זאגען, וואס פאר א מיטאג ס'איז
געוועזען אין יענעם טאג: טימאפעאיטש אליין האט זיך פארטאג
אוועקגעלאזען נאך טשערקעסישע פלייש, דער סטאראסטא האט
זיך אוועקגעלאזען אין א צווייטען זייט נאך אויל־פיש, נאך יארשעם
און ראקעס, פאר שוואומען אליין האבען פויערטעס געקראגען צוויי־
און־פערציג קאפיקעס אין קופער). אבער ארינא וולאסיעוונא'ס
אויגען, וועלכע האבען אהנאויפהערליך געקוקט אויף באזאראוו'ן,
האבען אויסגעדריקט ניט נאר איבערגעבענהייט און צערטליכקייט.
אין זיי האט זיך אויך געזעהן אומעט, צונויפגעמישט מיט נייגעריג־
קייט און שרעק; עס האט זיך אויך געזעהן אין זיי אן עניוות'דיגער
פארוואורף.

סיי ווי, באזאראוו'ן איז אין זינען ניט געלעגען צו אנאליזירען,
וואס אייגענטליך עס האבען אויסגעדריקט זיין מאמע'ס אויגען. ער
האט זיך זעלטען געווענדעט צו איהר, און אויך דאס, מיט א קורציג־
קער פראגע. איין מאל האט ער איהר האנט געבעטען „פאר מזל". זי
האט שטיל ארויפגעלייגט איהר ווייכע הענטעל אויף זיין הארטען
ברייטען לאדאן.

— וואס, — האט זי געפרעגט אין א ווײלע ארום, — ס'האט
ניט געהאלפען?

— ס'איז נאָך ערגער אַוועק, — האָט ער געענטפערט מיט אַ נאָכלעסיגען שמייכעל.

— זיי שפּיעלען שוין צו שטאַרק, — האָט פאָטער אַלעקסיי רחמנות'דיג אַרויסגעזאָגט, און האָט אַ גלעט געטאָן זיין שעהנע באָרד.

— אַ נאַפּאָלעאָנישער געזעץ, פאָטער, אַ נאַפּאָלעאָנישער, — האָט וואַסילי איוואַנאָוויטש אונטערגעכאַפּט, און איז אַרויס מיט אַ טויז.

— איהם האָט עס טאַקע דערפיהרט צו דעם אינזעל פון דער הייליגער העלענאַ, — האָט דער פאָטער אַלעקסיי געזאָגט, און האָט אַרויפגעלייגט אַ טרומף אויף זיין טויז.

— אפשר ווילסטו סמאָראָדינאַ־וואַסער, יעניושעטשקאַ? — האָט אַרינאַ וולאַסיעוונאַ געפרעגט.

— באַזאַראָוו האָט נאָר אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— ניין! — האָט ער אויפ'ן צווייטען טאָג געזאָגט צו אַרקאַדי'ן. — מאָרגען וועל איך פון דאַנען אַוועקפאָהרען. ס'איז אומעטיג, ס'ווילט זיך אַרבייטען, און דאָ קען מען ניט. איך וועל ווידער פאָהרען צו אייך אין דאָרף; איך האָב דאָך דאָרט אַלע מיינע פּרעפּאַראַטען געלאָזען. ביי אייך קאָן מען זיך װעניגסטענס פאַרשפּאַרען. און דאָ זאָגט מיר אַלץ דער טאַטע: „דו קענסט טאָן אין מיין קאַבינעט וואָס דו ווילסט נאָר, קיינער וועט דיך ניט שטערען“, און אַליין טרעט ער ניט אָפּ פון מיר. ס'איז מיר עפּעס ניט אַנגענעם צו פאַרשליסען זיך פון איהם. נו, און די מאַמע אויך. איך הער ווי זי זיפצט אויף יענער זייט וואַנט, און געהסטו אַרויס צו איהר — איז האָסטו ניט וואָס צו זאָגען.

— זי וועט זיך זעהר ערגערען, — האָט אַרקאַדי געזאָגט, — אַן ער אויך.

— איך וועל נאָך צוריקומען צו זיי.

— ווען?

— אַם, ווען איך וועל פאָהרען אין פּעטערבורג.

— איבערהויפּט טוט מיר לייד פאַר דיין מאַמען.

— וואס עפּעס? וואסי, ווייל זי האט דיך צופרידענגעשטעלט מיט יאגדעס?

ארקאדי האט די אויגען אראפּגעלאזען:

— דו פארשטעהסט דיין מאמען ניט, יעווגעני. זי איז ניט נאר א גוטע פרוי, זי איז אויך א קלוגע, איך מיין עס. היינט אין דער פריה האט זי מיט מיר פארבראכט אפשר א האלבע שעה, און אזוי קלוג, אינטערעסאנט.

— זי האט זיך מסתמא צורעדט וועגען מיר.

— ניט נאר וועגען דיר אליין האבען מיר גערעדט.

— אפשר דו, ווי א פרעמדער, זעהסטו בעסער. אויב א פרוי קען פיהרען א געשפרעך א האלבע שעה, איז עס שוין א גוטער סימן, און איך וועל פונדעסטוועגען אוועקפאהרען.

— דיר וועט ניט גרינג זיין צו זאגען זיי וועגען דעם... זיי קלערען אלץ, וואס וועלען מיר טאן אין צוויי וואכען ארום.

— ניט גרינג. דער טייוועל האט מיך היינט אנגעטראגען א רייץ צו טאן זיך מיט'ן טאטען. מיט עטליכע טעג צוריק האט ער געהייסען אפּשמייסען איינעם פון זיינע צינזען־פויערים — און ער האט זעהר גוט געטאן. יא, יא, קוק זיך ניט אזוי איין אויף מיר, — ער האט זעהר גוט געטאן, ווייל א גנב און א שכור איז דער פויער א גרויסער. דער טאטע האט זיך אבער ניט גערעכט, אז איך וועל זיך וועגען דעם דערוויסען. ער האט זיך זעהר פארשעמט, און איצט קומט מיר איהם אויס ווידער צו ערגערן... ס'מאכט ניט! ביז דער חתונה וועט זיך עס פארהיילען!

באזאראוו האט געזאגט: „ס'מאכט ניט!" עס איז אבער אוועק א גאנצער טאג, איידער ער האט זיך ענטשלאסען צו לאזען איהם וויסען וועגען זיין אוועקפאהרען. ענדליך אין קאבינעט, ווינ־שענדיג איהם א גוטע נאכט, האט ער געזאגט מיט א געמאכטען גענעץ:

— יע... איך האב דיר שיער פארגעסען צו זאגען... זיי אזוי גוט און היים מארגען שיקען אונזערע פערד צו פעדאטען כדי אפּ־צובייטען.

וואסילי איוואנאוויטש האט איהם פארוואונדערט אנגעקוקט:
— וואסי, הער קירסאנאוו פאהרט פון אונז אוועק?
— יע, און איך פאהר אויך מיט איהם.
— וואסילי איוואנאוויטש האט איהם גלייך איבערגעפרענט:
— דו פאהרסט אוועק?
— יע... איך מוז. באזארג, איך בעט דיך, וועגען די פערד.
— גוט... — האט דער אלטער ארויסגעשטאמעלט, — כדי אפצובייטען... גוט... אבער... אבער... וואס הייסט?
— איך מוז פאהרען צו איהם אויף א קורצע צייט, דערנאך וועל איך ווידער קומען אהער
— יע! אויף א קורצע צייט... גוט. — וואסילי איוואנאוויטש האט ארויסגענומען א טיכעל, און ווישענדיג זיין נאז, האט ער זיך שיער ביז צו דער ערד איינגעבויגען. — נו, דאס אלץ... וועט זיין. איך האב געדענקט, אז דו וועסט ביי אונז... לייננער זיין. דריי טעג... דאס איז, דאס איז אביסעל צו ווייניג, יעווגעני, נאכדעם ווי דו ביזט שוין ביי אונז ניט געווען גאנצע דריי יאהר.
— איך זאג דאך דיר אבער, אז איך וועל זיך אין גיכען צוריק־קעהרען. איך מוז פאהרען.
— דו מוזט... פריהער פאר אלץ דארף מען ערפילען די פליכט... הייסט עס, ארויסשיקען פערד? גוט. איך מיט ארינא'ן האבען עס זיכער ניט ערווארט. זי האט אויסגעבעטען בלומען פון א שכנה, זי האט געוואלט דיין צימער אויספוצען. (וואסילי איוואנאוויטש האט אפילו ניט דערמאנט וועגען דעם, אז יעדען פריה־מארגען, ווי נאר ס'איז ליכטיג געווארען איז ער שוין געשטאנען א בארפוסער אין טופליעס און האט זיך גע'עצה'ט מיט טימאפעאיטש'ן, און האט מיט ציטערדיגע פינגער ארויסגענומען אנגעריסענע פאפיר־געלט איינע נאך די אנדערע, האט איהם געהייסען איינקויפען פארשיידענע זאכען, איבערהויפט עסענווארג און רויטען וויין, וועלכער, ווי ווייט מ'האט געקענט באמערקען, איז שטארק געפעלען געווארען די יונגעלייט). די הויפטזאך — איז פרייהייט, — דאס איז מיין געזעץ... מ'דארף ניט שטערען... — ער

איז פלוצלונג אנשווינגען געווארען און האט זיך געלאזט געהן צום טיר.

— מיר וועלען זיך אין גיבען ווידער זעהן, טאטע, איך מיין עס,

אבער וואסילי איוואנאוויטש האט, ניט אומקעהרענדיג זיך, נאר מיט דער האנט א מאך געטאן און איז ארויסגעגאנגען. אומ־קעהרענדיג זיך אין שלאף־צימער, האט ער זיין ווייב דערוויסט אין בעט און ער האט אנגעהויבען תפלה צו טאן אין דער שטיל, כדי ניט אויפצווועקען איהר. זי האט זיך אבער דאך אויפגעכאפט.

— דאס ביזטו, וואסילי איוואנאוויטשש? — האט זי געפרעגט.

— איך, מאמעלע.

— דו קומסט פון יעניושא׳ן? דו ווייסט, איך האב מורא, אז עס איז איהם ניט גוט צו שלאפען אויפ׳ן דיוואן. איך האב אנ־פיסושקע׳ן געהייסען אונטערלייגען איהם דיין וועג־מאטראץ און נייע קישעלאך. איך וואלט איהם געגעבען אונזער פערענע, איך געדענק אבער, אז ער האט ניט קיין וויכען געלעגער.

— ס׳מאכט ניט, מאמעלע, באאומרוהיג זיך ניט. ס׳איז איהם גוט. גאט דערבארעם זיך אויף אונז זינדיגע, — האט ער פארט־געזעצט זיין געבעט. וואסילי איוואנאוויטש׳ען האט לייד געטאן פאר דער אלטעטשקער, ער האט איהר ניט געוואלט זאגען פאר׳ן שלאף, וואס פאר אן אומגליק עס ערווארט איהר.

באזאראוו און ארקאדי זיינען אויף מארגען אוועקגעפאהרען. שוין פון באגינען אן האט זיך געפיהלט דעם אומעט אין הויז; ביי אנפיסושקע׳ן איז די געפעס געפאלען פון די הענט... אפילו פעדקא איז צומישט געווארען, און ער האט געענדיגט מיט דעם, וואס ער האט אויסגעטאן די שטיוועל. וואסילי איוואנאוויטש האט זיך געטומעלט מעהר ווי אלע מאל: ער האט זיך, קענטיג, געמוטיגט, האט הויך גערעדט און געקלאפט מיט די פיס, אבער זיין פנים איז איינגעפאלען און זיינע אויגען האבען זיך כסדר געגליטשט פאר־ביי זיין זוהן. ארינא וולאסיעוונא האט שטיל געוויינט: זי וואלט עס זיכער ניט אויסגעהאלטען און זי וואלט זיך ניט געקענט בא־

הערשטן ווען איהר מאן וואָלט נאָך מיט איהר אין דער פריה ניט איינגע'טענה'ט גאַנצע צוויי שעה. נאָכדעם ווי באַזאַראָוו האָט צוגע־זאָגט, אַז ער וועט צוריקקומען ניט שפּעטער ווי אין אַ חודש אַרום, האָט ער זיך ענדליך אַרויסגעריסען פון די אָרעמס, וואָס האָבען איהם געהאַלטען, און ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין טאַראַנטאַס, און ווען די פערד האָבען אַ ציה געטאָן, און דער גלעקעל האָט אַ קלונג געטאָן, און די רעדער האָבען זיך אָנגעהויבען צו דרעהען, — און ווען עס איז שוין ניט געווען נאָך וואָס צו קוקען, ווען דער שטויב האָט זיך שוין איינגעלייגט, און ווען טימאָפעאיטש איז גאַנ־צען אַז איינגעהויקערטער האָט זיך אַוועקגעשלעפּט אין זיין קאַמער מיט אַ וויגענדיגען גאַנג, און ווען די אַלטינקע לייט זיינען געבלי־בען אַליין אין זייער שטוב, וועלכע האָט אויך זיי געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט אויך פּלוצלונג אַלט און צונויפגעצויגען גע־וואָרען, איז וואַסילי איוואַנאָוויטש שטעהן געבליבען אַ ווייליע אויפ'ן גאַנעק און האָט העלדיש געפּאַכט מיט'ן טיכעל, נאָכדעם האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזען אויף אַ שטול און זיין קאָפּ איז אַראָפּגעפאַלען צו זיין ברוסט. „ער האָט אונז פאַרלאָזען, פאַרלאָזען", האָט ער געשטאַמעלט. „פאַרלאָזען; ס'איז איהם אומעטיג געוואָרען מיט אונז. אַליין, אַליין, אַליין", האָט ער עטליכע מאָל איבערגע'חזר'ט, „ווי עס איז איצט אַליין דער פינגער", און ער האָט זיין האַנט אויפגעהויבען מיט זיין ווייז־פינגער אויסגעשטרעקט. דעמאָלט איז אַרינאַ וולאַסיעווונאַ צוגעגאַנגען צו איהם, און אָנשפּאַרענדיג איהר גרויען קאָפּ צו זיין גרויען קאָפּ, האָט זי געזאָגט: „וואָס קען מען העלפען, וואַסיאַ! אַ זוהן — איז אַן אָפּגעשניטענע שטיק פלייש. ער איז געגליכען צו אַ פאַלקע־פויגעל: ער האָט געוואָלט — איז ער געקומען צופליהען, ער האָט געוואָלט — איז ער אַוועקגעפלויגען, און מירביידע זיינען אַזוי ווי שוואָמען אין אַ לאָך פון אַ בוים, מיר זיצען זייט ביי זייט, און מיר ריהרען זיך ניט פון אָרט. נאָר איך וועל דיר בלייבען טריי מיין גאַנצען לעבען, ווי דו מיט מיר."

וואַסילי איוואַנאָוויטש האָט אַראָפּגענומען די הענט פון פּנים און האָט אַרומגענומען זיין ווייב, זיין חבר'טע, אַזוי שטאַרק, ווי ער

האט איהר אפילו אין דער יוגענד ניט ארומגענומען; זי האט איהם געטרייסט אין זיין אומעט.

.22

שווייגענדיג, בלויז איבערבייטענדיג זיך פון צייט צו צייט מיט אומבאדייטענדע ווערטער, זיינען אונזערע פריינד דערפאהרען ביז פעדאטען. באזאראוו איז ניט אינגאנצען געווען צופרידען מיט זיך, און ארקאדי איז אויך געווען אומצופרידען מיט איהם. א חוץ דעם האט איהם באהערשט יענער אומעט, פון וועלכען עס ווייסען נאר יונגע מענשען. דער קוטשער האט איבערגעשפאנט די פערד, און ארויפקריכענדיג אויף דער קעלניע, האט ער געפרעגט: — רעכטס, אדער לינקס?

ארקאדי האט א ציטער געטאן. די וועג רעכטס האט געפיהרט אין שטאדט און פון דארטען אהיים, די וועג לינקס האט געפיהרט צו אדינצאווא'ן.

ער האט א קוק געטאן אויף באזאראוו'ן.

— יעווגעני, — האט ער א פרעג געטאן, — פאהרען מיר לינקס?

באזאראוו האט זיך אפגעקערט.

— וואס איז דאס פאר אן אומזין? — האט ער ארויסגעזאגט.

— איך וויים, אז דאס איז אומזין, — האט ארקאדי געענט־פערט... — אבער וואס איז דא פאר אן אומגליק? מיר פאהרען דען דעם ערשטען מאל

באזאראוו האט ארויפגערוקט די היטעל אויף'ן שטערען.

— ווי דו פארשטעהסט, — האט ער ענדליך געזאגט.

— פאהר לינקס, — האט ארקאדי אויסגערופען.

דער טאראנטאס האט זיך אוועקגעטראגען אין דער ריכטונג פון ניקאלסקאיע. אבער באשליסענדיג אויף דעם „אומזין", האבען די פריינד געשוויגען נאך עקשנות'דיגער ווי פריהער און ס'האט אפילו אויסגעזעהן, ווי זיי וואלטען אין כעס געוועזן.

לויט ווי עס האט זיי באגעגענט דער אויפזעהער אויף'ן גא־

נעק פון אדינצאָוואַ'ס הויז, האָבען שוין די פריינד געקענט פאַר־
שטעהן, אַז זיי האָבען ניט ריכטיג געהאַנדעלט, וואָס זיי האָבען
זיך געלאָזען באַאיינפלוסען פון אַ פּלוצלונגען איינפאַל. מ'האָט זיי
קענטיג ניט ערוואַרט. זיי זיינען לאַנג גענוג געזעסען אין גאַסט־
צימער מיט נאַרישע פּנים'ער. ענדליך איז אדינצאָוואַ צו זיי אַרויס־
געקומען. זי האָט זיי באַגריסט מיט איהר געוועהנליכער פריינד־
ליכקייט. זי האָט זיך אָבער געוואונדערט אויף זייער גיכען צו־
ריקקעהר און, ווי ווייט מ'האָט געקענט אורטיילען פון איהרע לאַנג־
זאַמע באַוועגונגען און פון איהר ריידען, האָט זי זיך ניט שטאַרק
דערפרעהט. זיי האָבען זיך צוגעאיילט און געלאָזען וויסען, אַז זיי
האָבען דאָ אָפּגעטראָטען פאַרבייפאַהרענדיג, און אַז אין פיער שעה
אַרום לאָזען זיי זיך אַוועק ווייטער, אין שטאָדט. זי האָט זיך באַ־
גרענעצט מיט אַ לייכטען אויסגעשריי; זי האָט געבעטען אַרקאַדי'ן,
אַז ער זאָל לאָזען גריסען זיין טאַטען פון איהרטוועגען, און האָט
געשיקט נאָך איהר טאַנטע. די פירשטין איז אַריינגעקומען אַ פאַר־
שלאָפענע, וואָס דאָס האָט נאָך מעהר בייזקייט צוגעגעבען איהר
אַלטען, צוקנייטשטען פּנים. קאַטיאַ האָט ניט גוט געפיהלט, זי
איז ניט אַרויס פון איהר צימער. אַרקאַדי האָט פּלוצלונג דער־
פיהלט, אַז ער וויל ווענינגסטענס זעהן קאַטיאַ'ן וויפיעל אנא סער־
געיעוונאַ'ן אַליין. פיער שעה זיינען אַוועק אין אומבאַדייטענדע
געשפּרעכען וועגען פאַרשיידענע זאַכען; אַנאַ סערגעיעוונאַ האָט
אי געהערט אי געהערט אָהן אַ שמייכעל. ווען ס'איז אָבער געקומען
צו זעגענען זיך, האָט זיך די פריהערדיגע פריינדשאַפט, ווי עפּעס אַ
ריהר געטאָן אין איהר נשמה.

— איך בין איצט מרה־שחורה'דיג, — האָט זי געזאָגט. —
אָבער שענקט עס קיין אויפמערקזאַמקייט ניט, און קומט ווידער
צופאָהרען אין אַ קורצע צייט אַרום, — איך מיין אייך ביידען.

סיי אַרקאַדי און סיי באַזאַראָוו האָבען איהר געענטפערט מיט
אַ שוויינענדיגען פאַרנייגען זיך. זיי האָבען זיך אַריינגעזעצט אין
עקיפּאַזש, און שוין אין ערגעץ ניט אָפּשטעלענדיג זיך, האָבען זיי
זיך אַוועקגעלאָזען אַהיים, אין מאַרינאָ, וואו זיי זיינען אָנגעקומען

בשלום אויפ'ן צווייטען טאג פארנאכט. פאר דער גאנצער צייט פון זייער פאהרען האט ניט דער און ניט יענער קיין ווארט ניט דער־מאנט וועגען אדינצאוואַ'ן. איבערהויפט באזאראוו· ער האט כמעט זיין מויל ניט אויפגעעפענט. ער האט אלץ געקוקט אן א זייט, ווייט פון וועג, מיט א פארביטערטער אנשטרענגונג.

אין מארינא האבען זיך אלע שטארק דערפרעהט מיט זיי. דאס וואס זיין זוהן האט זיך אזוי פארזאמט, האט אנגעהויבען צו בעאומרוהיגען ניקאלאי פעטראוויטשען, ער האט א געשריי געטאן פאר שמחה, האט א מאד געטאן מיט די פיס, און האט זיך א האצקע געטאן אויפ'ן דיוואן, ווען פעניטשקא איז צו איהם אריינגעלאפען מיט שיינענדיגע אויגען און האט איהם אנגעזאגט, אז די „יונגע הערען" זיינען געקומען. פאוועל פעטראוויטש אליין האט דערפיהלט עפעס אן אנגענעמע אומרוהיגקייט, און האט פריינדליך געשמייכעלט, טרייסלענדיג די הענד פון די צוריקגעקו־מענע וואנדערער. מ'האט זיך צורעדט, ס'האבען זיך אנגעהויבען פראגען, ארקאדי האט גערעדט מעהר פון אלעמען, איבערהויפט ביים עסען, וועלכער האט זיך געצויגען ביז שפעט נאך האלבער נאכט. ניקאלאי פעטראוויטש האט געהייסען דערלאנגען עטליכע פלעשלאך פארטער, וואס מ'האט נאר וואס געבראכט צו פיהרען פון מאסקווע, און אליין האט ער זיך אזוי צולעבט, אז זיינע באקען זיינען רויט געווארען, און ער האט ניט אויפגעהערט צו לאכען מיט א קינדערשען נערוועזען געלעכטער. אפילו די דיענער זיינען אנגעשטעקט געווארען מיט דער אלגעמיינער פרייד. דוניאשא איז ווי א שד אומגעלאפען היו און צוריק און האט ניט אויפגע־הערט צו קלאפען מיט די טירען· ווען עס איז שוין געווען דריי אזייגער פארטאג האט פיאטר גענומען שפילען אויף דער גיטארע א וואלץ־קאזאק. די סטרונעס האבען יאמערליך און אנגענעם געקלונגען אין דער אומבאוועגליכער לופט, אבער ביי דעם געביל־דעטען קאמערדינער איז אויסער דאס ביסעל שעהנקייט פון אן אנ־פאנגער מעהר גאר ניט ארויסגעקומען: די נאטור האט איהם ניט געגעבען קיין מוזיקאלישע פעהיגקייטען, אזוי ווי אלע אנדערע.

און דיזרווייל איז דאס לעבען אין מארינא ניט געגאנגען אזוי ווי עס באדארף צו זיין, און דער ארימער ניקאלאי פעטראָוויטש האט געהאט שלעכטע צייטען. דאגות וועגען פארם זיינען געוואקסען מיט יעדען טאג — דאגות צו וועלכע עס האט זיך קיין סוף ניט געזעהן. דאס האבען צו טאן מיט געדונגענע ארבייטער איז געווארען אומערטרעגליך. אייניגע האבען געוואלט אוועקגעהן אדער מעהר געצאהלט, אנדערע זיינען אוועקגעגאנגען, פארנעמענדיג א נאדערוף. די פערד האבען צוגעקריינקט, דער שפאן איז צופאלען געווארען, ווי פון א פייער פארברענט. די ארבייט איז געטאן געווארען נאכלעסיג. די דרעש־מאשין, וואס מ'האט אויסגעשריבען פון מאסקווע, האט ניט געקענט באנוצט ווערען צוליעב איהר שווערקייט, א צווייטע האט מען גלייך פארדארבען. א העלפט פון די בהמות איז פארברענט געווארען, פון דעם וואס א בלינדע אלטע פון די הויפיגע איז אין א ווינטיגען טאג געגאנגען מיט א האלעוועשקע צו בארויכערען איהר בהמה... אמת, לויט ווי די אלטע האט פארזיכערט, האט זיך דער גאנצער אומגליק גענומען דערפון, ווייל דעם פריץ האט זיך פארוואלט איינפיהרען נייע סארטען קעז און מילך־פראדוקטען. דער אויפזעהער האט זיך פלוצלונג פארפוילט און ער האט אפילו אנגעהויבען גראב צו ווערען, ווי עס ווערען גראב אלע רוסען, וועלכע קומען אן אויף קעסט. דערזעהענדיג פון ווייטען ניקאלאי פעטראָוויטש'ן, פלעגט ער, כדי ארויסצווייזען, אז ער טוט עפעס, א ווארף טאן א ריטעל אויף א פארבייליופענדיגען חזיר אדער אנשרייען אויף א האלב־נאקעטען אינגעל, אבער אזוי פלעגט ער כסדר שלאפען. די פויערים, וועלכע מ'האט אוועקגעזעצט אויף צינז, האבען ניט געבראכט די געלט אין צייט, זיי האבען גע'גנב'עט וואלד. כמעט יעדע נאכט האבען היטער געכאפט, און אמאל מיט געוואלד פארנומען, פויערשע פערד אויף די לאנקעס פון'ם „פארם". ניקאלאי פעטראָוויטש האט שוין געהאט באשטימט א געלט־שטראף פאר'ן שאדען, אבער געווענליך האט זיך עס געענדיגט מיט דעם, וואס נאכדעם ווי זיי זיינען אפגעשטאנען עטליכע טעג אויף זיין קארמע, האט מען זיי צוריקגעקערט

צו זייערע איינגענטימער. און אויב דאָס איז ווייניג, האָבען זיך נאָך די פויערים אנגעהויבען ארומצורייסען: ברידער האָבען געפּאָדערט א חלוקה, זייערע ווייבער האָבען זיך ניט געקענט איינלעבען אין איין הויז, מיט אמאָל פלעגט אויסברעכען א געשלעג, און אלע פלעגען זיך מיט אמאָל א הויב טאָן, ווי סאָלדאַטען. אלע פלעגען זיך צונויפלויפען פאַר'ן גאַנעק פון קאַנטאָר, מ'פלעגט זיך שטופען צום פּריץ, שכור'ע, מיט צושלאָגענע פנים'ער, און זיי פלעגען פאָדערן א משפט און א שטראָף. עס פלעגט זיך אויפהויבען א טומעל, א געשריי, ווייבערשע קוויטשעדיגע קולות, צונויפגעמישט מיט זיך־לערייען פון מענער. מ'פלעגט זיך דאַרפען פאַנאַנדערקלייבען אין יעדענס טענות, אליין שרייען ביז הייזעריג ווערען, וויסענדיג פאַר־אויס, אז מ'קען ניט קומען צו קיין ריכטיגען באַשלוס. עס האָבען ניט געסטאַיעט קיין הענט צו שניידען די תבואה אויף די פעלדער: א דערבייאיגער קליינער גוטבאַזיצער, מיט א פרומען פנים, האָט צוגעזאָגט, אז ער וועט צושטעלען שניטער פאַר צוויי רובעל א דע־סאַטין, און ער האָט אנגעפּייפּט אויף זעהר א מיאוס'ן אופן. זיינע פויערטעס האָבען פאַרלאַנגט אומגעהערטע פרייזען, און דער קאָרן האָט זיך דערווייל ארויסגעשאָטען. דעם היי האָט מען ניט גע־שניטען, און דא האָט דער ראַטה פון אַפּעקונעס געסטראַשעט און געפּאָדערט א באַלדיגע פולע איינצאָהלונג פון די פּראָצענטען...

— איך האָב שוין קיין כחות ניט! — האָט ניט איין מאָל ני־קאָלאי פּעטראָוויטש אויסגעשריען מיט פאַרצווייפלונג, — אליין ארומרייסען זיך מיט זיי איז אוממעגליך, שיקען נאָך פּאָליציי — ערלויבען ניט די פּרינציפּען, און אָהן מורא פאַר א שטראָף קען מען מיט זיי גאָר ניט מאַכען!

— Du calme, du calme — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש אויף דעם באַמערקט, און אליין האָט ער געמורמעלט, האָט זיך גע־ברוגז'ט און האָט געצופּט די וואָנצען.

באַזאַראָוו האָט זיך געהאַלטען פון ווייטען פון אָט די אלע זאַכען. און ווי א גאַסט האָט ער זיך טאַקע ניט געדאַרפט מישען אין פרעמדע געשעפטען. גלייך אויף מאָרגען, ווי ער איז געקומען

אין מארינא, האט ער זיך גענומען צו זיינע זשאבעס, צו זיין אינפו־זאריא, צו די עקספערימענטען אין כימיע און ער איז כסדר פארנו־מען געווען מיט דעם. ארקאדי, ווידער, האט געהאלטען פאר זיין פליכט, אויב ניט העלפען דעם טאטען, איז ווענינסטענס מאכען דעם אנשטעל, אז ער איז גרייט איהם צו העלפען. ער האט איהם געדולדיג אויסגעהערט און איין מאל האט ער נעגעבען עפעס אן עצה, ניט כדי מ׳זאל איהם פאלגען, נאר כדי ווייזען, אז ער נעמט אן אנטייל. אגראנאמיע האט ער ניט פיינט געהאט, פארקערט, ער האט מיט פארגעניגען גע׳חלומ׳ט פון אגראנאמישער טעטיגקייט, אבער איצט האבען זיך ביי איהם אנדערע געדאנקען גערדרעהט אין קאפ. ארקאדי האט צו זיין אייגענער פארוואונדערונג ניט אויפ־געהערט צו טראכטען פון ניקאלסקאיע. פריהער וואלט ער נאר מיט די פלייצעס א קוועטש געטאן ווען אימיצער וואלט איהם גע־זאגט, אז ער וועט זיך לאנגווייליגען אונטער איין דאך מיט באזא־ראוו׳ן, און נאך וואו — אין זיין טאטענ׳ס הויז. ס׳איז איהם אבער געווען לאנגווייליג, און עס האט איהם געצויגען פון דארטען. ער פלעגט שפאצירען ביז מיעד ווערען, אבער אויך דאס האט ניט געהאלפען. ריידענדיג איינמאל מיט׳ן טאטען, האט ער זיך דער־וואוסט, אז ביי איהם געפינען זיך עטליכע גאנץ אינטערעסאנטע בריעף, וואס אדינצאווא׳ס מוטער האט אמאל געשריבען צו זיין פארשטארבענער פרוי, און ער האט איהם ניט אפגעלאזען, ביז ער האט איהם געגעבען די בריעף צוליעב וועלכע ער האט גע־דארפט איבערקוקען א צוואנציג פארשיידענע קעסטעלאך און שופלאדען.

ארייכקריגענדיג אט די האלב־פארפוילטע פאפירלאך, האט זיך ארקאדי ווי בארוהיגט, ווי ער וואלט דערזעהן פאר זיך דעם ציעל צו וועלכען ער דארף געהן. „איך מיין עס אייך ביידען", האט ער אהנאויפהערליך געשעפטשעט, — זי האט אליין גענאגט! „איך וועל פאהרען, איך וועל פאהרען, כאפט עס דער טייוועל!" ער האט זיך אבער דערמאנט אן דעם לעצטען באזוך, אן דעם קאלטען אויפ־נעמען, אן דער פריהערדיגער אומאנגענעמליכקייט, און א מורא האט

איהם באהערשט. „אפשר״ די קראפט פון דער יוגענד, דער פאר־
בארגענער געפיהל אויסצופרובירען זיין מזל, אויסצופראוווען זיינע
כחות איינער אליין, אהן דער הילף פון אימיצען אנדערש — האבען
ענדליך בייגעקומען. עס זיינען קיין צעהן טעג ניט אוועק זינט ער
איז געקומען קיין מארינא, און ער האט זיך שוין ווידער אוועקגעלאָ־
זען אין שטאדט מיט דעם תירוץ, אז ער וויל אויסשטודירען די
סיסטעמע פון זונטאג־שולען, און פון דארטען אין ניקאלסקאיע, אונ־
טעריאגענדיג כסדר דעם פוהרמאן, האט ער זיך געטראגען אהין,
ווי א יונגער אפיצער צום שלאכט: ס׳איז איהם אי פרעהליך גע־
ווען, אי ער האט זיך געשראקען, אומגעדולד האט איהם געווארגען.
„די הויפט זאך איז — מ׳דארף ניט קלערען״, האט ער גע׳טענה׳ט
מיט זיך אליין. א פוהרמאן האט ער אנגעטראפען א לעבעדיגען.
ער פלעגט זיך אפשטעלען לעבען יעדען שענקעל, זאגענדיג: מ׳דארף
מאכען א שנעפסעל. אבער דערפאר, אז ער האט שוין געמאכט א
שנעפסעל, האט ער די פערד ניט געזשאלעוועט. ענדליך האט זיך
באוויזען א הויכער דאך פון דער באקאנטער הויז... „וואס טו
איך?״ איז פלוצלונג דורכגעלאפען א געדאנק אין ארקאדי׳ס קאפ.
„איך וועל זיך דאך אבער ניט צוריקקעהרען!״ די פערד זיינען
פריינדליך געלאפען, דער פוהרמאן האט געשריען און געפייפט. אט
האט שוין דער בריקעל א דונער געטאן אונטער די קאפיטעס און
אונטער די רעדער, אט זיינען זיי צוגעקומען צו דער אלעע פון די
אפגעשוירענע יאלקעס... א ראזע פרויען־קלייד האט א גלאנץ געטאן
אין דעם טונקעלען גרין, א יונגער פנים האט ארויסגעקוקט פון אונ־
טער א דינעם ראנד פון א פארישאל... ער האט דערקענט קאטיא׳ן
און זי האט איהם דערקענט. ארקאדי האט געהייסען דעם פוהר־
מאן אפשטעלען די לויפענדע פערד, איז ארויסגעשפרונגען פון עקי־
פאזש און איז צו איהר צוגעגאנגען. „דאס זייט איהר?״ האט זי
ארויסגערעדט, און איז ביסלעכווייז אינגאנצען רויט געווארען:
„לאמיר געהן צו דער שוועסטער, זי איז דא אין גארטען, ס׳וועט
איהר אנגענעם זיין צו זעהן אייך״.

קאטיא האט אוועקגעפיהרט ארקאדי׳ן אין גארטען. זיין בא־

געגעניש מיט איהר האט אויסגעוויזען צו זיין א סימן פון מזל. ער האט זיך דערפרעהט מיט איהר ווי מיט אן אייגענער. אלץ איז געווען ווי געוואונשען; ניט קיין אויפזעהער, ניט קיין מעלדען. דארט וואו די וועגעלע האט זיך פארדרעהט, האט ער דערזעהן אנא סערגעיעווגא'ן. זי איז געשטאנען מיט דער פלייצע צו איהם. דערהערענדיג טריט, האט זי זיך שטיל אומגעדרעהט.

ארקאדי האט זיך ווידער, שיער ניט פארלארען, אבער די ער־שטע ווערטער, וואס זי האט ארויסגערעדט, האבען איהם גלייך בא־רוהיגט. „וואס מאכט איהר, אנטלאפענער?" האט זי געזאגט מיט איהר גלעטענדיגען קול, און זי איז איהם אנטקעגען געגאנגען, שמייכלענדיג, און צונויפציהענדיג די אויגען פון ווינט און פון דער זון: „וואו האסטו איהם געפונען, קאטיא?"

— איך האב אייך געבראכט, אנא סערגעיעווגא, — האט ער אנגעהויבען, — עפעס אזוינס וואס איהר האט פאר קיין פאל ניט ערווארט...

— איהר האט זיך געבראכט, דאס איז בעסער פון אלץ.

23.

באלייטענדיג ארקאדי'ן מיט אן איראנישען געפיהל פון מיט־לייד, און געבענדיג איהם צו פארשטעהן, אז ער נארט זיך ניט אפ אויף א האהר וועגען דעם צוועק פון זיין פאהרען, האט זיך בא־זאראוו איינגאנצען אפגעזונדערט: איהם איז באפאלען א פיבער־האפטער חשק צו ארבייטען. מיט פאוועל פעטראוויטש'ן האט ער זיך שוין מעהר ניט געאמפערט, בפרט נאך, אז יענער פלעגט אין זיין אנוועזענהייט אנשטעלען אן אריסטאקראטישען פנים און זיינע מיינונגען פלעגט ער אויסדריקען מעהר אין אומקלארע קלאנגען, ווי אין ווערטער. איינמאל נאר האט ער זיך שיער ניט ארייננגעלאזען אין א ויכוח מיט דעם „ניהיליסט" איבער א מאדערנער פראגע אין יענער צייט: וועגען די רעכטע פון די אדעליגע אין די באלטישע

פּראָווינצען. ער האָט, זיך אָבער פּלוצלונג אַליין אָפּגעשטעלט, אַרויסזאָגענדיג מיט אַ קאַלטער העפליכקייט:

— סיי ווי, מיר קענען איינער דעם צווייטען ניט פֿאַרשטעהן, איך, ווענינגסטענס, האָב ניט די עהרע אייך צו פֿאַרשטעהן.

— אודאי ניט! — האָט באַזאַראָוו אויסגערופֿען. — אַ מענש איז אַלץ פֿעהיג צו פֿאַרשטעהן — ווי אַזוי דער עפּיר טרייסעלט זיך און וואָס עס קומט פֿאָר אויף דער זון, אָבער ווי אַזוי איין מענש קען אויסשנייצען דעם נאָז אַזוי, און דער צווייטער אַנדערש, אָט דאָס קען ער ניט פֿאַרשטעהן.

— וואָס, אָט דאָס איז שאַרפֿזיניג? — האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש אַ זאָג געטאָן מיט אַ פֿראַגע, און ער איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט.

נאָר סיי ווי, אַמאָל פֿלעגט ער בעטען ערלויבניש בייצואוואוינען באַזאַראָוו'ס עקספּערימענטען, און איינמאָל האָט ער אפילו צוגערוקט זיין אנגעפּאַרפֿיומירטען, גוט אויסגעוואַשענעם פּנים צום מיקראָסקאָפּ, כּדי אַ קוק צו טאָן, ווי אַ דורכזיכטיגע אינפֿוזאָריע האָט געשלונגען אַ גרינינקען שטויבעלע און האָט עס פֿלייסיג איבערגעקייט מיט איהרע קלייניקע קלאָפּערלאַך, וועלכע האָבען זיך געפֿונען אין איהר מויל. אַ סך אָפטער ווי זיין ברודער האָט באַזאַראָוו'ן באַזוכט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש. ער וואָלט יעדען טאָג נעקומען זיך „לערנען", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, ווען ניט די זאָרגען וועגען פֿאַרם, וועלכע האָבען איהם ניט אָפּגעלאָזען; ער פֿלעגט ניט שטערען דעם יונגען נאַטור-פֿאָרשער; ער פֿלעגט זיך זעצען ערגעץ אין אַ ווינקעל פֿון צימער און פֿלעגט אויפֿמערקזאַם קוקען, ערלויבענדיג זיך ווען ניט ווען אַ פֿאָרזיכטיגע פֿראַגע. ביים עסען פֿלעגט ער זעהן פֿאַרפֿיהרען אַ רייד וועגען פֿיזיק, געאָלאָגיע אָדער כימיע, דערפֿאַר ווייל אַלע אַנדערע טעמעס, אפילו ווירטשאַפֿטליכע, שוין ניט ריידענדיג וועגען פּאָליטישע, האָבען געקענט פֿיהרען אויב ניט צו קיין צוזאַמענשטויס, איז צו אַ געגענזייטיגע אומצופֿרידענהייט. ניקאָליי פּעטראָוויטש האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז זיין ברודערס שנאה צו באַזאַראָוו'ן איז אויף

האהר ניט קלענער געווארען. אז אומוויכטיגע פאסירונג, צווישען פיעלע אנדערע, האט באשטעטיגט אויף דעם. די כאליערע האט זיך אנגעהויבען צו באווייזען ערגעץ ניט ווייט און האט אפילו „אויסגעריסען" צוויי מענשען פון מארינא גופא. ביינאכט האט פאוועל פעטראוויטש נעקראגען א שטארקען אנפאל. ער האט זיך אפגעמאטערט ביז אין דער פריה, אבער ער איז ניט אנגעקומען צו באזאראוו'ס קונסט — און, טרעפענדיג זיך מיט איהם אויפ'ן צווייטען טאג, האט ער אויף זיין פראגע: „פארוואס ער האט ניט געשיקט נאך איהם?" געענטפערט, נאך אינגאנצען א בלייכער, אבער שוין א פינקטליך פארקאמטער און אן אפגע־גאלטער: „ווי ווייט איך געדענק, האט איהר דאך אליין גע־זאגט, אז איהר גלויבט ניט אין מעדיצין". אזוי זיינען פארביי־געגאנגען טעג. באזאראוו האט געארבייט עקשנות'דיג און בייז... דערווייל איז אין ניקאלאי פעטראוויטשעס הויז געווען א וועזען, פאר וועלכען ער פלעגט טאקע זיין הארץ ניט אויסגיסען, אבער מיט וועלכען ער האט מיט פארגעניגען פארבראכט... דער דאזיגער וועזען איז געווען פעניטשקא.

ער פלעגט זיך מיט איהר מיינסטענס באגעגענען אין דער פריה אין גארטען אדער אין הויף. צו איהר אין צימער פלעגט ער ניט אריינגעהן, און זי איז אינגאנצען איין מאהל צוגעגאנגען צו זיין טיר, צו פרעגען איהם, אויב זי זאל באדען מיטיא'ן אדער ניט? ניט נאר האט זי געהאט צו איהם צוטרויען, ניט נאר האט זי פאר איהם ניט מורא געהאט, זי האט זיך פאר איהם געהאלטען פרייער ווי פאר ניקאלאי פעטראוויטשען אליין. ס'איז שווער צו ערקלעהרען פאר וואס עס איז אזוי געווען. ס'קען זיין, אז דערפאר ווייל זי האט אומבאוואוסט געפיהלט, אז באזאראוו האט ניט יענע אדעליגקייט, יענע אנגעצויגענקייט, וועלכע אי עס ציהט צו אי עס שרעקט. אין איהרע אויגען איז ער געווען אי א זעהר גוטער דאקטאר, אי א פשוט'ער מענש. זי האט זיך ניט געשעמט אין זיין אנוועזענהייט און האט געטאן פאר'ן קינד אלץ וואס מ'דארף. און איינמאהל, ווען איהר האט זיך פלוצלינג

דער קאפ פארדרעהט — האט זי פון זיינע הענד גענומען א לעפעלע
רפואות. אין ניקאלאי פעטראוויטשעס אנוועזענהייט האט זי זיך
ווי פרעמדער געהאלטען צו באזאראוו'ן: זי האט דאס ניט גע־
טאן מחמת זי האט עפעס געוואלט פארדעקען, זי האט עס געטאן
ווייל זי האט געפיהלט, אז דאס פאסט ניט. פאר פאוועל פעטרא־
וויטשען האט זי מעהר מורא געהאט ווי ווען ניט איז פריהער.
פון א קורצער צייט אן אז ער האט איהר אנגעהויבען נאכצוקוקען,
ער פלעגט זיך פלוצלונג באווייזען, ווי ער וואלט פון דר'ערד
אויסגעוואקסען הינטער איהר פלייצע אין זיין ענגלישען אנצוג,
מיט אן אומבאוועגליכען שארפען קוק און מיט די הענד אין די
קעשענעס. — „ווי מ'וואלט דיך מיט קאלטען וואסער אפגעגאסען“,
האט זיך פעניטשקע באקלאגט פאר דוניאשא'ן; און יענע האט
איהר געענטפערט מיט א זיפץ און געטראכט האט זי וועגען א
צווייטען „געפיהללאזען“ מענשען. אליין ניט פארדעכטיגענדיג דאס,
איז באזאראוו געווארען א „גרויזאמער טיראן“ פון איהר נשמה.
פעניטשקען איז באזאראוו געפעלען געווען, און זי איז אויך איהם
געפעלען געווען. זיין פנים פלעגט גאר אנדערש ווערען, ווען ער
פלעגט מיט איהרריידען: דער אויסדרוק פון זיין פנים פלעגט
ווערען א ליכטיגער, כמעט א גוטער, און צו זיין געוועהנליכער
נאכלעסינקייט האט זיך צוגעמישט עפעס אזא שפאסיגע אויפ־
מערקזאמקייט. פעניטשקא איז שעהנער געווארען פון טאג צו
טאג. ס'איז פאראן א צייט אין דעם לעבען פון יונגע פרויען,
ווען מיט אמאל הויבען זיי אן צו בליהען און פאנאדערצולאזען
זיך ווי זומערדיגע רויזען, אזא צייט איז איצט געווען ביי פע־
ניטשקען. אלץ האט אין דעם געהאלפען, אפילו די היצען פון יולי,
וועלכע זיינען דעמאלט געווען. אנגעטאן אין א ווייסער גרינגער
קלייד, האט זי אליין אויסגעזעהן ווייסער און גרינגער: פון דער
זון איז זי ניט אפגעברענט געווארען און די היץ, פון וועלכער זי
האט זיך ניט געקענט איינהיטען, האט עטוואס גערויטעלט איהרע
באקען און אויערען, און, ארייננגיסענדיג א שטילע פוילקייט אין
איהר גאנצען קערפער, האט זי זיך אפגעשפינעלט מיט א דרעמלענ־

דיגער מאטקייט אין איהרע שעהנינקע אויגעלאך. זי האט כמעט ניט געקענט ארבייטען, איהרע הענד זיינען געפאלען צו איהרע קני. זי איז קוים ארומגעגאנגען, און האט ניט אויפגעהערט צו זיפצען און צו באקלאגען זיך מיט א קאמישער הילפלאזיגקייט.

— דו האסט זיך געדארפט אפטער באדען, האט איהר ניקאלאי פעטראוויטש געזאגט. ער האט איינגעארדענט א גרויסען פלאץ צו באדען זיך אין איינער פון זיינע טייכלאך, וועלכע איז נאך ניט אינגאנצען פארשוואונדען, און האט עס איבערגעדעקט מיט א לייווענט.

— אך, ניקאלאי פעטראוויטש! ביז מ'דערגעהט צום טייכעל קען מען אוועקפאלען, און ביז מ'קומט צוריק קען מען אוועקפאלען: אין גארטען איז דאך קיין שאטען ניטא.

— דאס איז אמת, קיין שאטען איז ניטא, האט ניקאלאי פעטראוויטש געענטפערט, און האט געריבען זיינע ברעמען.

איינמאהל א זייגער זיבען אין דער פריה, ווען באזאראוו האט זיך צוריקגעקעהרט פון א שפאציר, האט ער געטראפען פעניטשקען אין דעם שוין לאנג פארבליהטען זומער גערטעל, וועלכער איז נאך אבער געדיכט און גרין געווען. זי איז געזעסען אויף א בענקעל, ווי אלע מאהל מיט א ווייסער טיכעל אויף איהר קאפ. לעבען איהר איז געלעגען א גאנצער בינטעל פון רויטע און ווייסע רויזען, נאך פייכטע פון טוי, זיי האבען זיך באגריסט.

— א! יעווגעני וואסיליטש! האט זי געזאגט, און זי האט עטוואס אויפגעהויבען דעם ברעג פון טיכעל, כדי א קוק צו טאן אויף איהם. איהר האנד האט זיך בעת מעשה אפגעדעקט ביז'ן איילענבויגען.

— וואס טוט איהר עס דא? האט באזאראוו געפרעגט, זעצענדיג זיך לעבען איהר, — איהר פלעכט א בוקעט?

—יע, אויפ'ן טיש אוועקצושטעלען צום אנבייסען. ניקאלאי פעטראוויטש ליעבט עס.

— צום אנבייסען איז דאך נאך אבער ווייט. אך, וויפיעל בלומען!

— איך האָב זיי איצט אַנגעריסען, שפּעטער וועט היים ווע־רען, און ס׳וועט אוממעגליך זיין ארויסצוגעהן. קוים וואָס מ׳קען איצט דעם אָטעם כאַפּען. איך בין זעהר שלאָף געוואָרען פון דער היץ, איך האָב מורא, איך זאָל ניט קראַנק ווערען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ איינפאַל? לאָזט מיר אָנטאַפּען אייער פּולס. באַזאַראָוו האָט איהר האַנד אַנגענומען, האָט אַנגע־טאַפּט דעם פּינקטליך שלאָגענדיגען אָדערעל, און ניט צעהלענדיג אַפילו, האָט ער איהר האַנד ארויסגעלאָזען זאָגענדיג: — הונדערט יאָהר וועט איהר לעבען.

— אַך, זאָל גאָט אָפּהיטען! האָט זי אויסגערופען.

— פאַרוואָס? אייך ווילט זיך דען ניט לעבען לאַנג?

— אָבער הונדערט יאָהר! איך האָב געהאַט אַ באָבע פון פינף־און־אַכציג יאָהר — אַך ווי זי האָט זיך געמאַטערט! אַ שווארצע, אַ טויבע, אַן איינגעהויקערטע, האָט כסדר געהוסט, זי איז זיך אַליין צו לאַסט געפאַלען, וואָס פאַר אַ לעבען איז דאָס?

— איז בעסער צו זיין אַ יונגע?

— וואָס הייסט, ווי דען?

— מיט וואָס איז עס בעסער? זאָגט מיר!

— וואָס הייסט מיט וואָס? אָט איצט בין איך אַ יונגע, איך קען אַלץ טאָן, — איך וועל אי געהן, אי קומען, אי ברייננגען, און איך דאַרף קיינעם ניט בעטען... וואָס דאַרף מען בעסער?

— אָט מיר איז אַלץ איינס: אויב איך בין יונג אָדער אַלט.

— ווי אַזוי קענט איהר עס זאָגען, אַז עס איז אַלץ איינס? ס׳איז אוממעגליך, דאָס וואָס איהר זאָגט.

— זאָגט איהר אַליין, פעדאָסיאַ ניקאָלאַיעווּנע, צו וואָס דאַרף איך מיין יוגענד? איך לעב איינזאַם...

— דאָס ווענדט זיך אַלע מאָהל אַן אייך.

— אָט דאָס איז די מעשה וואָס עס ווענדט זיך ניט אַן מיר! וואָלט כאָטש ווער אויף מיר רחמנות געהאַט.

פעניטשקאַ האָט פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף באַזאַראָוו׳ן,

זי האָט אָבער גאָרניט געזאָגט. — וואָס פאַר אַ בוך האַלט איהר עס? — האָט זי געפרעגט אין אַ ווײַלע אַרום.

— אָט דער אַ? דאָס איז אַ וויסענשאַפטליכער בוך, דאָ איז פאַראַן חכמה.

— און איהר לערענט זיך נאָך אַלץ? און ס׳איז אײַך ניט לאַנגווײַליג? איך גלויב, אַז איהר קענט שוין אַלץ.

— קענטיג, אַז נאָך ניט אַלץ. לאָמיר זעהן ווי איהר לייענט אַביסעל.

— איך וועל אָבער גאָרניט פאַרשטעהן. ס׳איז אַ רוסישער? האָט פעניטשקאַ געפרעגט, נעמענדיג אין ביידע הענד אַ שווער אײַנגעבונדענעם באַנד — ס׳אַ גראָבער!

— אַ רוסישער.

— איך וועל סיי ווי גאָר ניט פאַרשטעהן.

— איך בעט אײַך ניט לייענען, כדי איהר זאָלט פאַרשטעהן. איך וויל קוקען אויף אײַך ווען איהר וועט לייענען. ווען איהר לייענט באַוועגט זיך אײַער שפּיץ נאָז זעהר חנ׳עוודיג.

נאָכדעם ווי פעניטשקאַ האָט שוין געהאַט אָנגעהויבען צו לייענען אין דער שטיל אַז אַפּהאַנדלונג, וואָס עס האָט זיך אויפ־געמישט, וועגען „קרעאָזאָט" האָט זי זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס בוך... עס האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון בענקעל אויף דער ערד.

— איך ליעב אויך צו זעהן ווי איהר לאַכט, האָט באַזאַראָוו געזאָגט.

— הערט אויף!

— איך ליעב צו הערען ווען איהר רעדט. ס׳קלינגט ווי אַ מורמלען פון אַ טײַכעל.

פעניטשקאַ האָט אַפּגעקעהרט איהר קאָפּ. — ס׳אַ מאָדנער איהר זייט! האָט זי געזאָגט, פיהרענדיג איהרע פינגער איבער די בלומען. — וואָס קענט איהר פון מיר הערען? איהר האָט געפיהרט געשפּרעכען מיט אַזעלכע קלוגע דאַמען.

— עך, פעדאסיא ניקאלאיעווגא! גלויבט מיר: אלע קלוגע דאמען אויף דער וועלט זיינען ניט ווערט אייער איילענבויגען.

— נו, וואס נאך וועט איהר אויסטראכטען! האט פע־ניטשקא א שעפטשע געטאן און האט צונויפגעדריקט די הענד.

באזאראוו האט אויפגעהויבען דאס בוך פון דער ערד. — דאס איז א מעדיצינישער בוך, פארוואס ווארפט איהר עס?

— א מעדיצינישער? — האט פעניטשקא איבערגע׳חזר׳ט, און האט זיך אומגעדרעהט צו איהם. — איהר ווייסט וואס? פון יע־נער צייט אן, וואס איהר האט מיר יענע טראפענס געגעבען, איהר געדענקט? שלאפט מיטיא זעהר גוט! איך וויים גאר ניט ווי אזוי אייך אפצודאנקען, איהר זיינט אזא גוטער, כ׳לעבען.

— געוועהנליך דארף מען דאקטוירים באצאהלען, האט באַ־זאראוו באמערקט אויף קאטאוועס. — דאקטוירים, ווי איהר ווייסט אליין, זיינען אייגעננוציגע מענשען.

פעניטשקא האט איהרע אויגען אויפגעהויבען אויף באזא־ראוו׳ן, זיי האבען נאך טונקעלער אויסגעזעהן פון דעם ווייסען אפשיין, וועלכער איז געפאלען אויף דעם אויבערשטען טייל פון איהר פנים. זי האט ניט געוואוסט, צו שפאסט ער, אדער ניין.

— אויב איהר ווילט וועלען מיר מיט פארגעניגען... מ׳דארף פרעגען ביי ניקאלאי פעטראוויטשען....

— איהר מיינט דען, אז איך וויל געלט? האט איהר באזא־ראוו איבערגעשלאגען. — ניין איך פארלאנג פון אייך קיין געלט ניט.

— וואס דען? האט פעניטשקא געפרעגט.

— וואס? — האט באזאראוו איבערגע׳חזר׳ט, — טרעפט.

— וואס בין איך פאר א טרעפעריז!

— וועל איך אייך זאגען, איך וויל... איינע פון די רויזען.

פעניטשקא האט זיך ווידער צולאכט און האט אפילו מיט די הענד א פאטש געטאן, אזוי קאמיש האט איהר אויסגעוויזען באַ־זאראווס פארלאנג. זי האט געלאכט, און אין דערזעלבער צייט האט זי זיך געפיהלט געשמייכעלט.

באזאראוו האט אויף איהר אויפמערקזאם א קוק געטאן.

— מיט'ן גרעסטען פארגעניגען, האט זי ענדליך ארויסגע־זאגט, און, צובויגענדיג זיך צום בענקעל, האט זי גענומען איבער־קלייבען די רויזען. — וועלכע ווילט איהר, א רויטע אדער א ווייסע?

— א רויטע, און ניט זעהר קיין גרויסע.

זי האט זיך אויסגעגלייכט. — אט האט איהר, האט זי גע־זאגט, און זי האט גלייך צוריקגעכאפט איהר אויסגעשטרעקטע האנד און פארבייסענדיג די ליפען, האט זי געקוקט אויף דעם אריינגאנג פון גערטעל דערנאך האט זי זיך צוגעהערט.

— וואס איז? — האט באזאראוו געפרעגט, — ניקאלאי פעטראוויטש?

— ניין... ער איז אין פעלד אוועקגעפאהרען... און פאר איהם האב איך קיין מורא ניט.. אבער פאוועל פעטראוויטש... מיר האט זיך אויסגעוויזען...

— וואס?

— מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז ער געהט אהער. ניין... קיינער געהט ניט. נעמט. — פעניטשקא האט באזאראוו'ן אפ־געגעבען די רויז.

— וואס פאר אן אורזאכע האט איהר מורא צו האבען פאר פאוועל פעטראוויטשען?

— ער שרעקט מיך אלץ. ריידען — רעדט ער ניט, ער קוקט אבער אזוי מאדנע. איהר האט דאך איהם אויך ניט ליעב. איהר געדענקט, פריהער פלעגט איהר זיך מיט איהם אלץ קריגען. איך ווייס אייגענטליך ניט וועגען וואס איהר קריגט זיך, איך זעה אבער, אז איהר דרעהט איהם אזוי, און אזוי...

פעניטשקא האט מיט די הענד באוויזען ווי אזוי, נאך איהר מיינונג נאך, באזאראוו האט געדרעהט פאוועל פעטראוויטשען.

באזאראוו האט א שמייכעל געטאן. — און ווען ער וואלט מיך אנגעהויבען צו באזיגען, — האט ער געפרעגט, — וואלט איהר זיך פאר מיר אנגעהמען?

— ווי קום איך זיך פאר אייך אנצונעהמען? ניין, אייך קען מען ניט בייקומען.

— דענקט איהר אזוי? און איך וויים פון א האנד, וועלכע קען מיך מיט איין פינגער בייקומען, ווען זי זאל נאר וועלען.

— וואס איז דאס פאר א האנד?

— איהר ווייסט טאקע ניט? זעהט ווי פיין עס שמעקט די רויז, וואס איהר האט מיר געגעבען.

פעניטשקא האט אויסגעצויגען איהר העלזעל און האט צוגע־רוקט איהר פנים צום בלימעל... די טיכעל פון איהר קאפ האט זיך אראפגערוקט אויף איהרע פלייצעס. און ס'האט זיך באוויזען א ווייכע שווארצע מאסע, פון גלאנציגע, עטוואס צואווארפענע האהר.

—ווארט, איך וויל א שמעק טאן מיט אייך אינאיינעם, האט באזאראוו געזאגט, ער האט זיך אנגעבויגען, און ער האט איהר א שטארקען קוש געגעבען אין איהרע אויפגעעפענטע ליפען.

זי האט א ציטער געטאן, און האט זיך מיט ביידע הענט אנ־געשפארט אויף זיין ברוסט, אבער אנגעשפארט האט זי זיך גרינג, אזוי, אז ער האט ווידער געקענט באנייען און פארלענגערען זיין קוש.

א טרוקענער הוסט האט זיך דערהערט פון הינטער דעם בעז. פעניטשקא האט זיך גלייך אוועקגערוקט צום צווייטען עק פון בנעקעל. פאוועל פעטראוויטש האט זיך באוויזען, האט זיך עט־וואס א נייג געטאן און א זאג געבענדיג מיט א בייזער טרויעריג־קייט: „איהר זייט דא", — איז ער אוועק. פעניטשקא האט גלייך צונויפגעקליבען אלע רויזען און איז ארויס פון גערטעל. „איהר האט באגאנגען א זינד, יעווגעני וואסיליעוויטש", האט זי א שעפ־טשע געטאן, אוועקגעהענדיג. א ניט קיין געמאכטער פארוואורף האט זיך געהערט אין איהר טאן.

באזאראוו האט זיך דערמאנט אן א צווייטער סצענע, וואס האט פאסירט ניט לאנג צוריק. ס'האט איהם באנג געטאן, און ס'האט איהם פארדראסען אויף זיך אליין. ער האט אבער גלייך א טרייס־

סעל געטאַן מיט'ן קאָפּ, האָט זיך אַליין באַגריסט „מיט דעם וואָס ער איז געוואָרען אַן אמת'ער סעלאַדאָן", און איז אַוועק צו זיך אין צימער.

פּאַוועל פּעטראָוויטש איז אַרויס פון גאָרטען און איז מיט לאַנגזאַמע טריט דערגאַנגען ביז'ן וואַלד. ער איז דאָרט פאַרבלי־בען אַ היבשע צייט, און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט צום אָנ־בייסען, האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש איהם זאָרגפעלטיג געפרעגט, אויב ער פיהלט זיך געזונד אויף אַזוי פיעל האָט זיך זיין פּנים פאַרענדערט.

— דו ווייסט, אַמאָל לייד איך פון דעם, וואָס די גאַל געהט מיר אַריבער, — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש רוהיג געענטפערט.

.24

אין צוויי שעה אַרום האָט ער אָנגעקלאַפּט אין באַזאַראָוו'ס טיר.

— איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, וואָס איך שטער אייך אין אייערע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען, — האָט ער אָנגעהויבען, איינ־זעצענדיג זיך אויף אַ שטוהל לעבען פענסטער און אָנשפּאַרענדיג זיך אויף אַ שעהנעם שטעקען מיט אַ הענטעל פון העלפאַנט־ביין. (ער פלעגט געוועהנליך געהן אָהן אַ שטעקען), — איך בין אָבער געצוואונגען צו בעטען אייך, אַז איהר זאָלט מיר שענקען פינף מי־נוט צייט... ניט מעהר.

— איך קען אייך געבען אַזוי פיעל צייט, וויפיעל איהר ווילט נאָר אַליין, — האָט באַזאַראָוו געענטפערט. עפּעס איז ביי איהם דורכגעלאָפען איבער'ן פּנים, ווי נאָר פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט אַריבערגעטראָטען דעם שוועל פון זיין טיר.

— איך דאַרף מעהר ניט ווי פינף מינוט. איך בין געקומען פאַרצולעגען אייך עפּעס אַ פראַגע.

— אַ פראַגע? וועגען וואָס איז עס?

— אָט, הערט זיך איין. אין אָנהויב ווען איהר זייט געקומען

אין מיין ברודער'ס הויז, ווען איך האב זיך נאך ניט געהאט אפגע־זאגט פון דעם פארגעניגען צו פארברענגען מיט אייך, איז מיר אויסגעקומען צו הערען אייערע מיינונגען וועגען פארשיידענע זא־כען, אבער, אויף וויפיעל איך געדענק, איז ניט צווישען אונז, און ניט אין מיין אנוועזענהייט ווען ניט איז גערערט געווארען וועגען דועלירען... וועגען דועלען אין אלגעמיין. ערלויבט מיר צו הערען אייער מיינונג וועגען דער זאך.

באזאראוו, וועלכער האט זיך שוין געהאט אויפגעהויבען צו פאוועל פעטראוויטש'ן, האט זיך צוגעזעצט אויפ'ן ברעג טיש מיט צונויפגעלייגטע הענט.

— אט איז מיין מיינונג, — האט ער געזאגט: — פון א טעא־רעטישען שטאנדפונקט איז דועלירען — אן אומזין. נו, און פון א פראקטישען שטאנדפונקט — איז שוין עפעס אנדערש.

— ס'הייסט, איהר ווילט זאגען, אויב איך האב אייך נאר פארשטאנען, אז וואס פאר א טעארעטישע אנשויאונג איהר זאלט ניט האבען וועגען דועלירען, וואלט איהר אין דער ווירקליכקייט ניט ערלויבט צו באליידיגען אייך, ניט פאדערענדיג א באפריי־דיגונג.

— איהר האט מיך זעהר גוט פארשטאנען.

— זעהר גוט. ס'איז מיר זעהר אנגענעם צו הערען עס פון אייך. אייערע ווערטער פיהרען מיך ארויס פון ספק...

— פון אומענטשלאסענהייט, ווילט איהר זאגען.

— ס'איז אלץ איינס, איך דריק זיך אויס אזוי, אז מ'זאל מיך קענען פארשטעהן, איך בין... ניט קיין סעמינארישער ראץ. אייערע ווערטער באפרייען מיך פון א געוויסער טרויעריגער נויטווענדיג־קייט. איך האב באשלאסען צו שלאגען זיך מיט אייך.

באזאראוו האט אויסגעגלאצט זיינע אויגען:

— מיט מיר?

— נאר מיט אייך.

— אבער פאר וואס? זאגט מיר.

— איך וואלט אייך געקענט ערקלערען די אורזאכע, — האט

פּאוועל פּעטראָוויטש אָנגעהויבען. — אָבער איך גלויב, אַז עס איז גלייכער, ווען איך זאָל עס ניט טאָן. נאָך מיין מיינונג זייט איהר דאָ אַן איבעריגער, איך קען אייך ניט פאַרטראָגען, איך פאַראַכט אייך, און אויב דאָס איז פאַר אייך ניט גענוג...

פּאוועל פּעטראָוויטש'עס אויגען האָבען אויפגעבליצט... זיי האָבען זיך אויך אָנגעצונדען ביי באַזאַראָוו'ן.

— זעהר גוט, — האָט ער געזאָגט, — ווייטערדיגע ערקלערונ־גען זיינען ניט נויטיג. אייך איז איינגעפאַלען אויסצופּרובירען אויף מיר אייער ריטערישען גייסט. איך וואָלט אייך געקענט אָפּ־זאָגען אין אַט דעם פאַרגעניגען, עס וואָלט אָבער ניט געטויגט.

— איך דאַנק אייך פון טיעפסטען הארצען, — האָט פּאוועל פּעטראָוויטש געענטפערט, — און איצט קען איך האָפען, אַז איהר וועט אָננעמען מיין אַרויסרוף, ניט צווינגענדיג מיר אָנצונעמען גוואַלד־מיטלען.

— ס'הייסט, ריידענדיג אָהן אַלעגאָריען, צו אַט דעם שטעקען?

— האָט באַזאַראָוו קאַלטבלוטיג באַמערקט. — ס'איז אַבסאָלוט יושר'דיג. איהר דאַרפט מיך ניט באַליידיגען. דאָס איז דאָך אויך ניט אין גאַנצען אָהן געפאַהר. איהר קענט בלייבען אַ „דזשענ־טעלמאַן"... אייער אַרויסרוף נעם איך דאָך אויך אַן ווי אַ „דזשענ־טעלמאַן".

— זעהר שעהן, — האָט פּאוועל פּעטראָוויטש באַמערקט, און האָט דעם שטעקען אַוועקגעשטעלט אין ווינקעל. — מיר וועלען באַלד זאָגען עטליכע ווערטער וועגען די באַדינגונגען פון אונזער דועל, אָבער פריהער וויל איך וויסען, אויב איהר האַלט פאַר נויט־װענדיג אָנצוקומען צו דער פאָרמאַליטעט פון אַ קליינעם קריעג, וועלכער וואָלט געקענט דיענען פאַר אַן אורזאַכע פאַר מיין אַרויסרוף.

— ניין, בעסער אָהן פאָרמאַליטעטען.

— איך מיין אויך אַזוי. איך דענק אויך, אַז עס איז ניט אַם פּלאַץ אַריינצודרינגען אין די אמת'ע אורזאַכען פון אונזער צו־זאַמענשטויס. מיר קענען איינער דעם אַנדערען ניט פאַרטראָגען. איז דאָס ניט גענוג?

— איז דאס ניט געגוג? — האט באזאראוו איראניש אי־בערגע'חזר'ט.

— און וואס עס איז שייך צו די באדינגונגען פון דעם דועל, איז אזוי ווי מיר וועלען קיין סעקונדאנטען ניט האבען, — ווארים, וואו וועלען מיר זיי נעמען?

— טאקע, וואו וועלען מיר זיי נעמען?

— דעריבער האב איך די עהרע אייך פארצולייגען דאס פאל־גענדע: מיר זאלען דועלירען מארגען אין דער פריה, לאמיר זאגען א זייגער זעקס, הינטער'ן וואלד, מיט פיסטאלעטען, אויף דער ווייטקייט פון צעהן טריט...

— אויף צעהן טריט? זאל זיין אזוי, אויף אזוי ווייט קענען מיר איינער דעם אנדערען ניט אנקוקען.

— מיר קענען עס אויך מאכען אכט, — האט פאוועל פעטראַ־וויטש באמערקט.

— מ'קען, פאר וואס ניט.

— שיסען זאל יעדער צוויי מאל, ס'איז אויך ראטזאם, אז יעדער זאל אריינלייגען א בריעף אין זיין קעשענע, אין וועלכען ער באשולדיגט זיך אליין אין זיין טויט.

— אט מיט דעם בין איך ניט אין גאנצען איינפארשטאנען,— האט באזאראוו געזאגט, — דאס שמעקט אביסעל מיט א פראנצויזישען ראמאן, ס'איז עפעס ניט גלאט.

— ס'קען זיין. איהר וועט דאך אבער צוגעבען, אז עס איז ניט אנגענעם אונטערווארפען צו ווערען אונטער א מארד־פאר־דאכט.

— איך גיב צו. ס'איז אבער פאראן א וועג ווי אזוי אויס־צומיידען אט דעם פיינליכען פארדאכט. סעקונדאנטען האבען מיר ניט, עס קען דאך אבער זיין אן עדות.

— ווער אייגענטליך, וואלט איך וועלען וויסען?

— פיאטר.

— וועלכער פיאטר?

— אייער ברודער'ס קאמערדינער. א מענש, וועלכער שטעהט

אויף דער העכסטער שטופע פון דער היינטיגער קולטור, און ער וועט עס ערפילען מיט דעם גאנצען „קאמילפא", וואס עס איז נויטיג אין אזעלכע פעלע.

— מיר דוכט, איהר שפאסט, מיין הער.

— א האהר נים. ווען איהר וועט באקלערען מיין פארשלאג, וועט איהר זיך איבערצייגען, אז עס איז לאגיש און פשוט. א נאדעל אין א זאק קען מען ניט באהאלטען, און איך נעם זיך אונטער צוצוגרייטען פיאטר'ן אין אלץ וואס עס איז נויטיג, און איך וועל איהם ברייננגען אויף דעם פלאץ, וואו מיר וועלען דועלירען.

— איהר שפאסט נאך אלץ, — האט פאוועל פעטראוויטש געזאגט, אויפהויבענדיג זיך פון שטוהל, — אבער נאך דעם, ווי איהר זיים געווען פיין גענוג אנצונעמען מיין ארויסרוף, האב איך קיין רעכט ניט צו פאדערען פון אייך... הייסט עס, אז אלץ איז פארטיג... אגב, איהר האט ניט קיין פיסטאלעטען?

— פון וואנען זאל איך האבען פיסטאלעטען, פאוועל פעטראוויטש? איך בין ניט קיין קריעגער.

— אויב אזוי, באט איך אייך אן מיינע. איהר מעגט זיכער זיין, אז עס איז שוין באלד פינף יאהר, ווי איך האב פון זיי ניט געשאסען.

— ס'איז א זעהר פרעהליכע בשורה.

פאוועל פעטראוויטש האט גענומען זיין שטעקען...

— און איצט, מיין הער, בלייבט מיר נאר איבער צו באדאנקען אייך, און לאזען אייך אנגעהן מיט אייער באשעפטיגונג. איך האב די עהרע צו פארלאזען אייך.

— אויף ס'ווידער זעהן, מיין ליעבער הער, — האט באזאראוו געענטפערט, באלייטענדיג דעם גאסט.

פאוועל פעטראוויטש איז ארויסגעגאנגען, און באזאראוו איז א ווייל שטעהן געבליבען פאר'ן טיר און האט פלוצלונג אויסגערופען: „פע, צום טייוועל! ווי שעהן און ווי נאריש! ס'ארא קאמעדיע מיר האבען אויפגעשפילט! געלערנטע הינט טאנצען אזוי אויף די הינטערשטע פיסלאך. און אפזאגען איז געווען אומ־

מענליך. ער וואלט מיד נאך א זעץ געטאן, און דעמאלט... (באַ־זאראוו איז בלייך געווארען ביי דעם געדאנק אליין, זיין גאנצער שטאלץ האט זיך אין איהם ערוועקט). דעמאלט וואלט ער איהם אפשר דערשטיקט ווי א קעצעל". ער האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין מיקראסקאפ, זיין הארץ האט אבער געקלאפט, און די רוהיגקייט וואס איז נויטיג פאר בעאבאכטונגען, איז פארשוואונדען. „ער האט אונז היינט דערזעהן", האט ער געטראכט, „אבער ניט שוין זשע נעמט ער זיך עס אן פאר'ן ברודער? און וואס איז אזוינס— א קוש? דא מוז עפעס אנדערש זיין. באה! צי איז ער אליין ניט פארליעבט? פארשטעהט זיך, אז ער איז פארליעבט, ס'איז קלאר ווי דער טאג... ס'ארא קאשע ס'איז פארקאכט געווארען!... ניט גוט!" האט ער ענדליך באשלאסען. — „ניט גוט, פון וועלכען זייט מ'זאל ניט קוקען. ערשטענס, וועט מען דארפען אונטערשטעל־לען דעם שטערען, און סיי ווי, וועל איך דארפען אוועקפאהרען, און דא איז ארקאדי... און די דאזיגע גאט'ס בהמה'לע, ניקאלאי פע־טראוויטש. ניט גוט, ניט גוט."

דער טאג איז פאראיבער אויסערגעוועהנליך שטיל און פויל. פעניטשקא איז גאר אזוי ווי אויף דער וועלט ניט געווען, זי איז געזעסען אין איהר צימער ווי א מויז אין דער נארע. ניקאלאי פע־טראוויטש האט אויסגעזעהן פארזארגט. מ'האט איהם אנגעזאגט אז א פייערבראנד האט זיך באוויזען אין זיין ווייץ, אויף וועלכען ער האט געלייגט פיעל האפנונג. פאוועל פעטראוויטש האט דער־קוטשעט אלעמען מיט זיין אייז־קאלטער העפליכקייט, אפילו פּראָ־קאפיטש'ן. באזאראוו האט שוין געהאט אנגעהויבען א בריעף צום טאטען; ער האט איהם אבער צוריסען און אוועקגעווארפען אונ־טער'ן טיש. „אויב איך וועל שטארבען", האט ער א טראכט גע־טאן, „וועלען זיי זיך דערוויסען: איך וועל אבער ניט שטארבען. ניין, איך וועל זיך נאך לאנג ארומבלאנקען אויף דער וועלט". ער האט פיאטר'ן געהייסען קומען צו איהם אויף מארגען, באלד ווי עס וועט אנהויבען צו טאגען, צוליעב א וויכטיגע זאך. פיאטר האט געדענקט, אז ער וויל איהם מיטנעמען קיין פעטערבורג. באַ־

זאראוו האט זיך שפעט געלייגט, און א גאנצע נאכט האבען איהם געמאטערט פארפלאנטערטע חלומות... אדינצאווא האט זיך פאר איהם באוויזען, זי איז זיין מאמע געווען; נאך איהר איז נאכגע־גאנגען א קעצעלע מיט שווארצע וואנצעלאך, און די דאזיגע קע־צעל איז געווען פעניטשקא; און פאוועל פעטראוויטש האט זיך איהם פארגעשטעלט ווי א גרויסער וואלד, מיט וועלכען ער מוז זיך פונדעסטוועגען שלאגען. פיאטר האט איהם אויפגעוועקט פיער אזייגער. ער האט זיך גלייך אנגעטאן און איז מיט איהם ארויס.

דער פריהמארגען איז געווען א ליעבער, א פרישער. קליי־נינקע געפלעקטע וואלקענדלאך האבען זיך געקרייזעלט אויפ'ן העל־בלויען הימעל. דער טוי איז געלעגען אויף די בלעטער און אויף די גראזען, און האט ווי זילבער געבליסטשעט אויפ'ן שפין־געוועב. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז אויף דער טונקעלער פייכטער ערד זיינען פארבליבען די שפורען פון מארגען־רויטקייט. פון דער הויך האט זיך געהערט דער געזאנג פון די לערכען.

באזאראוו איז דערגאנגען ביזן וואלד, האט זיך אוועקגעזעצט אין שאטען אויפ'ן זוים, און ערשט דעמאלט האט ער פיאטר'ן גע־זאגט, וואס ער פארלאנגט פון איהם. דער געבילדעטער לאקיי האט זיך איבערגעשראקען אויף טויט. באזאראוו האט איהם אבער בארוהיגט מיט דער פארזיכערונג, אז ער דארף קיין אנדער זאך ניט טאן, ווי שטעהן פון וויטען און קוקען, און אז ער איז ניט אונטער־ווארפען אונטער קיינע פאראנטווארטליכקייטען. — „און אין דער־זעלבער צייט", האט ער צוגעגעבען, „גיב נאר א טראכט, וואס פאר א וויכטיגע ראליע דו וועסט שפיעלען!" פיאטר האט א מאך גע־טאן מיט די הענט, האט אראפגעלאזען די קאפ, איז גרין געווארען פאר שרעק, און האט זיך אנגעשפארט אן א בעריאזע.

די וועג פון מארינא האט זיך געדרעהט ארום וועלדעל. דער גרינגער שטויב איז געלעגן אויף איהר, נאך ניט קיין גערירטער פון נעכטען אן, ניט פון רעדער און ניט פון פיס. באזאראוו האט ניט ווילענדיג זיך איינגעקוקט אויף דער וועג, האט געריסען און געביסען גראז, און האט ניט אויפגעהערט איבערצו'חזר'ן צו זיך

אַליין: „ס'אַרא אומזין!“ פון דער מאָרגען־קעלט האָט ער צוויי מאָל אַ ציטער געטאָן... פּיאָטר האָט מוטלאָז אַ קוק געטאָן אויף איהם, אָבער באַזאַראָוו האָט נאָר אַ שמייכעל געטאָן: ער האָט זיך ניט געשראָקען.

עס האָבען זיך דערהערט פערדישע טריט אויפ'ן וועג... אַ פויער האָט זיך באַוויזען פון הינטער די בוימער. ער האָט געטרי־בען צוויי צונויפגעבונדענע פערד, און פאַרבייגעהענדיג באַזאַראָוו'ן, האָט ער אויף איהם עפּעס מאָדנע אַ קוק געטאָן, ניט אַראָפּנעמענדיג די היטעל, וואָס עס האָט, קענטיג, פּיאָטר'ן באַאומרוהיגט, ווי אַ שלעכטער סימן. „אָט דער איז אויך פריה אויפגעשטאַנען“, האָט באַזאַראָוו אַ טראַכט געטאָן, „אָבער ווענינגסטענס האָט ער עפּעס צו טאָן, אָבער מיר?...“

באַזאַראָוו האָט אויפגעהויבען די קאָפּ און ער האָט דערזעהן פּאַוועל פּעטראָוויטש'ן, אָנגעטאָן אין אַ לייכטען געקעסטעלטען רע־קעל און אין הויזען ווייסע ווי שניי. ער איז גיך געגאַנגען אי־בער'ן וועג טראָגענדיג אונטער'ן אָרים אַ קעסטעלע איינגעוויקעלט אין אַ גרינעם געוואַנט.

— ענטשולדיגט, איך האָב זיך, דאַכט זיך, פאַרזאַמט, — האָט ער געזאָגט, גריסענדיג זיך פריהער צו באַזאַראָוו'ן, דערנאָך צו פּיאָטר'ן, וועמען ער האָט אין אָט דעם אויגענבליק רעספּעקטירט ווי עפּעס אַ סעקונדאַנט. — איך האָב ניט געוואָלט וועקען מיין קאַמער־דינער.

— ס'מאַכט ניט, — האָט באַזאַראָוו געענטפערט, — מיר זיי־נען אַליין אויך נאָר וואָס געקומען.

— אָה! איז אודאי גוט! — פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט זיך אַרומגעקוקט. — מ'זעהט קיינעם ניט, ס'וועט קיינער ניט שטערען... מיר קענען אָנהויבען?

— לאָמיר אָנהויבען.

— קיין נייע ערקלערונגען, דענק איך, פאָדערט איהר ניט?

— איך פאָדער ניט.

— ווילט איהר אנלאדען? — האט פאוועל פעטראוויטש גע־פרעגט, ארויסנעמענדיג די פיסטאלעטען פון קעסטעלע.

— ניין, לאדט איהר אן, און איך וועל אפמעסטען די טריט. מיינע פיס זיינען לענגער, — האט באזאראוו צוגעגעבען מיט א שמייכעל. — איינס, צוויי, דריי...

— יעווגעני וואסיליעוויטש, — האט פיאטר קוים ארויסגע־שטאמעלט (ס'האט איהם געווארפען ווי אין קדחת), — ווי איהר ווילט זיך, איך וועל אבער אפגעהן אן א זייט.

— פיער... פינף... געה אפ, ברודער, געה אפ. קענסט זיך אפילו שטעלען הינטער א בוים און די אויערען פארשטאפען, אבער די אויגען זאלסטו ניט פארמאכען, און אויב אימיצער וועט פא־לען, זאלסטו צולויפען אויפהויבען. זעקס... זיעבען... אכט... — באזאראוו האט זיך אפגעשטעלט. — גענוג — האט ער א פרעג געטאן, ווענדענדיג זיך צו פאוועל פעטראוויטש'ן: — אדער אפ־מעסטען נאך צוויי טריט?

— ווי איהר ווילט, — האט יענער געענטפערט, ארייגלייגענ־דיג די צווייטע קויל.

— נו, מיר וועלען אפמעסטען נאך צוויי טריט. — באזאראוו האט מיט דעם נאז פון זיין שטיוועל א פאס געמאכט אויף דער ערד. — אט האבען מיר די ליניע. אגב: וויפיעל טריט זאל יעדער פון אונז אפגעהן פון דער ליניע? דאס איז אויך א וויכטיגע פראגע. מיר האבען וועגען דעם נעכטען ניט דיסקוטירט.

— איך דענק צעהן טריט, האט פאוועל פעטראוויטש גע־ענטפערט, דערלאנגענדיג באזאראוו'ןביידע פיסטאלעטען. — וועט איהר אזוי גוט זיין אויסקלייבען?

— איך וועל אזוי גוט זיין. איהר וועט אבער צוגעבען, פא־וועל פעטראוויטש, אז אונזער דועל איז אויסערגעוועהנליך ביז קא־מיזם, ס'איז גענוג א קוק צו טאן אויף דער פיזיאנאמיע פון אונ־זער סעקונדאנט.

— אייך גלוסט זיך נאך אלץ שפאסען, — האט פאוועל פעטרא־וויטש געענטפערט, — איך לייקען ניט די אויסערגעוועהנליכקייט

פון אונזער דועל, איך האַלט אָבער פאַר מיין פּליכט צו וואָרענען אייך, אַז איך וויל זיך שלאָגען אויף אַן אמת!

— אה! איך צווייפעל ניט אין דעם, אַז מיר זיינען גרייט איינער דעם אַנדערען צו פאַרטיליגען, אָבער פאַר וואָס טאָר מען ניט לאַכען און ניט פאַראייניגען utile dulei? אַזוי געהט עס: איהר קנאַקט מיר אין פראַנצויזיש, און איך אייך אין לאַטיין.

— איך וועל זיך שלאָגען אויף אַן אמת, — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש איבערגע'חזר'ט, און ער איז אַוועק צו זיין פּלאַץ. אויך באַזאַראָוו האָט אָפּגעצעהלט צעהן טריט פון דער ליניע און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— איהר זייט גרייט? — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש געפרעגט.

— מיט אַלץ.

— מיר קענען זיך צונויפגעהן.

באַזאַראָוו האָט זיך שטיל גערוקט פאָראויס, און פּאַוועל פּעטראָוויטש איז איהם אַנטקעגען געגאַנגען, האַלטענדיג זיין לינקע האַנט אין קעשענע און הויבענדיג ביסלעכווייז דעם מויל פון דעם פּיסטאָלעט... „ער צילעוועט מיר גלייך אין נאָז", האָט באַזאַראָוו אַ טראַכט געטאָן, „און ווי ער צילעוועט זיך עס, דער גזלן! פונדעסטוועגען איז דאָס ניט קיין אַנגענעמע עמפּינדונג. איך וועל קוקען אויף דאָס קייטעל פון זיין זייגער..." עפּעס האָט שאַרף אַ הוזשע געטאָן ביי זיין סאַמע אויער, און אין דער זעלבער צייט האָט זיך דערהערט אַ שאָס. — „איך האָב געהערט, מסתמא איז עס גאָרניט", איז איהם דורכגעלאָפען דורכ'ן קאָפּ. ער האָט נאָך איין טראַכט געגעבען און, ניט צילעווענדיג זיך, האָט ער אַ קוועטש געטאָן די ספּרוזשינקע.

פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט עטוואָס אַ ציטער געטאָן און האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מי דער האַנט פאַר'ן דיך. אַ דינער שטראָם פון בלוט איז גערונען איבער זיינע ווייסע הויזען.

באַזאַראָוו האָט דעם פּיסטאָלעט אַ וואָרף געטאָן אַן אַ זייט און איז צוגעגאַנגען צו זיין געגנער.

— איהר זייט פאַרוואונדעט? — האָט ער געפרעגט.

— איהר האָט דאָס רעכט געהאַט צוצורופען מיך צו דער ליי־ניע, — האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש אַרויסגערעדט, — און דאָס איז גאָרניט. לויט ווי מיר האָבען אויסגענומען דאַרף יעדער פון אונז שיסען נאָך איין מאָל.

— נו, ענטשולדיגט, מיר וועלען עס איבערלאָזען אויף אַ צווייטען מאָל, — האָט באַזאַראָוו געענטפערט, און ער האָט אַרומגעכאַפּט פּאַוועל פּעטראָוויטש'ען, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבען צו בלייכען. — איצט בין איך שוין ניט קיין דועליסט, נאָר אַ דאָקטאָר, און פריהער פאַר אַלץ דאַרף איך באַטראַכטען אייער וואונד. פּיאָטר! קום אַהער, פּיאָטר! וואו האָסטו זיך באַהאַלטען?

— אַה, ס'איז גאָרניט... איך נויטיג זיך ניט אין קיינעמס הילף,—האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש אַרויסגערעדט מיט געצעהלטע ווערטער, און מ'דאַרף... ווידער...—ער האָט געוואָלט אַ ציה טאָן זיך פאַר'ן וואָנץ, זיין האַנט איז אָבער אָפּגעשוואַכט געוואָרען, די אויגען האָבען זיך פאַרקייקעלט, און ער איז געפאַלען אין חלשות.

— אָט האָסטו דיר! גאָר חלש'ן! פון וואָס! — האָט באַזאַראָוו ניט ווילענדיג אויסגעשריען, אַראָפּלאָזענדיג פּאַוועל פּעטראָוויטש'ן אויפ'ן גראָז. — לאָמיר זעהן, וואָס איז דאָ פאַר אַ חתונה?

— ער האָט אַרויסגענומען אַ טיכעל, האָט אָפּגעווישט דאָס בלוט, האָט געטאַפּט אַרום דער וואונד.... „דער ביין איז גאַנץ", האָט ער אַרויסגעזאָגט צווישען די ציינער, — „די קויל איז ניט טיעף דורכגעגאַנגען, איין מוסקל, vastus extermus איז פאַרטשעפּעט. כאָטש טאַנץ אין דריי וואָכען אַרום!... און, דאָס חלש'ן! אַך, אָט די נערוועזע מענשען! ס'אַרא דינע הויט ער האָט".

— ער איז דערהרג'עט? — האָט זיך דערהערט פּיאָטר'ס ציטערדיגער קול הינטער זיין פּלייצע.

באַזאַראָוו האָט זיך אומגעקוקט:

— לויף, ברודער, גיכער נאָך וואַסער, ער וועט נאָך אונז ביידען איבערלעבען.

דער געבילדעטער לאַקיי האָט אָבער, קענטיג, זיינע ווערטער ניט פאַרשטאַנען און ער האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. פּאַוועל

פּעטראָוויטש האָט לאַנגזאַם אויפגעעפענט זיינע אויגען. „ער שטאַרבט!" האָט פיאָטר אַ שעפּטשע געטאָן און ער האָט זיך אָנ־געהויבען צו צלמ׳ען.

— איהר זייט גערעכט... ס׳אַרא נאַרישע פיזיאָנאָמיע! — האָט דער פאַרוואונדעטער „דזשענטעלמאַן" ארויסגעזאָגט מיט אַן אנגעשטרענגטען שמייכעל.

— נו, לויף שוין נאָך וואַסער, טייוועל! — האָט באַזאַראָוו אַ געשריי געטאָן.

— מ׳דאַרף ניט... עס איז געווען אַ מאָמענטאַנער העלפּט מיר זיך זעצען... אָט אַזוי... דעם קראַץ דאַרף מען נאָר מיט עפּעס ארומבינדען, און איך וועל דערגעהן אַהיים צופוס, אָדער מ׳קען שיקען נאָך מיר אַ דראָזשקע. דער דועל, אויב איהר ווילט, וועט זיך ניט באַנייען. איהר האָט געהאַנדעלט עהרענהאַפט... היינט, היינט — באַמערקט.

— דאָס וואָס עס איז געווען איז ניטאָ וואָס צו דערמאָנען, — האָט באַזאַראָוו געזאָגט. — און וואָס עס איז שייך דער צוקונפט, איז וועגען דעם לוינט זיך אויך ניט צו ברעכען דעם קאָפּ, ווייל איך דענק אין גיכען זיך אָפּטראָגען. לאָזט, איך וועל אייך איצט אי־בערבינדען די פוס. אייער וואונד — איז ניט געפעהרליך, עס איז אָבער בעסער צו פאַרהאַלטען דאָס בלוט, אָבער פריהער איז נויטיג אָט דעם בר־מנן אָפּצומינטערען.

באַזאַראָוו האָט פּיאָטר׳ן אַ טרייסעל געטאָן פאַר׳ן קאָלנער און האָט איהם געשיקט נאָך אַ דראָזשקע.

— זעה, אַז דו זאָלסט דעם ברודער ניט איבערשרעקען, — האָט איהם פּאַוועל פּעטראָוויטש אָנגעזאָגט. — דו זאָלסט איהם גאָרניט דערצעהלען.

פּיאָטר איז אַוועקגעלאָפען, און אין דער צייט וואָס ער איז געלאָפען נאָך דער דראָזשקע, זיינען ביידע געגנער געזעסען אויף דער ערד און געשוויגען. פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט אויסגעמידען צו קוקען אויף באַזאַראָוו׳ן; זיך איבערבעטען מיט איהם האָט ער פונ־דעסטוועגען ניט געוואָלט. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיין איינ־

בילדונג, פאר זיין דורכפאל; ער האט זיך געשעמט פאר זיין גאנ־צען אויפטו, כאטש ער האט געפיהלט, אז בעסער ענדיגען האט זיך עס ניט געקענט. „וויינ׳גסטענס וועט ער זיך דא מעהר ניט דרעהען פאר די אויגען“, האט ער זיך געטרייסט: — „און א דאנק דערפאר“.

דאס שווייגען האט זיך געצויגען אלע שווערער און אומאנגנע־נעמער. ביידע האבען זיך געפיהלט ניט גוט; יעדער איינער האט געוואוסט אז דער צווייטער פארשטעהט איהם. פאר פריינד איז אזא וויסען אנגענעם, און זעהר אומאנגענעם פאר שונאים, אי־בערהויפט ווען מ׳קען זיך ניט, ניט צונויפריידען און ניט פאנאנ־דערגעהן.

— האב איך ניט צו שטארק פארבונדען אייער פוס? — האט ענדליך באזאראוו געפרעגט.

— ניין, ס׳איז גארניט, ס׳איז גוט, — האט פאוועל פעטראוויטש געענטפערט, אוןווארטענדיג א ווייל, האט ער צוגעגעבען: — דעם ברודער וועט מען ניט קענען אפנארען, מ׳וועט איהם דארפען זאגען, אז מיר האבען זיך צוקריגט איבער פאליטיק.

— זעהר גוט, — האט באזאראוו באמערקט, — איהר קענט זאגען, אז איך האב באליידיגט אלע אנגלאמאניאקען.

— זעהר שעהן. ווי דענקט איהר, וואס קלערט וועגען אונז דער דאזיגער מענש? — האט פאוועל פעטראוויטש ווייטער גע־רעדט, אנווייזענדיג אויף דעם זעלבען פויער, וועלכער האט מיט עטליכע מינוט פריהער פאר׳ן דועל געטריבען זיינע צונויפגעבונ־דענע פערד פארביי באזאראוו׳ן, און אומקערענדיג זיך צוריק מיט׳ן וועג, האט ער אראפגענומען זיין היטעל פאר די „פריצים“.

— ווער ווייס איהם! — האט באזאראוו געענטפערט: — גיכער פון אלע קלעהרט ער גארניט. א רוסישער פויער — איז יענער מיסטעריעזער אומבאקאנטער, וועגען וועלכען מאדאם ראט־קליף האט אזוי פיעל גערעדט, ווער קאן איהם פערשטעהן. ער אליין פארשטעהט זיך אויך ניט.

— אה, אט ווי! האט פאוועל פעטראוויטש שוין נעהאט אנ־

געהויבען, און פלוצלונג האט ער אויסגעשריען: — גיט א קוק, וואָס אייער נאַרישער פיאָטר האָט אויפגעטאָן! דער ברודער פאַהרט דאָך אהער!

באזאראָוו האָט זיך אויסגעדרעהט און ער האָט דערזעהן ווי ניקאָלאַי פעטראָוויטש איז געזעסען אין דראָזשקע מיט אַ בלייכען פּנים. ער איז אראָפּגעשפּרונגען פון דראָזשקע נאָך איידער זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, און ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום ברודער: — וואָס באַטייט עס? — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַן אויפגערעג־טען קול: — יעווגעני וואַסיליטש, איך בעט אייך, וואָס איז דאָ געווען?

— גאָרניט! — האָט פּאַוועל פעטראָוויטש געענטפערט. — מ'האָט דיך אומזיסט באַאומרוהיגט. איך האָב זיך אַביסעל אי־בערגערעדט מיט הערר באַזאַראָוו'ן און איך האָב געקראָגען מיין חלק.

— פון וואָס איז עס אָבער אַרויסגעקומען, אום גאָטעס ווי־לען?

— ווי זאָל איך דיר זאָגען? הערר באַזאַראָוו האָט זיך זעהר ניט שעהן אָפּגערופען וועגען סער ראָבערט פּיל. און איך וויל צו־געבען, אַז איך אַליין בין אין אַט דעם שולדיג, און הערר באַזאַראָוו האָט זיך זעהר גוט געהאַלטען. איך האָב איהם אַרויסגערופען.

— זעה נאָר, ביי דיר איז בלוט!

— וואָס דען האָסטו געמיינט, ביי מיר איז וואַסער אין די אָדערען? אָבער דאָס בלוט פאַרלוסט איז פאַר מיר אפילו נוצ־ליך, ניט אַזוי, דאָקטאָר? העלף מיר זיך זעצען אין דראָזשקע און ווער ניט מעלאַנכאָליש. מאָרגען וועל איך שוין זיין געזונט. אַט אַזוי, זעהר גוט. פאָהר, קוטשער.

ניקאָליאַ פעטראָוויטש איז נאָכגעגאַנגען די דראָזשקע. באַ־זאַראָוו וואָלט געבליבען וואו ער איז געווען...

— איך וויל אייך בעטען, אַז איהר זאָלט באַהאַנדלען דעם ברודער, — האָט איהם ניקאָלאַי פעטראָוויטש געזאָגט, — ביז מ'וועט אונז פון שטאָדט ברענגען אַן אַנדער דאָקטאָר.

באזאראוו האט שווייגענדיג א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ.

אין א שעה ארום איז שוין פאוועל פעטראוויטש געלעגען אין בעט מיט א גוט איינגעבאנדאזשירטער פוס. אלע אין הויז זיינען געווען איבערגעשראקען: פעניטשקא האט גע'חלש'ט, ניקאלאי פעטראוויטש האט אין דער שטיל געבראכען די הענט און פאוועל פעטראוויטש האט געלאכט, האט זיך געוויצעלט, איבערהויפט מיט באזאראוו'ן. ער האט אנגעטאן א דינע באטיסטענע העמדעל, אן עלעגאנטען מארגען־רעקעל און א רויטע היטעלע; די שטארען האט ער ניט ערלויבט אראפצולאזען און האט זיך וויציג באקלאגט אויף דער נויטווענדיגקייט אפצוהאלטען זיך פון עסען.

צו נאכט צו האט ער געקראגען היץ. דער קאפ האט איהם וועה געטאן. עס איז געקומען דער דאקטאר פון שטאדט. (ניקאלאי פעטראוויטש האט ניט געפאלגט דעם ברודער, און באזאראוו אליין האט עס אויך ניט געוואלט. א גאנצען טאג איז ער געזעסען ביי זיך אין צימער, א געלער ווי א וואקס און א בייזער. פאר א קורצער צייט נאר פלעגט ער אריינלויפען צום קראנקען, א מאל צוויי איז איהם אויסגעקומען צו באגעגענען זיך מיט פעניטשקא'ן, זי איז אבער מיט שרעק פון איהם אפגעשפרונגען). דער נייער דאקטאר האט געראטען צו געבען איהם קאלטע געטראנקען, און אגב האט ער באשטעטיגט באזאראוו'ס מיינונג, אז עס זעהט זיך ניט קיין געפאהר. ניקאלאי פעטראוויטש האט איהם געזאגט, אז דער ברודער איז ניט געווען פארזיכטיג גענוג און אז ער האט זיך אליין פארוואונדעט, אויף וואס דער דאקטאר האט געענטפערט: „הם!“ אבער באקומענדיג גלייך אויפ'ן ארט 25 רובעל אין זילבער געלט, האט ער געזאגט: „וואס רעדט איהר! עס טרעפען אפט אזעלכע זאכען“.

קיינער אין הויז האט זיך ניט געלעגט און זיך ניט אויסגעטאן. ניקאלאי פעטראוויטש פלעגט אריינגעהן צום ברודער אויף די שפיץ פינגער, און אויף די שפיץ פינגער פלעגט ער פון איהם ארויסגעהן: יענער פלעגט זיך פארגעסען, פלעגט אביסעל זיפצען, פלעגט רעדען אין פראנצויז: – „couchez-vous“ – און פלעגט בעטען

טרינקען. ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האָט איינמאָל געהייסען פּע־ניטשקאַ'ן, אַז זי זאָל איהם צוטראָגען אַ גלאָז לימאָנאַד. פּאָוועל פּעטראָוויטש האָט אויף איהר אויפמערקזאַם אַ קוק געטאָן און האָט אויסגעטרונקען די לימאָנאַד ביז'ן דעק. צו מאָרגען צו איז דער פיבער שטאַרקער געוואָרען און ער האָט אָנגעהויבען ריידען פון היץ. אין אָנהויב האָבען זיך זיינע ווערטער ניט געקלעפּט, דער־נאָך האָט ער פּלוצלונג אויפגעעפענט די אויגען, און דערזעהענדיג דעם ברודער לעבען בעט, ווי ער איז זאָרגפעלטיג געשטאַנען אי־בערגעבויגען איבער איהם, האָט ער ארויסגעזאָגט: — ניט אמת, ניקאָלאַי, איז אין פעניטשקאַ'ן איז פאַראַן עפּעס געמיינשאַפט־ליכעם מיט נעלי'ן?

— מיט וועלכער נעלי, פּאַשאַ?

— דו האָסט שוין פאַרגעסען? מיט דער פירשטין ר... אי־בערהויפּט אין דעם אויבערשטען טייל פון איהר פּנים.

ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט זיך אָבער געוואונדערט, ווי שטאַרק עס לעבען אַלטע געפיהלען אין אַ מענשען. „אָט ווען עס איז אַרויסגעשוואומען", האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

— אַך, ווי איך האָב ליעב אָט דעם פּוסטען וועזען! — האָט פּאָוועל פּעטראָוויטש אַרויסגעזיפצט, פאַרוואַרפענדיג די הענט הינטער זיין קאָפּ. — איך וועל ניט דולדען, אַז אַ גראָבער יונג זאָל וועט וואַגען אָנצוריהרען... — האָט ער געשטאַמעלט אין אַ ווייל־ע אַרום.

ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האָט נאָר אַ זיפץ געטאָן, ער האָט אפילו ניט פאַרדעכטיגט, אויף וועמען די דאָזיגע ווערטער זיינען גע־זאָגט געוואָרען.

באַזאַראָוו איז געקומען צו איהם אויפ'ן צווייטען טאָג, אַ זייגער אַכט. ער האָט שוין צייט געהאַט איינצופּאַקען זיך, און פריי־צולאָזען אַלע זיינע זשאַבעס, פליגען און פויגלען.

— איהר זייט געקומען זיך זעגענען מיט מיר? — האָט ני־קאָלאַי פּעטראָוויטש געפרעגט, אויפהויבענדיג זיך איהם אַנטקעגען.

— אזוי איז עס.

— איך פארשטעה אייך, און איך גיב אייך פאלשטענדיג גע־רעכט. מיין ארימער ברודער, איז געווים שולדיג, דערפאר איז ער אויך באשטראפט. ער האט מיר אליין געזאגט, אז ער האט פאר אייך אונמעגליך געמאכט אנדערש צו האנדלען. איך גלויב, אז איהר האט ניט געקאנט אויסמיידען דעם דאזיגען דועל, וועל־כער... וועלכער קאן ביז א געוויסען גראד ערקלערט ווערען נאר מיט דעם שטענדיגען אנטאגאניזם פון אייערע געגענזייטיגע אנ־שויאונגען. (ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך געפלאנטערט אין זיינע ווערטער). מיין ברודער איז א מענש פון פריהערדיגע דורות, א היציגער און א בייזער... א דאנק גאט, וואס עס האט זיך נאך אזוי אויסגעלאזען. איך האב געטאן אלץ וואס נויטיג, כדי דאס זאל ניט ארויסקומען אין דער עפענטליכקייט...

— איך וועל אייך איבערלאזען מיין אדרעס, אין פאל ס׳וועט נויטיג זיין, — האט באזאראוו נאכלעסיג באמערקט.

— איך גלויב אז עס וועט ניט נויטיג זיין, יעווגעני וואסי־ליטש... עס פארדריסט מיך זעהר, וואס אייער באזוך אין אונזער הויז האט זיך געענדיגט... אויף אזא אופן. און נאך מעהר ער־גערט מיר, וואס ארקאדי...

— איך וועל זיך, מסתמא, זעהן מיט איהם, — האט באזאראוו געענטפערט. — ער האט קיינמאל ניט געקאנט פארטראגען קיין „ערקלערונגען": — און אויב ניט, בעט איך אייך נעריסען איהם אין מיין נאמען און אננעהמען מיין באדויערונג.

— און איך בעט... — האט ניקאלאי פעטראוויטש געענטפערט פארנייגענדיג זיך. באזאראוו האט זיך אבער ניט דערוואַרט ביז ער וועט ענדיגען די פראזע און איז ארויסגעגאנגען.

דערוויסענדיג זיך וועגען באזאראוו׳ס אפפאהרען, האט פא־וועל פעטראוויטש אויסגעדריקט זיין פארלאנג צו זעהן איהם און האט איהם די האנט א דריק געטאן. אבער באזאראוו איז אויך דא געבליבען קאלט ווי אייז. ער האט פארשטאנען, אז פאוועל

פעטראָוויטש האט געוואָלט ארויסווייזען זיין גרויסמוטיגקייט. מיט פעניטשקאַ'ן האט זיך איהם ניט איינגעגעבען צו זעגענען זיך: דורכ'ן פענסטער נאָר האט ער זיך מיט איהר איבערגעקוקט. איהר פּנים האט איהם אויסגעזעהן צו זיין אומעטיג. „זי וועט דאָ פאַר־פאַלען ווערען!" האט ער געטראַכט ביי זיך... „נו, און אפשר וועט זי זיך ווי־ניט־איז אַרויסרייסען!" — דערפאַר איז פּיאָטר אַזוי געריהרט געוואָרען, אַז ער האט געוויינט ביי איהם אויפ'ן פּליי־צע, ביז וואַנען באַזאַראָוו האט איהם אָפּגעקיהלט מיט א פראַגע: „צי זיינען ניט ביי איהם די אויגען אויף אַ נאַסען אָרט?" און דוניאַשאַ איז געצוואונגען געווען אין וואַלד אוועקצולויפען, כדי צו באַהאַלטען איהר אויפרעגונג. דער שולדיגער פון די אַלע אומ־גליקען און אַרויפגעקראָכען אויפ'ן וואַגען און האט פאַררויכערט א ציגאַר. אויפ'ן פיערטען וויאַרסט, דאָרט וואו די וועג פאַרדרעהט זיך וואו ער האט צום לעצטען מאָל דערזעהן אין איין ליניע קיר־סאַנאָוו'ס „פאַרם" מיט דער נייער פּריצי'שער הויז, האט ער נאָר א שפּיי געטאָן א זאָג געבענדיג: „אַריסטאָקראַטלאַך פאַרשאָלטע־נע", און ער האט זיך פעסטער איינגעדרעהט אין מאַטנעל.

פּאַוועל פּעטראָוויטש'ען איז אין גיכען בעסער געוואָרען, ער האט נאָך אָבער געדאַרפט ליגען אין בעט ביי א וואָך צייט. ער האט איבערגעטראָגען זיין „געפאַנגשאַפט", ווי ער האט זיך אויסגעדריקט, גאַנץ געדולדיג. ער האט נאָר צופיעל געהאַט צו טאָן מיט זיין טואַלעט און האט אַלץ געהייסען שפּריצען מיט אָדע־קאָלאָן. ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האט פאַר איהם געלייענט זשור־נאַלען. פעניטשקא האט איהם באַדיענט ווי פריהער: זי פלעגט ברענגען זופּ, לימאָנאַד, לויזע אייער, טהע... אָבער א פאַרבאָרגע־נער שרעק פלעגט איהר באַהערשען יעדעס מאָל, ווען זי פלעגט אַריינגעהן אין זיין צימער. פּאַוועל פּעטראָוויטש'עס אונערוואַרטע האַנדלונג האט אַלעמען אין הויז אָנגעשראָקען, און איהר — מעהר פון אַלעמען. דער איינציגער, וועמען עס האט ניט געאַרט, איז פּראָקאָפּיטש, וועלכער האט אַלץ גע'טענה'ט, אַז אויך אין זיין צייט האָבען אָנשטענדיגע מענשען דועלירט, אָבער נאָר אָנשטענדיגע

מענשען. אבער אזא חברה־מאן ווי באזאראוו׳ן וואלטען זיי פאר א גראבקייט אין שטאל געהייסען אפשמייסען.

דער געוויסען האט פעניטשקא׳ן כמעט צורוה געלאזט. עס האט איהר אבער געמאטערט דער געדאנק וועגען דער אמת׳ער אור־זאכע, צוליעב וועלכען דער קריעג איז ארויסגעקומען. אחוץ דעם האט פאוועל פעטראוויטש אויף איהר געקוקט אזוי מאדנע... אזוי, אז ווען זי איז אפילו געשטאנען צו איהם מיט דער פלייצע, האט זי געפיהלט זיינע אויגען אויף איהר. זי איז מאגערער געווארען פון דער אומאויפהערליכער אינערליכער אומרוהיגקייט און ווי גע־וועהנליך, איז זי נאך ליעבער געווארען.

איינמאל — דאס האט פאסירט אין דער פריה — פאוועל פעט־ראוויטש האט גוט געפיהלט און ער איז איבערגעגאנגען פון בעט אויפ׳ן דיוואן, און זעהענדיג אז ער פיהלט בעסער, איז ניקאלאי פעטראוויטש אוועק אין שייער. פעניטשקא האט געבראכט א שאל טהע און אוועקשטעלענדיג עס אויפ׳ן טישעל, האט זי שוין גע־וואלט אוועקגעהן. אבער פאוועל פעטראוויטש האט איהר אפ־געהאלטען.

— וואוהין איילט איהר אזוי, פעאדאסיא ניקאלאיעוונא, — האט ער אנגעהויבען. — איהר זייט דען פארנומען?

— ניין... מ׳דארף טהע אנגיסען.

— דוניאשא וועט עס טאן אהן אייך. זיצט א ווייל־ע מיט א קראנקען מענשען. אגב, איך דארף מיט אייך עפעס ריידן.

פעניטשקא האט זיך שווייגענדיג אוועקגעזעצט אויף א ברעג שטול.

— הערט אויס, — האט פאוועל פעטראוויטש אנגעהויבען און האט א ציה געטאן זיינע וואנצען. — איך האב אייך שוין לאנג געוואלט פרעגען: עפעס האט איהר מורא פאר מיר?

— איך?

— יא, איהר. איהר קוקט אויף מיר קיינמאל ניט, עפעס אזוי ווי אייער געוויסען וואלט ניט ריין געווען.

פעניטשקא איז רויט געווארען. זי האט אבער א קוק געטאן

אויף פאוועל פעטראוויטש'ען, ער האט איהר אויסגעזעהן אזוי מאדר־
נע און איהר הארץ האט שטיל א ציטער געטאן.

— אייער געוויסען איז דאך ריין? — האט ער איהר געפרעגט.

— פון וואס זאל עס ניט ריין זיין? — האט זי א שעפטשע גע־
טאן.

— ווער ווייס פון וואס? סיי ווי, קענען ווען האט איהר
זיך דא געקאנט פארזינדיגען? קעגען מיר? דאס איז ניט ווארר־
שיינליך. קעגען אנדערע פערזאנען דא אין הויז? דאס שיקט
זיך אויך ניט. אפשר קעגען ברודער? איהר האט דאך איהם
אבער ליעב?

— איך האב איהם ליעב.

— מיט דער גאנצער נשמה און מיט'ן גאנצען הארצען?

— איך האב ניקאלאי פעטראוויטש'ן ליעב מיט'ן גאנצען
הארצען?

— אמת? גיב נאר א קוק אויף מיר, פעניטשקא (ס'איז דאס
ערשטע מאל וואס ער האט איהר אזוי אנגערופען)... איהר ווייסט,
אז עס איז א גרויסע עבירה צו ליגען!

— איך ליג ניט, פאוועל פעטראוויטש. אויב איך ליעב ניט
פאוועל פעטראוויטש'ען דארף איך ניט לעבען.

— און איהר וועט איהם אויף קיינעם ניט פארבייטען?

— אויף וועמען קאן איך איהם דען פארבייטען?

— ווענינ פאראן אויף וועמען צו פארבייטען! אט כאטש
אויף דעם הערר, וועלכער איז פון דאנען אוועקגעפאהרען.

פעניטשקא האט זיך אויפגעהויבען.

— גאט מיינער, פאוועל פעטראוויטש, פארוואס מאטערט
איהר מיך? וואס האב איך אייך געטאן? ווא אזוי קאנט איהר
אזוי ריידען?...

— פעניטשקא, — האט פאוועל פעטראוויטש א זאג געטאן
מיט א טרויעריגען קול. — איך האב דאך געזעהן...

— וואס האט איהר געזעהן?

— דארטען... אין זומער־גערטעל.

פעניטשקא איז אין גאנצען רויט געווארען ביז די האר און ביז די אויערען.

— וואס בין איך שולדיג? — האט זי קוים ארויסגערעדט.

פאוועל פעטראוויטש האט זיך אויפגעהויבען.

— איהר זייט ניט שולדיג? ניין? א האר ניט?

— דעם איינציגען וואס איך האב ליעב אויף דער וועלט, איז ניקאלאי פעטראוויטש׳ען און איך וועל איהם אייביג ליעב האבען! — האט פעניטשקא ארויסגעזאגט מיט א פלוצלונגער שטארקייט, אין דער צייט ווען א געוויין האט איהר אזוי אויך געשטיקט: — און דאס וואס איהר האט געזעהן, וועל איך אויף דעם שרעקליכען משפט זאגען, אז עס איז ניט מיין שולד געווען. ס׳איז שוין בעסער איצט צו שטארבען, אויב מ׳פארדעכטיגט מיר אין אזא זאך, אז איך וועל קאנען מיין באשיצער, ניקאלאי פעטראוויטש׳ען...

אבער דא האט זיך איהר קול אפגעריסען, און אין דערזעלבער צייט האט זי געפיהלט, אז פאוועל פעטראוויטש האט א כאפ געטהאן און א דריק געטהאן איהר האנט... זי האט אויף איהם א קוק געטהאן, און איז אזוי ווי פארשטיינערט געבליבען. ער איז נאך געווארען בלייכער ווי פריהער, זיינע אויגען האבען געגלאנצט און מערקווירדיגער פון אלץ איז געווען דאס, וואס א שווערע, איינזאמע טרעהר האט זיך אראפגעקייקעלט אויף זיין באק.

— פעניטשקא! — האט ער עפעס אזוי מאדנע א שעפטשע געטהאן: — ליעבט, ליעבט מיין ברודער! ער איז אזא וואוילער, אזא גוטער מענש! פארבייט איהם ניט אויף קיינעם אין דער וועלט. הערט זיך ניט צו צו קיינעמס רייד! גיט נאר א טראכט, וואס קאן נאך זיין שרעקליכער, ווי ליעבען און ניט זיין געליעבט! איהר זאלט קיינמאל ניט פארלאזען מיין ברודער!

פעניטשקא׳ס אויגען זיינען טרוקען געווארען, און איהר שרעק איז פאריבער. — אזוי גרויס איז געווען איהר פארוואונדערונג. אבער ווי אזוי האט זי געפיהלט, ווען פאוועל פעטראוויטש, ווען פאוועל פעטראוויטש אליין האט צוגעדריקט איהר האנט צו זיינע

ליפּען, און איז אַזוי צו איהר צוגעפאַלען, ניט קושענדיג איהר, נאָר זיפצענדיג קאָנוואולסיוו פון צייט צו צייט...

„גאָט מיינער", האָט זי טראַכט געטאָן, „צי איז ער ניט ווי־דער קראַנק געוואָרען?"...

אין אָט דעם אויגענבליק האָט זיך אין איהם געצאַפּעלט אַ לע־בען, אַ גאַנצער, אַ פאַרלוירענער.

די טרעפּ האָבען אַ סקריפּע געטאָן אונטער גיכע טריט... ער האָט איהר אָפּגעשטויסען פון זיך און האָט פאַרוואָרפען זיין קאָפּ אויפ'ן קישען. די טיר האָט זיך אויפגעעפענט — און ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האָט זיך באַוויזען אַ פרעהלאַכער, אַ פרישער, אַ רויטער. מיטיא, אַזאַ פרישער און אַזאַ רויטער, ווי דער טאַטע, האָט זיך געהאָצקעט אויף זיין ברוסט אין איין העמדעלע, דראַ־פּענדיג זיך מיט די הוילע פיסעלאַך פאַר די גרויסע קנעפּ פון זיין דאַרפישען מאַנטעל.

פעניטשקא האָט זיך צו איהם אַ וואָרף געטאָן, און אַרומוויק־לענדיג מיט איהרע הענט אי איהם און אי דעם זוהן, איז זי צו־געפאַלען מיט איהר קאָפּ צו זיין פּלייצע. ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האָט זיך פאַרוואונדערט: די צוריקגעהאַלטענע פשוט'ע פעניטשקא האָט איהם נאָך קיינמאָל ניט אַרומגענומען אין דער אַנוועזענהייט פון אַ דריטע פּערזאָן.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט ער אַרויסגערעדט, און קוקענדיג אויפ'ן ברודער האָט ער איהר איבערגעגעבען מיטיאַ'ן. — דו פיהלסט ניט ערגער? — האָט ער געפרעגט, צוגעהענדיג צו פּאַוועל פּעט־ראָוויטשען. יענער האָט אַריינגערוקט זיין פּנים אין אַ באַטיס־טענער טיכעלע. — ניין... אַזוי... ס'איז נאַרניט... פאַרקעהרט, איך פיהל אַ סך בעסער.

— דו האָסט זיך צו פריה צוגעאיילט אַריבערצוגעהן אויפ'ן דיוואַן. וואוהין געהסטו? — האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש צוגע־געבען, אומקעהרענדיג זיך צו פעניטשקאַ'ן. אָבער יענע האָט שוין פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. — איך האָב דיר געבראַכט באַווייזען מיין יונגען העלד, ער האָט זיך פאַרבענקט נאָכ'ן פעטער. פאַר־

וואס האט זי איהם אוועקגעטראגען? אבער, וואס איז מיט דיר? צי איז דא ביי אייך עפעס ניט פארגעקומען?

— ברידער! — האט פאוועל פעטראוויטש פריידיג ארויסגע־רעדט.

ניקאלאי פעטראוויטש האט א ציטער געטאן. ס'איז איהם שווער געווארען אליין ניט וויסענדיג פאר וואס.

— ברודער, האט פאוועל פעטראוויטש איבערגע'חזר'ט, — גיב מיר דיין ווארט, אז דו וועסט טאן א זאך וואס איך וועל דיר בעטען.

— וואס איז דיין פארלאנג, זאג.

— מיין פארלאנג איז זעהר א וויכטיגער, נאך מיין באגריף נאך, איז דער גאנצער גליק פון דיין לעבען אפהענגיג פון איהם. איך האב די גאנצע צייט א סך געטראכט פון דעם, וואס איך וויל דיר איצט זאגען... ברודער ערפיל דיין פליכט, די פליכט פון אן ערענט־ליכען איידעלען מענשען, מאך א סוף צו דער שאנדע און צו דעם שלעכטען ביישפיעל וואס מ'קאן אראפנעהמען פון דיר. דו, דער בעסטער צווישען מענשען!

— וואס ווילסטו זאגען, פאוועל?

— האב חתונה מיט פעניטשקא'ן... זי האט דיך ליעב, זי איז די מאמע פון דיין זוהן.

ניקאלאי פעטראוויטש האט זיך אויף א טראט א ציה געטאן אויף צוריק און האט א פאטש געטאן מיט די הענט.

— דו, פאוועל, זאגסט עס? דו, וועמען איך האב שטענדיג באטראכט פאר דעם שטארקסטען געגנער פון אזעלכע שדוכים! דו זאגסט עס! אבער ווייסטו דען ניט, אז די איינציגע אורזאכע, פאר וואס איך האב ניט ערפילט דאס, וואס דו האסט מיט רעכט אנגערופען: מיין פליכט, — איז געווען דאס, וואס איך האב דיר ניט געוואלט וועה טאן.

— אומזיסט האסטו אזוי געדענקט אין דעם פאל, — האט פא־וועל פעטראוויטש געענטפערט מיט אן אומעטיגען שמייכעל. — איך הויב אן צו דענקען, אז באזאראוו איז גערעכט געווען, ווען

ער האָט מיר פאַרגעוואָרפען אין אַריסטאָקראַטיזם. ניין, מיין טייערער, שוין גענוג אונז צו ברעכען זיך און טראַכטען וועגען דער וועלט: מיר זיינען שוין מענשען אַלטע און שטילע, ס'איז שוין צייט אוועקצואוואַרפען פאַרשיידענע נאַרישקייטען. טאַקע אַזוי ווי דו זאָגסט: לאָמיר אָנהויבען צו ערפילען אונזער פליכט, און דו וועסט נאָך זעהן, אַז מיר וועלען נאָך גליקליך זיין.

ניקאָלאַי פּעטראָוויטש האָט זיך אַ וואָרף געטאָן ארומצונעהמען זיין ברודער.

— דו האָסט מיר אין גאַנצען די אויגען געעפענט! — האָט ער אויסגעשריען. — ניט אומזיסט האָב איך אַלע מאָל געטענה'ט, אַז דו ביזט דער בעסטער און דער קליגסטער מענש אויף דער וועלט, און איצט זעה איך, אַז דו ביזט פונקט אַזוי קלוג ווי גרויס־מוטיג.

— שטילער, שטילער, האָט איהם פּאַוועל פּעטראָוויטש איי־בערגעשלאָגען. — ריהר ניט אָן די פוס פון דיין קלוגען ברודער, וועלכער האָט צו פופציג יאָהר דועלירט ווי אַן אָפיציער'ל. הייסט עס, אַז אַזוי איז עס באַשלאָסען: פענעטשקאַ וועט זיין מיין....

— מיין טייערער פּאַוועל! אָבער וואָס וועט אַרקאַדי זאָגען?

— אַרקאַדי? איהם וועט עס הנאה טאָן! הייראַטען איז געגען זיינע פּרינציפּען. דערפאַר אָבער וועט איהם דער געפיהל פון גלייכהייט פאַרשאַפען פאַרגניגען. און אין דער אמת'ען, וואָס פאַר אַ קלאַסען au dixneuvieme siecle?

— אַך, פּאַוועל, פּאַוועל! לאָז מיר דיך נאָך אַ מאָל אַ קוש טאָן. האָב קיין מורא ניט, איך בין פאָרזיכטיג.

די ברידער האָבען זיך אַרומגענומען.

— ווי דענקסטו, זאָל איך איהר שוין לאָזען וויסען וועגען דיין אַבזיכט? — האָט פּאַוועל געפרעגט.

— וואָס איז די איילעניש? — האָט ניקאָלאַי פּעטראָוויטש געענטפערט. — ס'איז דען ביי אייך געווען אַ רייד?

— אַ רייד ביי אונז?

— נו, גוט. פריהער פון אַלץ דאַרפסטו געזונט ווערען, און

דאס וועט פון אונז ניט אנטלויפען. מ'דאַרף זיך גוט באַדענקען, באַטראַכטען...

— דו האָסט דאָך אָבער באַשלאָסען?

— געוויס האָב איך באַשלאָסען, און איך דאַנק דיר פון טיעפ־סטען הארצען. איך וועל דיך איצט איבערלאָזען. דו דאַרפסט אָפּרוהען. יעדע אויפרעגונג איז פאַר דיר שעדליך... מיר וועלען נאָך אָבער ריידען. שלאָף איין נשמה מיינס, און גאָט זאָל דיר געבען געזונט!

„פאַר וואָס דאַנקט ער מיר אַזוי?" האָט פּאַוועל פּעטראָוויטש אַ טראַכט געטאָן, בלייבענדיג אַליין. „עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט זיך ניט געווענדט אָן איהם! און ווי נאָר ער וועט חתונה האָבען וועל איך אַוועקפאָהרען ערגעץ ווייט פון דאַנען, אין דרעזדען אָדער אין פלאָרענץ, און איך וועל דאָרטען זיין, ביז..."

פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט פייכט געמאַכט זיין שטערן מיט אָדע קאָלאָן און האָט צוגעמאַכט די אויגען. באַלויכטען פון דער העלער טאָגיגער ליכט, איז זיין שעהנער אויסגעמאָגערטער קאָפּ געלעגען אויפ'ן ווייסען קישען, ווי אַ קאָפּ פון אַ טויטען... און ער איז טאַקע געווען אַ טויטער מענש.

.25

אין ניקאָלסקאָיע אין גאָרטען, אונטער דעם שאָטען פון אַ הויכען יאַסנאָוועז בוים, זיינען געזעסען אויף אַ געפלאָכטענעם בענקעל קאַטיא מיט אַרקאַדיי'ן. אויף דער ערד לעבען זיי איז געלעגען פיפי מיט'ן לאַנגען קערפּער אין יענער שעהנער פּאָזיציע, וועלכע האָט אַ נאָמען ביי יעגער „דער האָזען בויג". ביידע, אי אַרקאַדי, אי קאַטיא, האָבען געשוויגען. ער האָט געהאַלטען אין זיינע הענט אַ האַלב־אויפגעעפענטען בוך און זי האָט אויסגעקלי־בען פון אַ קערבעלע די איבערגעבליבענע ברעקלאַך חלה און האָט עס געוואָרפען צו אַ קליינע משפחה שפּערלינגען, וועלכע זיינען אומגעשפּרונגען און האָבען געסוויטשערט מיט זייער נאַטירליכער

שרעקעדיגער חוצפּה ביי איהרע סאַמע פּיס. אַ שוואַכער ווינטעל, וועלכער האָט באַוועגט די בלעטער פון דעם יאַסנאָווען בוים, האָט געדרוקט היין און צוריק העל־גאָלדענע ליכט־פלעקען איבער דער פינסטערער שטעגעל און איבער פּיפּי'ס געלען רוקען. אַ ניט־געבראָכענער שאָטען האָט ארומגענומען קאַטיאַ'ן און ארקאַדי'ן. פון צייט צו צייט נאָר פלעגט זיך אָנצינדען אַ העלער שטרייפעל אין איהרע האָר. זיי האָבען ביידע געשוויגען, אָבער אין דעם טאָקע, ווי זיי האָבען געשוויגען און ווי זיי זיינען געזעסען אינאייגעם, האָט זיך אויסגעדריקט זייער צוטרויערישע אינטימיטעט: יעדער פון זיי האָט, דוכט זיך, גאָר ניט געטראַכט פון זיין שכן, אָבער אין זיך האָט זיך יעדער געפרעהט מיט דעם צווייטענס אָנוועזענהייט. אויך זייערע פּנים'ער האָבען זיך אומגעביטען פון יענער צייט אָן, ווען מיר האָבען זיי געזעהן דעם לעצטען מאָל: ארקאַדי האָט אויסגעזעהן רוהיגער; קאַטיאַ — לעבעדיגער, געוואַגטער.

— צי דענקסט איהר ניט, — האָט ארקאַדי אָנגעהויבען, — אַז „יאַסען" איז אין רוסיש זעהר אַ געטראָפענער נאָמען פאַר דעם יאַסנאָווען בוים: קיין איינציגער בוים איז אין דער לופט ניט אַזוי קלאָהר־דורכזיכטיג (יאַסנאָ) ווי דער.

קאַטיאַ האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען אין דער הויך און האָט געענטפערט: „יאָ", און ארקאַדי האָט אַ טראַכט געטאָן: אָט זי ווארפט מיר ניט אויף, וואָס איך „דריק זיך אויס שעהן".

— איך האָב היינע'ן ניט ליעב, — האָט קאַטיאַ אַ זאָג געטאָן, אָנווייזענדיג מיט די אויגען אויפ'ן בוך, וואָס ארקאַדי האָט גע־האַלטען אין די הענט: — ניט ווען ער לאַכט און ניט ווען ער וויינט: איך האָב איהם נאָר ליעב ווען ער איז פאַרקלערט און אומעטיג.

— און מיר געפעלט ווען ער לאַכט, — האָט ארקאַדי באַמערקט.

— אין אייך זיינען נאָך פאַראַן די אַלטע שפּורען פון אייער סאַטירישער ריכטונג... (די אַלטע שפּורען! האָט ארקאַדי אַ טראַכט געטאָן. ווען באַזאַראָוו וואָלט דאָס געהערט!) וואַרט אויס, מיר וועלען אייך איבערמאַכען.

— ווער וועט מיך איבערמאַכען ? איהר ?

— ווער ? — די שוועסטער, פּראַפּירי פּלאַנטאַנאַוויטש, מיט וועלכען אהיר קריגט זיך שוין מעהר ניט, די טאַנטע, וועלכע איהר האָט אייערנעכטען באַליידיגט צום קלויסטער.

— איך האָב זיך דאָך ניט געקאָנט אפּזאָגען ! און וואָס אַנ־באַלאַנגט אַנאַ סערגעיעוונאַ'ן, געדענקט איהר דאָך, אַז אין פיעלע זאַכען איז זי געוועזען איינפאַרשטאַנען מיט יעווגעני'ן.

— די שוועסטער איז דאַמאָלס געוועזען אונטער זיין איינפלוס, אַזוי ווי איהר.

— אַזוי ווי איך ! וואָס, איהר באַמערקט דען, אַז איך האָב זיך שוין באַפרייט פון זיין איינפלוס ?

קאַטיאַ האָט ניט געענטפערט.

— איך וויים, — האָט אַרקאַדי פאַרטגעזעצט. — ער איז אייך קיינמאָל ניט געפעלען געוועזען.

— איך קאָן װעגען איהם ניט אורטיילען.

— איהר ווייסט וואָס, קאַטערינאַ סערגעעוונאַ ? יעדעס מאָל, ווען איך הער אַזאַ ענטפער, גלויב איך אין איהם ניט... עס איז ניטאַ אַזאַ מענש, וועגען וועלכען יעדער פון אונז זאָל ניט קאָנען אורטיילען ! ס'איז פּשוט אַ תירוץ.

— נו, אויב אַזוי וועל איך זאָגען, אַז... ניט וואָס ער געפעלט מיר ניט, נאָר איך פיהל, אַז ער איז מיר פרעמד און איך בין איהם פרעמד... און אַז אויך איהר זייט איהם פרעמד...

— פאַר וואָס ?

— ווי זאָל איך אייך זאָגען... ער איז אַ ווילדער און מיר זיינען געצאַמטע.

— אויך איך בין אַ געצאַמטער ?

קאַטיאַ האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

אַרקאַדי האָט זיך אַ קראַץ געגעבען הינטער'ן אויער.

— לאָמיר אייך זאָגען, קאַטיאַ סערגעיעוונאַ, אַז אין דער ' איז עס אַ באַליידיגונג.

— וואָסי, איהר האָט דען געוואָלט זיין אַ ווילדער ?

— ניט אַ ווילדער, אָבער אַ שטאַרקער, און ענערגישער.

— אַזאַ זאַך ווענדט זיך ניט אָן ווערלען... אַט, אייער פריינד פאַרלאַנגט עס ניט, אָבער ער איז עס.

— הם! הייסט עס, אַז איהר דענקט, אַז ער האָט געהאַט אַ שטאַרקען איינפלוס אויף אַנאַ סערגעיעוונאַ'ן?

— יאָ, אָבער קיינער קאָן עס ניט אָן אויף לאַנג, — האָט קאַטיאַ צוגעגעבען אין דער שטיל.

— פאַר וואָס דענקט איהר אַזוי?

— זי איז זעהר שטאָלץ... ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגען... איהר אומאָפּהענגיגקייט איז ביי איהר זעהר טייער.

— ביי וועמען איז עס ניט טייער? — און אין דערזעלבער צייט איז ביי איהם אַ געדאַנק דורכגעלאָפען אין קאָפּ: „צו וואָס דאַרף מען עס?" „צו וואָס דאַרף מען עס?" האָט אויך קאַטיאַ אַ טראַכט געטאָן. יונגע מענשען, וועלכע זיינען אין פריינטליכע באַציהונגען און קומען זיך אָפט צוזאַמען, שלאָגען זיך שטענדיג אָן, אָן די זעלבע געדאַנקען.

אַרקאַדי האָט אַ שמייכעל געטאָן, און צורוקענדיג זיך אַביסעל נעהנטער צו קאַטיאַ'ן, האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן:

— זייט זיך מודה, אַז איהר האָט אַביסעל מורא פאַר איהר.

— פאַר וועמען?

— „פאַר איהר"! — האָט אַרקאַדי איבערגע'חזר'ט באַטאָנענדיג.

— און איהר? — האָט קאַטיאַ געפרעגט פון איהר זייט.

— איך אויך. באַמערקט, איך האָב געזאָגט: איך „אויך".

קאַטיאַ האָט איהם אַ סטראַשע געטאָן מיט'ן פינגער.

— דאָס וואונדערט מיך, — האָט זי אָנגעהויבען. — די שוועסטער איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי אויפגעלעגט צו אייך, ווי גראָד איצט; אַ סך מעהר, ווי ווען איהר זייט געקומען דעם ערשטען מאָל.

— אַזוי גאָר?

— און איהר האט עס ניט באמערקט? עס פרעהט אייך ניט?

ארקאדי האט זיך פארטראכט.

— מיט וואס האב איך עס געקאנט נושא חן זיין ביי אנא סערגעיעוונא׳ן? צי איז עס ניט דערמיט, וואס איך האב איהר געבראכט אייער מוטער׳ס בריעף?

— מיט דעם אויך. און עס זיינען פאראן אויך אנדערע אורזאכען, וועלכע איך וועל ניט זאגען.

— פאר וואס?

— איך וועל ניט זאגען.

— אה, איך ווייס! איהר זיינט א גרויסער עקשן.

— אז עקשן?

— און איהר זייט פעהיג צו באמערקען זאכען.

קאטיא האט פון דער זייט א קוק געטאן אויף ארקאדיין.

— אפשר זייט איהר אין כעס דערפאר? וועגען וואס טראכט איהר?

— איך טראכט וועגען דעם, פון וואנען נעמט זיך צו אייך אייער בעאבאכטונגס פעהיגקייט וועלכע איהר האט טאקע. איהר זייט אזוי שרעקעדיג, אומצוטרויעריש. איהר האלט זיך פרעמד פון אלעמען...

— איך האב א לאנגע צייט געלעבט אליין. ניט ווילענדיג הויבט מען אן נאכצודענקען. אבער האלט איך זיך דען פרעמד פון אלעמען.

— ארקאדי האט אויף איהר א קוק געטאן מיט דאנקבארקייט.

— דאס אלץ איז זעהר שעהן, — האט ער פארטגעזעצט. — אבער מענשען אין אייער לאגע, איך מיין אין אייערע אומשטענדען, באזיצען זעלטען אזא אייגענשאפט. אז אמת דערגעהט צו זיי אזוי שווער, ווי צו קיסרים...

— איך בין דאך אבער ניט קיין רייכע.

ארקאדי האט זיך פארוואונדערט און האט ניט באלד פאר-

שטאנען קאטיא׳ן „און טאקע, דער גוט איז דאך אינגאנצען דער שוועסטערס!" האט ער א טראכט געטאן. דער דאזיגער געדאנק איז איהם ניט געווען אומאנגענעם.

— ווי שעהן איהר האט עס געזאגט! — האט ארקאדי געענט־פערט.

— וואס?

— איהר האט עס שעהן געזאגט. פשוט, ניט שעמעוודיג און ניט באריהמעריש. אגב: איך שטעל זיך פאר, אז אין דעם געפיהל פון א מענשען, וועלכער וויים און זאגט, אז ער איז ארים, דארף זיין עפעס באזונדערס, עפעס א מין שטאלץ.

— איך האב קיינמאל עטוואס עהנליכעס ניט געפיהלט, א דאנק מיין שוועסטער. איך האב דערמאנט וועגען מיינע אומשטענדען נאר דערפאר, ווייל עס איז געקומען צו רייד.

— אמת, אבער זייט זיך מודה, אז אויך איהר האט א טייל פון יענעם שטאלץ, וועגען וועלכען איך האב נאר וואס גערעדט.

— צום ביישפיעל?

— צום ביישפיעל, איהר וועט דאך מיר ענטשולדיגען מיין פראגע: איהר וואלט חתונה געהאט פאר א רייכען מענשען?

— אויב איך וואלט איהם שטארק געליעבט... ניין, דוכט זיך, אז אויך דעמאלט וואלט איך פאר איהם ניט חתונה געהאט.

— אהא! איהר זעהט שוין! — האט ארקאדי אויסגערופען, און ווארטענדיג א וויילע האט ער צוגעגעבען: — און פאר וואס וואלט איהר פאר איהם ניט חתונה געהאט?

— דערפאר, ווייל אפילו אין ליעדער ווערען באזונגען די ניט־גלייכע שידוכים.

— איהר ווילט אפשר הערשען, אדער...

— אה, ניין! צו וואס? פארקערט, איך בין גרייט צו זיין אונטערוואָרפען, אבער מיט א מענשען וואס איז ניט מיין גלייכען איז שווער. רעספעקטירען זיך און פאלגען — דאס, פארשטעה איך, איז גליק. אבער אן אפהענגיגע עקזיסטענץ... ניין, ס׳איז אזוי אויך גענוג.

— ס׳איז אזוי אויך געווען, — האט ארקאדי איבערגעחזר׳ט קאטיא׳ן ווערטער. — יא, יא, — האט ער ווייטער גערעדט, — ניט אומזיסט זיינט איהר אזא סערגעיעווגא׳ס א שוועסטער. איהר זייט פונקט אזוי זעלבסטשטענדיג ווי זי, נאר איהר זייט מעהר פארבאהאלטען. איך בין זיכער, אז איהר וואלט קיינמאל ניט געווען די ערשטע ארויסצוזאגען אייער געפיהל, ווי שטארק און ווי הייליג ער וואלט ניט געווען...

— וואס הייסט, ווי זשע אנדערש? — האט קאטיא געפרעגט.

— איהר זייט אזוי קלוג ווי זי און איהר האט ניט ווייניגער כאראקטער, אויב ניט מעהר נאך, ווי זי...

— פארגלייכט מיך ניט מיט מיין שוועסטער, איך בעט אייך, — האט איהם קאטיא גיך איבערגעשלאגען. — ס׳איז ניט זעהר גוט פאר מיר. ווי עס זעהט אויס האט איהר פארגעסען, אז מיין שוועסטער איז אי א קלוגע, אי א שעהנע, און... איבערהויפט איהר, ארקאדי ניקאלאיעוויטש, איהר האט ניט געדארפט זאגען אזעלכע ווערטער, דערצו נאך מיט אזא ערנסטען פנים.

— וואס באטייט עס: איבערהויפט איהר. — פון וואנען נעמט איהר עס, אז איך שפאס?

— געוויס שפאסט איהר.

— איהר דענקט אזוי? און ווי איז, אז איך בין איבערצייגט אין דעם וואס איך זאג? און ווי איז, אז איך דענק, אז איך האב זיך נאך ניט אויסגעדריקט שטארק גענוג?

— איך פארשטעה אייך ניט.

— טאקע? נו, איצט זעה איך, אז איך האב טאקע איבער־טריבען אייער פעהיגקייט צו באמערקען זאכען.

— וואס מיינט איהר?

ארקאדי האט גארניט געענטפערט און האט זיך אפגעקערט, און קאטיא האט אפגעזוכט אין קערבעל נאך עטליכע ברעקלאך און האט זיי אנגעהויבען צוווארפען פאר די שפערלינגען, אבער דער מאך פון איהר האנט איז געווען צו שטארק און זיי זיינען אוועק־געפלויגען, ניט אויפפיקענדיג זיי.

— קאטערינא סערגעיעווגא! — האט ארקאדי פלוצלונג אנ־געהויבען: — ס׳איז אייך מסתמא אלץ איינס, אבער ווייסט, אז ניט נאר אויף אייער שוועסטער, נאר אויף קיינעם אין דער וועלט וואלט איך אייך ניט פארביטען.

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז אויף גיך אוועק, ווי ער וואלט זיך דערשראקען פאר די ווערטער, וועלכע האבען זיך ביי איהם פון צונג ארויסגעריסען.

קאטיא׳ס הענט, צוזאמען מיט דער קערבעלע, זיינען אראפגע־פאלען אויף איהר קניע, און איינגעבויגענדיג איהר קאפ האט זי לאנג נאכגעקוקט ארקאדי׳ן. ביסלאכווייז האט זיך באוויזען א רויטקייט אויף איהרע באקען, אבער די ליפען האבען ניט געשמייכעלט, און איהרע טונקעלע אויגען האבען אויסגעדריקט פארלעגענהייט און עפעס נאך אן אומקלאהרען געפיהל.

— דו ביזט אליין? — האט זי דערהערט לעבען איהר אנא סערגעיעוונא׳ס קול, — דוכט זיך, אז דו ביזט אוועק אין גארטען מיט ארקאדי׳ן.

קאטיא האט לאנגזאם איהרע אויגען אויפגעהויבען צו דער שוועסטער (עלעגאנט און געשמאקפול אנגעטאן איז זי געשטאנען אויפ׳ן שטעגעל און מיט דעם שפיץ פון איהר פארעסאן האט זי זיך געשפיעלט מיט פיפי׳ס אויערען), און ניט איילענדיג האט זי געענטפערט:

— איך בין אליין.

— דאס זעה איך, — האט זי געענטפערט מיט א שמייכעל, — ער איז מסתמא אוועק צו זיך אין צימער.

— יא.

— איהר האט צוזאמען געלייענט?

— יא.

אנא סערגעיעוונא האט קאטיא׳ן אנגענומען פאר׳ן קין און האט אויפגעהויבען איהר פנים.

— איך האף, אז איהר האט זיך ניט צוקריעגט.

— ניין, — האָט קאַטיאַ געזאָגט, און זי האָט לאַנגזאַם אָפּגע־שטופּט איהר שוועסטער׳ס האַנד.

— ווי ערנסט דו ענטפערסט! איך האָב געדענקט צו טרע־פען איהם דאָ און פאַרלעגען איהם צו געהן מיט מיר שפּאַצירען. ער האָט דאָס מיר שוין אַ סך מאָל געבעטען. מ׳האָט דיר געבראַכט שיכלאַך פון שטאָדט, געה מעסט זיי אָן. איך האָב שוין נעכטען באַמערקט, אַז דיינע אַלטע זיינען שוין אָניגאַנצען אָפּגעטראָגען. דו ביזט אין אַלגעמיין נאָכלעסיג אין דער הינזיכט. דו האָסט אַזעלכע וואונדערבאַרע פיסלאַך! דיינע הענט זיינען אויך שעה־נע... אָבער גרויסע, — דאַרף מען אויסנעהמען מיט די פיסלאַך. אָבער דו ביזט ניט קיין קאָקעטקע.

אַנאַ סערגעיעוונא איז אַוועק מיט׳ן שטעגעל, לייכט רוישענדיג מיט איהר שעהנעם קלייד. קאַטיאַ האָט זיך אויפגעהויבען פון בענקעל, און נעהמענדיג מיט זיך היינע׳ן, איז זי אויך אַוועק — אָבער ניט אָנצומעסטען די שיכלאַך.

„וואונדערבאַרע פיסלאַך", האָט זי געטראַכט אַרויפגעהענדיג לאַנגזאַם און לייכט אויף די פון דער זון אָנגעברענטע שטיינערנע טרעפּ פון דער טעראַסע. — וואונדערבאַרע פיסלאַך, זאָגט איהר... נו, וועט ער פאַלען צו זיי.

זי האָט זיך אָבער גלייך פאַרשעמט און זי איז גיך אַרויפגע־לאָפען אין דער הויך.

אַרקאַדי איז דורכ׳ן קאָרידאָר געגאַנגען צו זיך אין צימער. דער הויז־אויפזעהער האָט איהם אָנגעיאָגט און האָט איהם גע־מאָלדען, אַז הערר באַזאַראָוו זיצט ביי איהם.

— יעווגעני! — האָט אַרקאַדי כמעט מיט שרעק אַרויסגע־זאָגט: — שוין לאַנג אַז ער איז געקומען?

— נאָר וואָס, און ער האָט ניט געהייסען מעלדען אַנאַ סער־געיעוונאַ׳ן, נאָר איך זאָל איהם פיהרען גלייך צו אייך.

„צי האָט עפּעס אַן אומגליק ניט געטראָפען ביי אונז אין דער היים", האָט אַרקאַדי אַ טראַכט געטאָן, און גיך אַרויפלויפענדיג אויף די טרעפּ האָט ער האַסטיג געעפענט די טיר. באַזאַראָוו׳ס

אויסזעהן האט איהם גלייך בארוהיגט, כאטש א מעהר גענייט אויג וואלט מעגליך ענטדעקט צייכענס פון אינערליכער אויפרעגונג אין דער אפגעפאלענער אבער נאך אלץ ענערגישער פיגור פון דעם אומערוואַרטעטען גאסט. מיט א פארשטויבטען מאנטעל אויף די פלייצעס, מיט דער היטעל אויפ׳ן קאפ איז ער געזעסען אויפ׳ן ראנד פונ׳ם פענסטער און האט זיך ניט אויפגעהויבען אויך דעמאלט, ווען ארקאדי איז ארויפגעפאלען אויף זיין האלז מיט הילכיגע אויס־געשרייען.

— גאר אומערוואַרט! ווי קומסטו אהער! — האט זיך אר־קאדי געוואונדערט, ווי א מענש, וועלכער רעדט זיך אליין איין און וויל ווייזען אנדערע, אז ער פרעהט זיך, — אלץ איז דאך ביי אונז אין ארדנונג, אלע זיינען געזונד, ניט אמת?

— אלץ איז ביי אייך אין ארדנונג, אבער ניט אלע זיינען גע־זונט, — האט באזאראוו געענטפערט. — און דו מאל ניט אזוי. היים מיר ברענגען קוואס און זעץ זיך אוועק און הער, וואס איך וועל דיר דערצעהלען אין עטליכע ווערטער, וועלכע איך האף, אז זיי וועלען זיין שטארק גענוג.

ארקאדי איז אנטשוויגען געווארען, און באזאראוו האט איהם דערצעהלט וועגען זיין דועל מיט פאוועל פעטראוויטש׳ען. אר־קאדי האט זיך שטארק פארוואונדערט, און איז אפילו אומעטיג געווארען, ער האט אבער ניט געפונען פאר נויטיג ארויסצואווייזען עס. ער האט נאר געפרעגט, אויב זיין פעטער׳ס וואונד איז טאקע ניט געפעהרליך? און קריגענדיג אן ענטפער, אז זי איז זעהר אינ־טערעסאנט, אבער ניט פון א מעדיצינישען שטאנדפונקט, האט ער מיט געוואלד א שמייכעל געטאן, אבער אויפ׳ן הארצען איז איהם שווער געווארען און ער האט זיך ווי פארשעמט. באזאראוו האט איהם אזוי ווי פארשטאנען.

— יא, ברודער, — האט ער געזאגט, — אט דאס הייסט לע־בען מיט פעאדאלען. דו ווערסט אליין א פעאדאל, און דו נעמסט אן אנטייל אין זייערע ריטערישע טורנירען. נו, פאהרענדיג אהיים צו מיינע „עלטערען“, — אזוי האט באזאראוו פארענדיגט, בין איך

אויפ'ן וועג פארפאהרען אהער... ניט כדי דיר איבערצוגעבען, ווען איך וואלט דיר אזוי געזאגט, וואלט עס געווען, אויב ניט קיין אומ־ניצליכער ליגען, איז — זיכער א נארישקייט. ניין, איך האב זיך פארקירעוועט אהער — דער טייוועל וויים נאך וואס. פאר־שטעהסט, פאר א מענשען איז א מאל נוצליך צו כאפען זיך אליין פאר די האר און ארויסצורייסען זיך, ווי א רעטאך פון א בייט; אט דאס האב איך געטאן מיט עטליכע טעג צוריק... מיר האט זיך אבער פארוואלט נאך א מאל א קוק טאן אויף דאס, מיט וואס איך האב זיך צושיידט, אויף יענער בייט, וואו איך האב זיך געפונען.

— איך האף, אז מיט די דאזיגע ווערטער מיינסטו ניט מיך, — האט ארקאדי געענטפערט מיט אומרוהיגקייט. — איך האף, אז דו ווילסט זיך ניט שיידען מיט מיר.

באזאראוו האט אויפמערקזאם, כמעט דורכדרינגליך א קוק גע־טאן אויף איהם.

— וואסי, עס וואלט דיר דען אזוי שטארק געערגערט? מיר שיינט, אז „דו" האסט זיך שוין צושיידט מיט מיר. דו ביזט אזא פרישענקער, אזא ריינינקער... מסתמא געהען דיינע געשעפטען גוט מיט אנא סערגעיעוונא'ן.

— וועלכע געשעפטען מיינע מיט אנא סערגעיעוונא'ן?

— וואסי, דו ביזט דען ניט צוליעב איהר געקומען אהער פון שטאדט, היהנדעלע? אגב, ווי געפעלען דיר די זונטאגדיגע שולען? וואסי, דו ביזט דען ניט פארליעבט אין איהר? אדער, אפשר האסטו שוין דערגרייכט די מדרגה פון באשיידענהייט?

— יעווגעני, דו ווייסט, אז איך בין אלע מאל געווען אפענהער־ציג מיט דיר. איך קאן דיר פארזיכערען, איך שווער דיר, אז דו האסט א טעות.

— הם! א נייער ווארט, — האט באזאראוו באמערקט אין דער שטיל, — דו דארפסט זיך אבער ניט ערגערען, מיר איז עס סיי ווי אלץ איינס. א ראמאנטיקער וואלט געזאגט: איך פיהל, אז אונזערע וועגען הויבען זיך אן פונאנדערצוגעהן, און איך זאג פשוט, אז מיר האבען איינער דעם אנדערען דערעסען.

— יעווגעני...

— נשמה מיינס, דאס איז קיין אומגליק נים. עס זיינען פאראן נאך גרעסערע זאכען וואס דערעסען! און איצט דענק איך, צי זאלען מיר זיך נים זעגענען? פאר דער צייט וואס איך זיץ דא, פיהל איך אזוי פאסקודנע, ווי איך וואלט זיך אנגעלייענט מיט גאגאל׳ס בריעף צו דער קאלוזשעסקער גובערנאטארשע. אגב, איך האב נים געהייסען אויסשפאנען די פערד.

— איך בעט דיר, ס׳איז נים שעהן.

— פאר וואס?

— איך רייד שוין נים וועגען זיך. דאס וועט אבער זעהר נים העפליך זיין קעגען אנא סערגעיעוונא׳ן, וועלכע וועט דיך זיכער וועלען זעהן.

— נו, אין דעם האסטו א טעות.

— און איך, וויעדער, בין זיכער, אז איך בין גערעכט, — האט ארקאדי געענטפערט. — און צו וואס מאכסטו זיך? אויב עס איז שוין יא געקומען צו רייד, און דו אליין ביזט דען נים געקומען צוליעב איהר?

— ס׳קאן זיין, אז דו האסט רעכט, נאר פונדעסטוועגען האסטו דאך א טעות.

ארקאדי איז אבער גערעכט געווען. אנא סערגעיעוונא האט פארלאנגט צו זעהן זיך מיט באזאראוו׳ן, און זי האט איהם איינגעלאדען צו זיך דורך דעם הויז־אויפזעהער. באזאראוו האט זיך איבערגעטאן, איידער ער איז אוועק צו איהר: ס׳האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער האט זיין נייעם קאסטיום איינגעפאקט אזוי, אז עס איז געווען גלייך אונטער׳ן האנט.

אדינצאווא האט איהם אויפגענומען נים אין יענעם צימער, וואו ער האט אזוי אונערווארט זיך ערקלערט איהר אין ליעבע, נאר אין גאסט־צימער. זי האט איהם פריינדליך אויסגעשטרעקט די שפיצען פון איהרע פינגער, אבער איהר פנים האט אויסגעדריקט א געצוואונגענע אנשטרענגונג.

— אנא סערגעיעוונא, — האט זיך באזאראוו צוגעאיילט צו

זאגען, — פריהער פאר אלץ דארף איך אייך בארוהיגען. פאר אייך שטעהט א שטערבליכער, וועלכער האט שוין לאנג פארגעסען און וועלכער האפט, אז אויך אנדערע האבען פארגעסען זיינע נאריש־קייטען. איך פאהר אוועק אויף לאנג, און איהר וועט צוגעבען, אז באטש איך בין ניט קיין ווייכער ווערען, פונדעסטוועגען וואלט זיך מיר ניט געוואלט אוועקפאהרען מיט דעם געדאנק, אז איהר וועט זיך דערמאנען וועגען מיר מיט אן עקעל.

אנא סערגעיעווגא האט טיעף אפגעזיפצט, ווי א מענש, וועל־כער איז נאר וואס ארויפגעקראכען אויף א הויכען בארג, און איהר פנים האט אפגעלעבט מיט א שמייכעל. זי האט נאך א מאל דערלאנגט באזאראוו'ן די האנט און האט געענטפערט אויף זיין האנטדרוק.

— ווער עס וועט דערמאנען דאס פארגאנגענע, יענעם זאל אן אויג ארויסקריכען, — האט זי געזאגט, — בפרט נאך, צו זיין אויפ־ריכטיג, האב איך אויך דעמאלט צוגעזינדיגט, אויב ניט מיט קא־קעטירען, איז מיט עפעס אנדערש. מיט איין ווארט: לאמיר זיין פריינד ווי פריהער. עס איז געווען א חלום, ניט אמת? און ווער געדענקט דען חלומות?

— ווער געדענקט זיי? דערצו נאך איז ליעבע... אן איינגע־רעדטער געפיהל.

— איז עס טאקע אזוי? ס'איז מיר זעהר אנגענעם צו הערען עס.

אזוי האט גערעדט אנא סערגעיעווגא און אזוי האט גערעדט באזאראוו. זיי האבען ביידע געמיינט, אז זיי זאגען דעם אמת. צי איז אבער געווען אמת, אבסאלוטער אמת אין זייערע ווערטער? זיי האבען עס אליין ניט געוואוסט, און נאך ווייניגער, דער אויטאר. צווישען זיי האט זיך אבער פארבונדען אזא געשפרעך, ווי זיי וואל־טען אבסאלוט געגלויבט איינער דעם צווייטען.

אנא סערגעיעווגא האט אויך באזאראוו'ן געפרעגט, וואס ער האט געטאן ביי די קירסאנאווס? ער האט איהר שיער ניט דער־צעהלט וועגען זיין דועל מיט פאוועל פעטראוויטש'ען. ער האט

זיך אָבער אָפּגעהאַלטען ביי דעם געדאַנק, אַז טאַטער וועט זי מיי־נען, אַז דאָס וויל ער זיך אויספיינען, און ער האָט איהר געענט־פערט, אַז ער האָט די גאַנצע צייט געאַרבייט.

— און איך, — האָט אַנאַ סערגעיעוונאַ געזאָגט, — בין די ערשטע צייט געווען מרה־שחורה׳דיג. איין גאָט ווייס פון וואָס. שטעלט זיך פאָר, אַז איך האָב זיך אַפּילו געקליבען קיין אויסלאַנד! דערנאָך איז עס פאַראיבערגעגאַנגען. אייער פריינד, אַרקאַדי ני־קאָלאַיטש איז געקומען, און איך בין ווידער אריין אין מיין קאָלעע, אין מיין אמת׳ער ראָלע.

— וואָס פאַר אַ ראָלע איז עס, ערלויבט מיר צו וויסען?

— די ראָלע פון אַ טאַנטע, פון אַ לעהרערין, פון אַ מאַמע׳ן, רופט עס ווי איהר ווילט. אגב, איהר ווייסט, אַז איך האָב פריהער גוט ניט פאַרשטאַנען פון וואַנען עס נעמט זיך ביי אייך אַזאַ אינ־טימע פריינדשאַפט מיט אַרקאַדי ניקאָלאַיטש׳ען. ער האָט מיר אויסגעזעהן צו זיין גאַנץ אומוויכטיג. אָבער איצט האָב איך איהם בעסער דערקאַנט, איך האָב זיך איבערציינט, אַז ער איז קלוג... און דערהויפּט, ער איז יונג, יונג... ניט אַזוי ווי איך מיט אייך, יעווגעני וואַסיליטש.

— ער שרעקט זיך נאָך אַלץ אין אייער אַנוועזענהייט? — האָט באַזאַראָוו געפרעגט.

— וואָס׳... — האָט שוין אַנאַ סערגעיעוונאַ געהאָט אָנגעהוי־בען, און אַ קלעהר געבענדיג אַ ווײַלע האָט זי צוגעלעגט: — איצט האָט ער שוין מעהר צוטרויען, ער רעדט מיט מיר. פריהער פלעגט ער מיך אויסמיידען. סיי ווי איך האָב זיין געזעלשאַפט אויך ניט געזוכט. ער חבר׳ט זיך שטאַרק מיט קאַטיאַ׳ן. — באַזאַראָוו׳ן איז געוואָרען פאַרדראָסיג. „אַ פרוי קאָן ניט, ניט נאַרען!“ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

— איהר זאָגט, אַז ער האָט אייך אויסגעמיטען, — האָט ער ארויסגערעדט מיט אַ קאַלטען שמייכעל, — ס׳איז אָבער מסתמא פאַר אייך ניט קיין געהיימניס, אַז ער איז אין אייך פאַרליעבט געווען?

— ווי? אויך ער? — האט זיך ארויסגעכאפט ביי אנא סער־געיעוונא'ן.

— אויך ער, — האט באזאראוו איבערגע'חזר'ט און האט זיך רוהיג פארנייגט. — ניט שוין זשע האט איהר עס ניט געוואוסט, ניט שוין זשע האב איך אייך א נייעס דערצהעלט?

אנא סערגעיעוונא האט אראפגעלאזט די אויגען.

— איהר האט א טעות, יעווגעני וואסיליטש.

— איך דענק אז ניט. אבער מעגליך, אז איך האב עס ניט געדארפט זאגען. — „דעם צווייטען מאל וועסטו וויסען ווי אזוי צו זיין אזוי קלוג", האט ער ביי זיך א טראכט געטאן.

— פארוואס האט איהר ניט געדארפט זאגען? איך דענק אבער, אז איהר גיט צופיעל באדייטונג צו א מאמענטאנעם איינדרוק. איך הויב אן חושד צו זיין, אז איהר האט ליעב צו פארגרעסערען זאכען.

לאמיר בעסער וועגען דעם ניט ריידען, אנא סערגעיעוונא.

— פאר וואס? — האט זי געזאגט, און אליין האט זי פארקי־רעוועט דעם געשפרעך אויף אן אנדער וועג. ס'איז איהר פונדעסט־וועגען ניט היימליך געוועזן מיט באזאראוו'ן, כאטש זי האט אי איהם געזאגט אי זיך פארזיכערט, אז אלץ איז פארגעסען. איבערבייטענ־דיג זיך מיט איהם מיט די פשוט'סטע רייד, אפילו שפאסענדיג מיט איהם, האט זי זיך געפיהלט ארומגעכאפט פון א לייכטען שרעק. אזוי ריידען און לאכען זארגלאזע מענשען אויף א שיף אין מי־טען ים, ווי זיי וואלטען זיך געפונען אויף א זיכערען באדען. נאר קוים טרעפט זיך עפעס, קוים באווייזט זיך דער קלענסטער צייכען פון עפעס אומגעוועהנליכעס, באווייזט זיך גלייך אויף אלעמענס פנימ'ער א מאדנע אומרוהיגקייט, וועלכע זאגט עדות אויף דעם שטענדיגען באוואוסטזיין פון א שטענדיגער געפאהר.

דער געשפרעך צווישען אנא סערגעיעוונען מיט באזאראוו'ן האט זיך לאנג ניט געצויגען. זי האט אנגעהויבען צו פארטראכטען זיך, און האט געענטפערט ניט צו דער זאך, און ענדליך האט זי איהם פארגעשלאגען איבערצוגעהן אין זאל, וואו זיי האבען געטראפען

די פירשטין און קאַטיאַ׳ן. „און וואו איז ארקאדי ניקאלאיעוויטש?״ האָט די באַלעבאָסטע געפרעגט, און הערענדיג, אַז ער האָט זיך שוין ניט באַוויזען איבער אַ שעה, האָט זי געשיקט נאָך איהם. מ׳האָט איהם ניט גיך געפונען: ער האָט זיך פארקליבען אין דער סאַמע געדיכטעניש פון גאָרטען, מיט זיין קין אַנגעשפּאַרט אויף פאַרלייגטע הענד, איז ער געזעסען פארטאָן אין געדאַנקען. זיי זיינען געווען טיעפע און וויכטיגע די דאָזיגע געדאַנקען, אָבער ניט אומעטיגע. ער האָט געוואוסט, אַז אַנאַ סערגעיעוונאַ זיצט אַליין מיט באַזאַראָוו׳ן, ער איז אָבער ניט געווען אויפערזיכטיג, ווי פריהער, פארקעהרט, זיין פּנים האָט שטיל געלויכטען ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז ער האָט זיך אויף עפּעס געוואונדערט און געפרעהט זיך, און עפּעס באַשלאָסען.

.26

דער פארשטאָרבענער אַדינצאָוו האָט ניט געליעבט קיין נייע איינפיהרונגען, ער האָט אָבער דערלאָזען „אַ געוויסע שפּיעל פון איידעלער קונסט״, און דעריבער האָט ער אויפגעשטעלט ביי זיך אין גאָרטען צווישען דער אָראַנזשעריי און דעם טייכעל, אַ געביידע פון רוסישע ציגעל, וואָס איז עהנליך געווען צו אַ גריכישען טעמפּעל. אויף דער הינטערשטער בלינדער וואַנט פון דעם טעמפּעל, זיינען געווען אויסגעמאַכט זעקס פראַמוגען פאַר סטאַטוען, — וועלכע אַדינצאָוו האָט זיך געקליבען אויסצושרייבען פון אויסלאַנד. די סטאַטוען האָבען מיט זיך געדאַרפט פאַרשטעלען: איינזאַמקייט, שווייגען, פאַרקלערטקייט, מעלאַנכאָליע, שעמעוודיגקייט און געפיהלפולקייט. איינע פון זיי, די געטין פון שווייגען, מיט אַ פינגער אויף די ליפּען, האָט מען שוין געהאַט געבראַכט און אוועקגעשטעלט, אָבער אין דעם זעלבען טאָג האָבען די הויף אינגעלאַך איהר אָראָפּגעקלאַפּט דעם נאָז, און כאָטש דער דערבייאיגער פלאַסטערער האָט זיך אונטערנומען צו צומאַכען איהר אַ נאָז „צוויי מאָהל אַזוי גוט ווי דער פריהערדיגער״, פונדעסטוועגען האָט אַדינ־

צאָו געהייסען איהר צונעהמען, און מ'האָט איהר אוועקגעשטעלט אין א ווינקעל פון דעם דרעש שייער, וואו זי איז אָפּגעשטאַנען א סך יאָהרען, אַנוואָרפענדיג אַן אַבערגלויבישען שרעק אויף די פּויערטעס. די פאָדערשטע זייט פון דעם טעמפּעל איז שוין לאַנג פאַרוואַקסען געוואָרען מיט געדיכטע בושעס: עס האָבען זיך נאָר געזעהן די שפּיצען פון די זיילען איבער דעם געדיכטען גרינס. אין טעמפּעל אַליין, איז אַפילו אין מיטען טאָג קיהל געווען. אַנאַ סערגעיעוונאַ האָט ניט ליעב געהאַט צו באַזוכען דעם דאָזיגען אָרט, זינט זי האָט דאָרט דערזעהן א שלאַנג, אָבער קאַטיאַ פּלעגט אָפט קומען זיך זעצען דאָרטען אויף דער גרויסער שטיינערנער באַנק, וועלכע האָט זיך געפונען אינטער איינער פון די פּראַמוגען. אַרומגערינגעלט מיט פרישקייט און מיט שאָטען, האָט זי געליי־ענט, געאַרבייט, אָדער זי פלעגט זיך איבערגעבען יענעם געפיהל פון פאָלשטענדיגער שטילקייט, וועלכער איז געווים יעדען באַקאַנט, ס'איז יענער וואונדערבאַרער געפיהל, וועלכער באַשטעהט אין דעם קוים באַוואוסטזיניגען שטומען צוהערען זיך צו די ברייטע לעבענס וועללען, וועלכע דרעהען זיך אַרום אונז און אין אונז אַליין.

אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך באַזאַראָוו'ס קומען, איז קאַטיאַ געזעסען אויף איהר באַליעבטער באַנק, און לעבען איהר איז ווידער געזעסען אַרקאַדי. ער האָט איהר געבעטען געהן מיט איהם אין „טעמפּעל".

ביז אָנבייסען איז נאָך פאַרבליבען א שעה צייט. דער טוי־איגער פריהמאָרגען האָט זיך אומגעביטען מיט דעם הייסען טאָג. אויף אַרקאַדי'ס פּנים איז נאָך געלעגען דער נעכטיגער אויסדרוק, קאַטיאַ האָט אויסגעזעהן פאַרזאָרגט. איהר שוועסטער, האָט איהר גלייך נאָכ'ן טהעע טרינקען אַריינגערופען צו זיך אין קאַבינעט, און גלעטענדיג איהר, וואָס דאָס האָט קאַטיאַן שטענדיג אַביסעל געשראָקען, האָט זי איהר געראָטען צו זיין מעהר פאָרזיכטיג אין איהר אויפפיהרונג מיט אַרקאַדי'ן, און איבערהויפּט אויסצומיידען באַזונדערע געשפּרעכען מיט איהם, וועלכע זיינען באַמערקט גע־וואָרען פון דער טאַנטע און פון אַלעמען אין הויז. אחוץ דעם,

איז אַנאַ סערגעיעווונאַ נאָך נעכטען ביינאַכט ניט געווען אויפגע־לייגט, און קאַטיאַ אַליין האָט אויך שלעכט געפיהלט, ווי זי וואָלט אנערקענט איהר שולד. נאָכגעבענדיג ארקאַדי׳ס פאַרלאַנג, האָט זי געקלעהרט ביי זיך, אַז עס איז דאָס לעצטע מאָהל.

— קאַטערינאַ סערגעיעוונאַ, — האָט ער אָנגעהויבען מיט עפּעס אַזאַ שעמעוודיגער לייכטקייט, — פון יענער צייט אָן, וואָס איך האָב דאָס גליק צו וואוינען מיט אייך אין איין הויז, האָב איך מיט אייך גערעדט וועגען אַ סך זאַכען, ס.איז נאָך.אָבער פאַראַן נאָך איין פראַגע, וועלכע איז וויכטיג... פאַר מיר, צו וועלכער איך האָב זיך נאָך ניט צוגעריהרט. איהר האָט נעכטען געמאַכט אַ באַ־מערקונג, אַז מ׳האָט מיך דאָ איבערגעמאַכט, — האָט ער פאָרט־געזעצט, כאַפּענדיג און אויסמיידענדיג קאַטיאַ׳ס פרעגענדיגען קוק, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט אויף איהם. — איך האָב זיך טאַקע אַ סך איבערגעביטען, און איהר ווייסט עס בעסער ווי אימיצער אנדערש. — איהר, וועמען איך האָב צו פאַרדאַנקען פאַר מיין אי־בערגעאַנדערשט ווערען.

— איך?... מיר?... האָט קאַטיאַ געפרעגט

— איך בין שוין איצט מעהר ניט יענער אָנגעבלאָזענער אינ־געל, וואָס איך בין געווען, ווען איך בין געקומען אַהער, — האָט ארקאַדי פאָרטגעזעצט. — ניט אומזיסט איז דאָך שוין מיר געוואָ־רען דריי־און־צוואַנציג יאָהר. איך וויל איצט אויך נוצליך זיין, איך וויל ווידמען אַלע מיינע כחות דעם אמת, אָבער מיינע אידע־אַלען זוך איך שוין ניט דאָרטען, וואו איך האָב זיי פריהער גע־זוכט, זיי שטעלען זיך מיר איצט פאָר... אַ סך נעהנטער. ביז איצט האָב איך זיך ניט פאַרשטאַנען, און איך האָב זיך פאָרגע־נומען זאַכען, וועלכע זיינען געווען ניט פאַר מיינע כחות... מיינע אויגען האָבען זיך ניט לאַנג אויפגעעפענט, אַ דאַנק אַ געוויסען געפיהל... איך דריק זיך ניט אויס קלאָהר גענוג, אָבער איך האָף, אַז איהר וועט מיך פאַרשטעהן...

קאַטיאַ האָט גאָרניט געענטפערט, זי האָט אָבער אויפגעהערט צו קוקען אויף ארקאַדי׳ן.

— איך דענק, — האָט ער איבעראַניים אָנגעהויבען, שוין מיט אַ מעהר אויפגערעגטער שטימע, און איבער איהם האָט זיך אַ פינק זאָרגלאָז צוזונגען אין די בלעטער פון דער בערעזע. איך דענק, אַז עס איז די פליכט פון יעדען אָרענטליכען מענשען צו זיין אינ־גאַנצען אָפּענהערציג מיט יענע... מיט יענע מענשען, וועלכע... מיט איין וואָרט, מיט מענשען, וועלכע זיינען איהם נאָהענט, און דעריבער בין איך... בין איך ענטשלאָסען...

אָבער דאָ האָט די בלומען־שפּראַך אַרקאַדי׳ן פאַרלאָזען. ער האָט זיך צוטומעלט, האָט אָנגעהויבען שטאַמלען און איז געצוואונ־גען געווען צו שווייגען אַ ווײלע. קאַטיאַ האָט נאָך אַלץ די אויגען ניט אויפגעהויבען. ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט ניט פאַרשטאַ־נען וואוהין דאָס אַלץ פיהרט, און אַז זי האָט עפּעס ערוואַרט.

— איך זעה פאָראויס, אַז איהר וועט זיך וואונדערען, — האָט אַרקאַדי אָנגעהויבען, ווידער אָננעהמענדיג זיך מיט כחות, — בפרט נאָך אַז דער געפיהל איז ביז אַ געוויסען גראַד פאַרבונדען... באַ־מערקט, ביז אַ געוויסען גראַד פאַרבונדען — מיט אייך. איך גע־דענק, אַז איהר האָט מיר נעכטען פאָרגעוואָרפען, אַז איך בין ניט גענוג ערנסט, — האָט אַרקאַדי פאָרטגעזעצט, מיט דעם אויסזעהן פון אַ מענשען וואָס איז אַריינגעקראָכען אין אַ בלאָטע, און וועל־כער פיהלט, אַז מיט יעדען טראָט קריכט ער אריין אַלץ מעהר און מעהר, און פונדעסטוועגען איילט ער פאָראויס, האָפענדיג אַז ער וועט באַלד אַרויסקריכען. — דער דאָזיגער פאָרוואורף איז אָפט געציעלט... און פאַלט... אויף יונגע מענשען, וועלכע פאַרדינען עס שוין אַפילו ניט, און ווען איך וואָלט געהאַט מעהר זעלבסטווירדע...

(„נו, העלף זשע מיר, העלף!“ האָט אַרקאַדי געטראַכט אין פאַר־צווייפלונג, אָבער קאַטיאַ האָט ווי פריהער ניט אָפּגעקעהרט איהר קאָפּ). ווען איך וואָלט געקענט האָפען...

—ווען איך וואָלט געקענט זיכער זיין אין דעם, וואָס איהר זאָגט, — האָט זיך דערהערט אין דעם זעלבען אויגענבליק אַנאַ סערגעיעוונאַ׳ס קלאָהרע שטימע.

אַרקאַדי איז גלייך אַנטשוויגען געוואָרען, און קאַטיאַ איז

בלייך געווארען. לעבען די סאמע בושעס, וואס האבען פאר־שטעלט דעם טעמפעל, האט זיך געצויגען א שטעגעלע. אנא סער־געיעווונא איז געגאנגען איבער איהר אין דער באגלייטונג פון באַ־זאראוו'ן. קאטיא און ארקאדי האבען זיי נ'ט געקאנט זעהן. זיי האבען אבער געהערט יעדעס ווארט, דאס שארכען פון קלייד, אפילו דאס אטעמען. זיי זיינען אפגעגאנגען עטליכע טריט און האבען זיך ווי מיט א כיון אפגעשטעלט פונקט קעגען טעמפעל.

— איהר זעהט, — האט אנא סערגעיעווונא פארטגעזעצט, — מיר האבען ביידע א טעות געהאט. מיר זיינען שוין ביידע ניט פון דער ערשטער יוגענד, דערהויפט איך. מיר האבען געזעהן דאס לעבען, מיר זיינען מיעד געווארען. מיר זיינען ביידע, צו וואס צערעמאניען זיך? — קלוג: אין אנהויב האבען מיר פאראינטע־רעסירט איינער דעם צווייטען, די נייגעריגקייט איז ערוועקט גע־ווארען... און נאכדעם...

— און דערנאך בין איך געווארען אלט־געבאקען, — האט באַ־זאראוו אונטערגעכאפט.

— איהר ווייסט, אז דאס איז ניט די אורזאכע פון אונזער ענ־דערונג. אבער וואס עס זאל ניט האבען געווען, מיר האבען זיך מעהר איינער אין דעם אנדערען ניט גענויטיגט. אט דאס איז די הויפט־זאך, אין אונז איז געווען צופיעל... ווי זאל איך עס זאגען... צופיעל עהנליכעס. מיר האבען עס ניט גלייך פארשטאנען, אבער ארקאדי...

— איהר נויטיגט זיך אין איהם? — האט באזאראוו געפרעגט.

— הערט אויף, יעווגעני וואסיליטש. איהר זאגט, אז ער איז צו מיר ניט גלייכגילטיג, און מיר אליין האט זיך אויך שטענדיג אויסגעוויזען, אז איך געפעהל איהם. איך ווייס, אז איך וואלט געקאנט זיין זיין טאנטע, איך וויל אבער פון אייך ניט פארבאַ־האלטען, אז איך האב אנגעהויבען אפטער צו קלעהרען וועגען איהם. אין דעם דאזיגען יונגען פרישען געפיהל איז פאראן עפעס אזא רייץ...

— דאס ווארט „צויבערהאפט" באנוצט מען מעהר אין אזעלכע

פעלע, — האט באזאראוו איבערגעשלאגען, און אין זיין רוהיגען פארשטיקטען קול האט זיך געפיהלט, אז די גאל קאכט אין איהם, — ארקאדי האט זיך נעכטען עפעס אויסבאהאלטען פון מיר, און ער האט ניט גערעדט, ניט וועגען אייך און ניט וועגען אייער שוועס־טער... ס׳איז א וויכטיגער סימפטאם.

— ער איז מיט קאטיא׳ן פונקט ווי א ברודער, האט אנא סערגעיעווגא געזאגט, — און דאס געפעהלט מיר אין איהם, כאטש איך האב אפשר ניט געדארפט דערלאזען צו אזא נאהנקייט צווישען זיי.

— דאס רעדט אין אייך די... שוועסטער? — האט באזאראוו געפרעגט אויסציהענדיג זיינע ווערטער.

— געוויס... אבער וואס שטעהען מיר? לאמיר געהן. ס׳ארא מאדנעם געשפרעך מיר האבען, ניט אמת? און האב איך דען גע־קאנט ערווארטען, אז איך וועל אזוי ריידען מיט אייך? איהר ווייסט, אז איך האב מורא פאר אייך... און אין דערזעלבער צייט האב איך צוטרויען צו אייך, ווייל אין דער אמת׳ען זיינט איהר זעהר א גוטער.

— ערשטענס בין איך גארניט קיין גוטער, און צווייטענס האב איך אנגעווארען מיין גאנצע באדייטונג פאר אייך, און איהר זאגט מיר, אז איך בין א גוטער... ס׳איז די זעלבע זאך, ווי לעגען א קראנץ בלומען אויף דעם קאפ פון א טויטען.

— יעווגעני וואסיליעוויטש, עס ווענדעט זיך ניט אן אונז... — האט אנא סערגעיעווגא אנגעהויבען. — ס׳איז אבער אנגעפלויגען א ווינט, האט א רויש געטאן מיט די בלעטער און האט פארטראגען איהרע ווערטער.

— איהר זייט דאך פריי, — האט באזאראוו געזאגט אין א ווייל ע ארום. מעהר האט מען גארניט געקאנט הערען. די טריט האבען זיך דערווייטערט... ס׳איז שטיל געווארען.

ארקאדי האט זיך אויסגעדרעהט צו קאטיא׳ן. זי איז געזעסען אין דערזעלבער פאזע, איהר קאפ נאר איז געווען נאך נידעריגער אראפגעלאזען.

— קאַטערינאַ סערגעיעווּנאַ, — האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ ציטעריגען קול און מיט צונויפגעדריקטע הענט: איך האָב אייך ליעב אויף אייביג און וועל קיינמאָל ניט אויפהערען צו ליעבען אייך, און אויסער אייך האָב איך קיינעם ניט ליעב. איך האָב עס אייך געוואָלט זאָגען, הערען אייער מיינונג און בעטען אייער האַנט, ווייל איך בין אויך ניט רייך, און איך פיהל, אַז איך בין גרייט מקריב צו זיין... איהר ענטפערט ניט? איהר גלויבט מיר ניט? איהר דענקט, אַז איך רייד לייכטזיניג? דערמאָנט זיך נאָר אָן די לעצטע טעג! ניט שוין זשע האָט איהר זיך שוין לאַנג ניט איבערציוגט, אַז אַלץ פון דאָס פריהערדיגע — פאַרשטעהט מיך — אַלץ, פון דאָס פריהעריגע, איז לאַנג פאַרשוואונדען, ניט איבערלאָזענדיג קיין שפּור? גיט אַ קוק אויף מיר, זאָגט מיר איין וואָרט... איך ליעב אייך... איך ליעב אייך... גלויבט מיר!

קאַטיאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף אַרקאַדיין מיט אַן ערנסטען לייכטיגען קוק און, נאָך אַ לאַנגען קלעהרען, קוים אַ שמייכעל געבענדיג, האָט זי אַרויסגעזאָגט:

— יאָ.

אַרקאַדי איז אויפגעשפּרונגען פון בענקעל.

— יאָ! איהר האָט געזאָגט: יאָ, קאַטערינאַ סערגעיעווּנאַ! וואָס באַדייט דער וואָרט? צי מיינט עס, אַז איך האָב אייך ליעב, אַז איהר גלויבט מיר... אָדער... אָדער... איך וואָג ניט צו ענדיגען...

— יאָ, — האָט קאַטיאַ איבערגע׳חזר׳ט, און דאָס מאָל האָט ער איהר פאַרשטאַנען. ער האָט אָנגעכאַפּט איהרע גרויסע שעהנע הענט, און פאַרגעהענדיג זיך פאַר פרייד, האָט זי צוגעדריקט צו זיין האַרץ. ער איז קוים געשטאַנען אויף די פיס און האָט אַלץ געשעפּטשעט: „קאַטיאַ, קאַטיאַ...“ און זי האָט עפּעס אַזוי אומשולדיג אָנגעהויבען וויינען, אַליין שטיל לאַכענדיג פון איהרע טרערען. דער וואָס האָט ניט געזעהן אַזעלכע טרעהרען אין די אויגען פון אַ ליעבען וועזען, יענער וויים נאָך ניט, ביז וואָס פאַר אַ גראַד אַ מענש קאָן גליקליך זיין אויף דער ערד, פאַרגעהענדיג זיך פון דאַנקבאַרקייט און שעמעוודיגקייט.

אויפ'ן צווייטען טאג באלד אין דער פריה, האט אנא סערגע־יעוונא געשיקט רופען באזאראוו'ן צו זיך אין קאבינעט און מיט א געצוואונגענעם געלעכטער האט זי איהם דערלאנגט אן אויפגעלעג־טען בייגעלע פאסט־פאפיער. דאס איז געווען א בריעף פון אר־קאדיי'ן: ער האט אין איהם געבעטען איהר שוועסטער'ס האנט.

באזאראוו איז גיך דורכגעלאפען דעם בריעף, און האט זיך אנגעשטרענגט ניט ארויסצואווייזען זיין בייזוויליגען געפיהל, וועל־כער האט מאמענטאן אויפגעברענט אין זיין ברוסט.

— אזוי גאר, — האט ער געזאגט, — און איהר האט, דוכט זיך, ערשט ניט פריהער ווי נעכטען, געדענקט, אז ער האט ליעב קאטערינא סערגעיעוונא'ן ווי א ברודער. וואס זשע דענקט איהר איצט צו טאן?

— וואס איז „אייער" עצה? — האט אנא סערגעיעוונא גע־פרעגט, ניט אויפהערענדיג צו לאכען.

— איך דענק, — האט באזאראוו געענטפערט אויך מיט א געלעכטער, כאטש איהם איז גארנישט פרעהלאך געווען און איהם האט זיך גארניט געוואלט לאכען, פונקט אזוי ווי איהר:

— איך דענק, אז די פארליעבטע דארפען קריגען אייער ברכה. דער שידוך איז אין אלע אופנים א גוטער. קירסאנאוו איז א פארמעג־ליכער מענש, ער איז א בן־יחיד ביי זיין טאטען, און דער טאטע איז אויך א וואוילער, ער וועט איהם ניט שטערען.

אדינצאווא איז זיך דורכגעגאנגען איבער'ן צימער. איהר פנים האט זיך געביטען אין קאלירען.

— איהר דענקט אזוי? — האט זי געזאגט. — נו, וואס? איך זעה ניט קיין שטערונג... עס פרעהט מיר פאר קאטיא'ן... און פאר ארקאדי ניקאלאיעוויטש'ען. ס'פארשטעהט זיך, איך וועל צוואר־טען אויף זיין טאטענ'ס ענטפער. איך וועל ארקאדיי'ן אליין צו איהם שיקען. איהר זעהט, ס'קומט אויס, אז איך האב נעכטען רעכט געהאט, ווען איך האב אייך געזאגט, אז מיר ביידע זיינען שוין אלטע מענשען... ווי אזוי האב איך עס ניט געקאנט זעהן? אט דאס וואונדערט מיך!

אנא סערגעיעווגא האט זיך ווידער צולאכט, און האט זיך גלייך אפגעקעהרט.

— די היינטיגע יונגווארג איז זעהר שלוי געווארען, — האט באזאראוו באמערקט, און האט זיך אויך צולאכט. — פארבלייבט געזונד, — האט ער ווידער אנגעהויבען, נאך א קורצען שווייגען. — איך ווינשט אייך, אז איהר זאלט עס ענדיגען אויפ'ן בעסטען אופן, און איך וועל זיך פרעהען פון וויטען.

אדינצאווא האט זיך גיך צו איהם אומגעדרעהט.

— וואסי, איהר פאהרט דען אוועק? פאר וואס זאלט איהר „איצט" ניט בלייבען? בלייבען דא... מיט אייך איך פרעהלאך צו ריידען... עפעס אזוי ווי דו געהסט אויפ'ן ברעג פון אן אפּ־גרונט. אין אנהויב ציטערסטו, און נאכדעם, דו ווייסט אליין ניט פון וואס, אבער דו ווערסט מוטיג. בלייבט דא.

א דאנק פאר דעם פארשלאג, אנא סערגעיעווגא, און פאר דעם שמייכעלהאפטען מיינונג וועגען מיין רעדנער־טאלאנט. איך דענק אבער, אז איך האב זיך שוין אזוי אויך צו לאנג ארומגעדרעהט אין א ספערע, וועלכע איז מיר פרעמד. פליהענדע פיש קאנען זיך א קורצע ווילע האלטען אין דער לופטען, אבער נאכדעם פאלען זיי ווידער אריין אין וואסער. ערלויבט זשע מיר אריינצופאלען אין מיין אייגענער ספערע.

אדינצאווא האט א קוק געטאן אויף באזאראוו'ן. א ביטערער שמייכעל האט א ציה געטאן זיין בלייכען פנים. „אט דער האט מיך געליעבט!" — האט זי א קלעהר געטאן — ס'האט איהר לייד געטאן פאר איהם, און זי האט מיט מיטגעפיהל איהם אויסגע־שטרעקט איהר האנט.

ער האט איהר אבער אויך פארשטאנען.

— ניין! — האט ער געזאגט, און האט זיך א ציה געטאן אויף הינטער. — איך בין א מענש אן ארימער, אבער קיין נדבות האב איך נאך ביז איצט ניט גענומען. פארבלייבט געזונד.

— איך בין זיכער, אז מיר זעהען זיך עס ניט צום לעצטען

מאָל, — האָט אַנאַ סערגעיעוונאַ געזאָגט מיט אַ געצוואונגענער באַוועגונג.

— ס׳קאָן אַלץ טרעפען אויף דער וועלט! — האָט באַזאַראָוו געענטפערט. ער האָט זיך פאַרנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

— הייסט עס, אַז דו האָסט באַשלאָסען צו פּלעכטען פאַר זיך אַ נעסט? — האָט ער דעמזעלבען טאָג געזאָגט צו אַרקאַדיין שטע־הענדיג איינגעבויגען איבער זיין טשעמאָדאַן און אויפלעגענדיג זיינע זאַכען. — נו, וואָס? ס׳איז אַ גוטע זאַך. אָבער אומזיסט האָסטו זיך אַזוי שלוי אויסבאַהאַלטען. איך האָב פון דיר ערוואַרט גאָר אַן אַנדער דירעקציע. אָדער, אפשר איז דאָס פאַר דיר אויך געווען אומערוואַרט?

— איך האָב עס טאַקע ניט ערוואַרט, ווען איך האָב זיך גע־זעגענט מיט דיר, — האָט אַרקאַדי געענטפערט: — אָבער פאַר וואָס ביזטו אַליין ניט אַזוי אויפריכטיג און זאָגסט: „ס׳איז אַ גוטע זאַך“, פונקט ווי איך וואָלט ניט געוואוסט דיין מיינונג וועגען דעם שידוך?

— עך, ליעבער פריינד, — האָט באַזאַראָוו געזאָגט. — ווי דו דריקסט זיך עס אויס! דו זעהסט, וואָס איך טו: אין טשעמאָ־דאַן איז פאַראַן אַ ליידיגער אָרט, שטאָפּ עס אָן מיט היי. אַזוי איז אונזער לעבענס־טשעמאָדאַן, מ׳שטאָפּט איהם אָן מיט וואָס ניט איז, אַבי אויסצופילען די פוסטקייט. באַליידיג זיך ניט, איך בעט דיר: דו געדענקסט דאָך מסתמא, וואָס פאַר אַ מיינונג איך האָב אַלע מאָל געהאַט וועגען קאַטערינאַ סערגעיעוונאַ׳ן. אַן אַנדער מיידעל שמ׳ט פאַר אַ קלוגע דערפאַר, ווייל זי זיפצט קלוג, אָבער דיינע קאָן איהר שטעטעל באַשטעהן, און זי וועט עס אַזוי באַשטעהן, אַז זי וועט דיך אויך אין די הענט נעהמען. נו, אָבער אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין, — ער האָט פאַרהאַקט דעם צודעק און האָט זיך אויפגעהויבען פון דיל. — און איצט זאָג איך דיר נאָך אַמאָל, ביים געזעגענען זיך... ווייל עס איז זיך ניטאָ וואָס צו נאַרען! — מיר זעגענען זיך אויף שטענדיג, און דו פיהלסט עס אַליין אויך... דו האָסט קלוג געהאַנדעלט, דו ביזט ניט באַשאַפען

געווארען פאר אונזער ביטערען שווערען ארימען לעבען. דו האסט ניט, ניט קיין חוצפה, ניט קיין בייזקייט, דו האסט נאר יונגען מוטה און יונגען רייץ. פאר אונזער זאך טויג עס ניט. מענשען פון אייער סארט, פון אייער שטאנד, האבען אין זיך אזא איידעלע עניוות׳דיגקייט און אזא איידעלען כעס, אבער ווייטער פון דעם געהט עס ניט, און דאס איז גארניט ווערט. איהר, צוםביישפיעל, שלאגט זיך ניט — און איהר האלט זיך פאר העלדען, — און מיר ווילען זיך שלאגען. אונזער שטויב וועט דיר די אויגען אויסעסען, אונזער בלאטע וועט דיך אויסשמירען, דו ביזט אבער צו אונז ניט דערוואקסען. ניט ווילענדיג באוואונערסטו דיך. דיר איז אנגענעהם אליין דיך צו זידלען, און אונז איז עס לאנגווייליג — מיר דארפען האבען אנדערע! מיר ווילען ברעכען יענעם! דו ביזט א וואוילער בחור, אבער א ווייכינקער, א ליבעראלער פריצ׳ל. — „ע וואלאטו“, ווי מיין טאטע זאגט.

— דו זעגענסט זיך מיט מיר אויף שטענדיג, יעווגעני? — האט ארקאדי געזאגט מיט אן אומעטיגען קול: — און דו האסט פאר מיר ניט קיין אנדערע ווערטער?

באזאראוו האט זיך א קראץ געטאן דעם נאקען.

— איך האב, ארקאדי. איך האב אויך אנדערע ווערטער, איך וועל זיי אבער ניט ארויסזאגען, ווייל עס איז ראמאנטיזם. — דאס הייסט: נאריש ווערען. און דו האב וואס גיכער חתונה, בוי דיין נעסט און מאך וואס מעהר קינדער. זיי וועלען זיין קלוג שוין דער־פאר אליין, וואס זיי ווערען געבוירען אין דער ריכטיגער צייט, ניט אזוי ווי מירביידע. עהע! איך זעה, איך זעה אז די פערד זייי־נען שוין געשפאנט. ס׳איז צייט! מיט אלעמען האב איך זיך געזעגענט... נו, וואס? ארומנעמען זיך?

ארקאדי האט זיך אווארף געטאן אויפ׳ן האלז פון זיין געווע־זענעם לעהרער און פריינד, און טרעהרען האבען זיך א גאס געטאן פון זיינע אויגען.

— אט דאס הייסט יונגנד! — האט באזאראוו רוהיג געזאגט. —

איך פארלאז זיך אבער אויף קאטערינא סערגעיעוונא׳ן. וועסט זעהן, ווי גיך זי וועט דיך בארוהיגען!

— זיי געזונט, ברודער! — האט ער געזאגט צו ארקאדיין, שוין ארויפקריכענדיג אויפ׳ן וואגען און, אנווייזענדיג אויף א פאר דאהלען וואס זיינען געזעסען איינס נעבען צווייטען אויפ׳ן דאך פון שטאהל, האט ער צוגעלעגט: — קוק זיך איין און לערען זיך!

— וואס באטייט עס? — האט ארקאדי געפרעגט.

— ווי? דו ווייסט אזוי וועניג נאטור־געשיכטע, אדער דו האסט פארגעסען, אז די דאהלע איז דער רעספעקטאבעלסטער פאמיליען־פויגעל? נעהם זיך א ביישפיעל! פארבלייבט געזונט, „סיניאר“.

דער וואגען האט א סקריפע געטאן און האט זיך אוועקגעקייקעלט.

באזאראוו האט געטראפען. פארברענגענדיג פארנאכט מיט קאטיא׳ן, האט ארקאדי אין גאנצען פארגעסען אויף זיין לעהרער. ער האט שוין אנגעהויבען אונטערטעניג צו זיין, און קאטיא האט דאס געפיהלט, און האט זיך ניט געוואונדערט. אויפ׳ן צווייטען טאג האט ער געדארפט פאהרען אין מארינא, צו ניקאלאי פעטראוויטש׳ן. אנא סערגעיעוונא האט ניט געוואלט שטערען די יונגע מענשען, זי האט נאר פון אנשטענדיגקייט וועגען זיי ניט געלאזען צו לאנג אליין. זי האט גרויסמוטיג נעהאלטען פון ווייטען דער פירשטין, ביי וועלכער עס האט זיך געשטעלט טרעהרען אין די אויגען פון כעס, ווען זי האט זיך דערוואוסט וועגען דעם פארשטעהענדיגען שדוך. אין אנהויב האט אנא סערגעיעוונא מורא געהאט, אז זייער גליק זאל איהר אליין ניט פאלען צו לאסט. עס האט זיך אבער אויסגעלאזט פארקעהרט: עס האט איהר נאך אינטערעססירט, און ענדליך איז זי געריהרט געווארען. אנא סערגעיעוונא האט זיך אי געפרעהט, אי ס׳איז איהר אומעטיג געווארען. „קענטיג, אז באזאראוו איז גערעכט“, האט זי א טראכט געטאן. „נייגעריגקייט, נאר נייגעריגקייט, און די ליעבע צו רוהיגקייט און עגאאיזם“...

— קינדער! — האָט זי הויך אַרויסגעזאָגט, — וואָס, ליעבע איז אַן איינגערעדטער געפיהל?

אָבער קאַטיאַ און אַרקאַדי האָבען איהר אַפילו ניט פאַרשטאַנען. זיי האָבען זיך געשראָקען פאַר איהר, דער געשפּרעך, וועלכען זיי האָבען ניט ווילענדיג אונטערגעהערט איז זיי פון קאָפּ ניט אַרויס. סיי ווי, אַנאַ סערגעיעווונאַ האָט זיי גיך באַרוהיגט, און עס איז איהר ניט שווער געווען: זי האָט זיך אַליין באַרוהיגט.

.27

באַזאַראָווים עלטערען האָבען זיך ניט געריכט אויף איהם, דעריבער איז די שמחה פון זיין פּלוצלינגען אָנקומען געווען נאָך גרעסער. אַרינאַ וולאַסיעוונאַ איז אַזוי צוטומעלט געוואָרען, און האָט אַזוי אָנגעהויבען אַרומצולויפען איבער'ן הויז, אַז וואַסילי איוואַנאָוויטש האָט איהר פאַרגליכען צו אַ „הוהן": דער קורצער עקעל פון איהר יאַקעל האָט איהר טאַקע צוגעגעבען אַ פויגעלשען אויסזעהן. און אַליין האָט ער נאָר געברומט און געביסען פון דער זייט דעם ברושטין פון ציבאַק, און אָנכאַפּענדיג זיין האַלז מיט די פינגער, האָט ער געדרעהט מיט'ן קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט אויספּרובירען, אויב ס'איז גוט איינגעשרויפט, און מיט אַמאָל פלעגט ער עפענען דעם מויל און זיך צולאַכען אין זיך.

— איך בין געקומען צו דיר אויף גאַנצע זעקס וואָכען, אַלטער, — האָט צו איהם באַזאַראָוו געזאָגט: — איך וויל אַרבייטען, דעריבער זיי אַזוי גוט און שטער מיך ניט.

— דו וועסט אַפילו מיין פּנים פאַרגעסען, אַט ווי איך וועל דיר שטערען! — האָט וואַסילי איוואַנאָוויטש געענטפערט.

ער האָט געהאַלטען זיין צוזאָג. אָפּגעבענדיג איהם זיין קאַבינעט ווי פריהער, האָט ער זיך ניט נאָר אויסבעהאַלטען פון איהם, ער האָט נאָך אויך זיין ווייב איינגעהאַלטען, אַז זי זאָל איהם ניט דערעסען מיט איהר צערטליכקייט. „מיר, מאַמעלע מיינס", פלעגט

ער איהר זאָגען, — „האָבען יענושאַן אַביסעל דרעסען דעם ערשטען מאָהל, ווען ער איז געקומען צו אונז: איצט דאַרף מען קליגער זיין“. אַרינאַ וולאַסיעווגאַ האָט איינגעשטימט מיט איהר מאַנ'ס רייד, זי האָט אָבער ווייניג וואָס געהאַט פון דעם, ווייל זי האָט איהם נאָר געזעהן ביים עסען און זי האָט ממש מורא געהאַט ריידען מיט איהם. „יענושענקאַ“! פלעגט זיך ביי איהר אמאָל אַרויסכאַפּען, — און נאָך איידער יענער האָט צייט געהאַט זיך אומ־צודרעהען, פלעגט זי זיך שוין נעמען פאַר די שנירלאַך פון איהר האַנד־בייטעל און זאָגען: „גאָרניט, גאָרניט, איך האָב אַזוי זיך“, און דערנאָך פלעגט זי אַוועקגעהן צו וואַסילי איוואַנאָוויטשען, און איהם פרעגען, אונטערשפּאַרענדיג איהר באַק: „ווי אַזוי, טייערינ־קער, קען מען אויסגעפינען: וואָס יעניושאַ וויל היינט האָבען צו מיטאָג, געקעכטס אָדער אַ באָרשט?“ — פאַר וואָס האָסטו ביי איהם אַליין ניט געפרעגט? — „איך וועל איהם דרעסען!“ פלעגט זי זאָגען. סיי ווי אין גיכען האָט באַזאַראָוו אַליין אויפגעהערט צו פאַר־שפּאַרען זיך: דער חשק צו אַרבייטען האָט איהם פאַרלאָזען, זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען אַן אומעטיגע בענקשאַפט און אַן אומבאַשטימ־טע אומרוהיגקייט. אַ מאָדנע מיעדקייט האָט זיך געמערקט אין אַלע זיינע באַוועגונגען, אפילו זיין גאַנג; זיין פעסטער שטאָלצער מו־טיגער גאַנג איז אַנדערש געוואָרען. ער האָט אויפגעהערט צו שפּאַצירען אַליין, און ער האָט אָנגעהויבען צו זוכען געזעלשאַפט, טיי האָט ער געטרונקען אין גאַסט־צימער, האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער'ן גאָרטען מיט וואַסילי איוואַנאָוויטש'ען, און האָט שוויי־גענדיג גערויכערט מיט איהם. ער האָט זיך, אפילו, איינמאָל נאָכ־געפרעגט אויף דעם פאָטער אַלעקסיי. וואַסילי איוואַנאָוויטש, האָט זיך אין אָנהויב געפרעהט מיט דער דאָזיגער ענדערונג, זיין שמחה האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. „יעניושאַ צוברעכט מיר מיין האַרץ“, האָט ער זיך אין דער שטיל באַקלאָגט פאַר זיין ווייב, „ניט, וואָס ער איז אין כעס אָדער אומצופרידען, דאָס וואָלט נאָך ניט אויסגעמאַכט, ער ערגערט זיך, ער איז אומעטיג — אט וואָס ס'איז שרעקליך. ער שוויינט אַלץ, וואָלט ער אונז כאָטש

געזידעלט. ער ווערט מאגער, די פארב פון זיין פנים איז אזא קראַנקליכע! — „גאטעניו, גאטעניו!" האט די אלטע געשעפּ־טשעט: איך וואלט איהם אנגעטאָן א קמיע אויפ'ן האלז, ער וועט אבער ניט לאָזען." וואסילי איוואנאוויטש האט עטליכע מאל פרו־בירט, אויף א זעהר פארזיכטיגען אופן פאנאנדערפרעגען באזא־ראוו'ען וועגען זיין ארבייט, וועגען זיין געזונד, וועגען ארקאדי'ן.... באזאראוו האט איהם אבער געענטפערט אהן חשק און נאכלעסיג און איינמאל, באמערקענדיג, אז דער טאטע זוכט עפּעס צו דער־געהן, האט ער איהם א זאג געטאן מיט פארדרוס: „וואס עפּעס דרעהסטו זיך אלץ ארום מיר ווי אויף די שפּיץ פינגער? — אט דער מאניר איז נאך ערגער פון דעם פריהערדיגען", — „נו, נו, נו, איך מיין מיט דעם גארנישט!" האט זיך וואסילי איוואנאוויטש גיך פארענטפערט. און פונקט אזוי פרוכטלאָז זיינען געבליבען זיינע פאליטישע אנדייטונגען. איינמאל, ריידענדיג וועגען דער נא־הענטער באפרייאונג פון די פויערים, וועגען פּראגרעס, האט ער געהאפט צו ערוועקען זיין זוהנ'ס מיטגעפיהל, יענער האט אבער גלייכגילטיג ארויסגעזאגט: „נעכטען בין איך פארבייגעגאנגען א פארקאן, און איך האב געהערט, ווי די היגע פויערישע אינגלעך, אנשטאט צו זינגען עפּעס אן אלט ליעד, רייסען די העלזער און זינגען עפּעס א גאסען־ליעדעל... אט האסטו דיר פּראגרעס!"

אמאל פלעגט זיך באזאראוו אוועקלאזען אויפ'ן דארף, און שפּאסענדיג ווי געוועהנליך, פלעגט ער פארבינדען א שמועס מיט עפּעס א פויער: „נו", פלעגט ער איהם זאגען, „לאמיר הערען דיין קוק אויפ'ן לעבען, ברודער: מ'זאגט דאך, אז רוסלאנד'ס גאנצער כח און רוסלאנד'ס צוקונפט ליגט אין אייערע הענט, פון אייך וועט זיך אנהויבען א נייע עפּאכע אין דער געשיכטע, — איהר וועט אונז געבען סיי דעם אמת'ן לשון, סיי די געזעצען." דער פויער פלעגט אדער גארניט ענטפערען, אדער ער פלעגט ארויס־זאגען אומגעפעהר אזעלכע ווערטער: „מיר קענען... אויך, דערי־בער הייסט עס... ס'ווענדט זיך וואס פאר א קלויסטער מיר וועלען האבען." — „דו גיב מיר צו ערקלערען, וואס איז אזוינס אייער

וועלט?" פלעגט איהם באזאראוו איבערשלאגען: „איז דאס דער זעלבער וואס האלט זיך אויף דריי פיש."

— ס'איז די ערד, טאטעלע, וואס האלט זיך אויף, אויף דריי פיש, פלעגט דער פויער ערקלעהרען מיט א רוהיגען פאטריאר־כאליש־גוטמוטיגען קול. — און וואס ס'איז שייך אונזער וועלט, פארשטעהט זיך, אז עס ווענדט זיך אן אייך, דעריבער זייט איהר דאך אונזערע פאטערס. און וואס שטרענגער ס'איז דער פריץ, אלץ ליעבער איז דעם פויער."

אויסהערענדיג אזא דרשה, האט באזאראוו איינמאל מיט פאר־אכטונג א קוועטש געטאן מיט די פלייצעס און האט זיך אפגע־קעהרט, און דער פויער איז זיך אוועק אין זיין וועג.

— וועגען וואס האסטו גערעדט? האט ביי איהם געפרעגט א צווייטער פויער פון מיטעלע יאהרען מיט א בייזען אויסזעהן, וועל־כער האט געזעהן פון ווייטען, פון דעם שוועל פון זיין הויז, ווי ער האט גערעדט מיט באזאראוו'ען, — וועגען די חובות, וואס?

— וואס פאר א חובות, ברודערל! האט דער ערשטער פויער געענטפערט, און אין זיין קול איז שוין קיין שפור ניט געווען פון דער פאטריארכאלישער זינגענדיגקייט, פארקעהרט, עס האט זיך געהערט עפעס אזא נאכלעסיגע גראבקייט: — אזוי, ער האט עפעס געפלוידערט, איהם האט זיך פארוואלט דעם צונג אויסצוקראצען. ס'פארשטעהט זיך, א פריץ, וואסי, ער פארשטעהט דען עפעס!

— ווי קומט ער צו פארשטעהן! האט דער צווייטער פויער געענטפערט, און טרייסלענדיג מיט די היטלען און ארופרוקענדיג די גארטלען האבען זיי אנגעהויבען ריידען, וועגען זייערע זאכען און וועגען זייערע נויטווענדיגקייטען. אי וועה! באזאראוו, וועלכער האט מיט פאראכטונג א מאך געטאן מיט די פלייצעס, וועלכער האט געוואוסט ווי צו ריידען מיט פויערים (ווי ער האט זיך בא־ריהמט, ווען ער הא דיסקוטירט מיט פאוועל פעטראוויטש'ען), אט דער, זעלבסטזיכערער באזאראוו האט גארניט פארדעכטיגט, אז אין די אויגען פון די פויערים האט ער אויסגעזעהן ניט מעהר ווי א גרויסער נאר...

סיי ווי, ער האט ענדליך פאר זיך געפונען א באשעפטיגונג. איינמאל אין זיין אנוועזענהייט, האט וואסילי איוואנאוויטש אי־בערגעבונדען א פארוואונדעטע פוס פון א פויער, די הענד האבען זיך אבער געטרייסעלט ביי דעם אלטען, און איהם איז שווער געווען צו מאכען דעם באנדאזש, דער זוהן האט איהם געהאלפען, און פון דעמאלט אן האט ער זיך אנגעהויבען צו באטייליגען אין זיין טאטענ'ס פראקטיקע, ניט אויפהערענדיג אפצולאכען, אין דער זעלבער צייט, סיי פון די מיטלען, וועלכע ער פלעגט אליין פאר־שלאגען, סיי פון זיין טאטען, וועלכער פלעגט זיי גלייך אנווענדען. אבער וואסילי איוואנאוויטש האט ניט שלעכט געפיהלט פון זיין זוהנ'ס חוזק מאכען, ס'האט נאך איהם הנאה געטאן. אונטער־האלטענדיג זיין פארשמאלצענעם שלאפ ראק מיט צוויי פינגער אויפ'ן בויך, און רויכערענדיג זיין ליולקע, האט ער מיט פארגע־ניגען זיך צוגעהערט צו באזאראוו'ען, און וואס שארפער עס זיינען ארויסגעקומען זיינע ווערטלאך, אלץ גוטמוטיגער האט ער געלאכט, ארויסווייזענדיג אלע זיינע שווארצע ציינער ביז איינעם, גליקליך האט ער זיך געפיהלט. ער פלעגט אפילו איבער'חזר'ן, די דאזיגע אפטמאל טעמפע אדער אומזיניגע ווערטלאך. אט צום ביישפיעל אין פארלויף פון עטליכע טעג פלעגט ער א זאג טאן: „נו, דאס איז שוין נאר אן אנדער פויגעל", כאטש דאס האט זיך געקלעפט ווי אן ארבעס צום וואנד. ער האט דאס געזאגט דערפאר, ווייל זיין זוהן האט איינמאל באנוצט דעם אויסדרוק, ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז ער געהט אלע טאג צום מארגען־געבעט. „גאט צו דאנקען! ער איז שוין מעהר ניט מרה שחורה'דיג!" פלעגט ער זאגען צו זיין ווייב: „ס'ארא ווערטלאך ער האט עס מיר היינט אריינגעזאגט!" דער געדאנק אבער, אז ער האט אזא ארויסהעלפער, האט איהם פארשאפט פארגעניגען און האט איהם אנגעפילט מיט שטאלץ. „יע, יע", פלעגט ער זאגען צו עפעס א פויערטע אין א מענערשען מאנטעל און אין א הארן־ארטיגער היטעל דערלאנגענדיג איהר א פלעשעל „גולארד וואסער" אדער א גלע־זעלע ווייסען זאלב, „דו, טייערינקע, דארפסט גאט דאנקען יעדען

מינוט דערפאר, וואס מיין זוהן איז ביי מיר צו גאסט: מ'הײלט זיך איצט נאך די נייסטע וויסענשאפטליכע מעטאדען, פאר־שטעהסט וואס דאס מיינט? דער קייזער פון פראנקרייך, נאפא־לעאן, אפילו ער האט ניט קיין בעסערען דאקטאר." און די פויערטע וועלכע האט זיך באקלאגט, אז איהר „האט אנגעכאפט א צופע־ניש" (כאטש זי האט אליין ניט געוואוסט די באדייטונג פון די דאזיגע ווערטער), האט זיך נאר פארנייגט און האט ארויסגענומען פון איהר בוזעם פיער אייער, וועלכע זיינען געווען איינגעוויקעלט אין אן עק פון א האנדטוך...

באזאראוו האט אפילו איינמאל א צאהן ארויסגעריסען ביי א פארבייגעהענדען פאקענטרעגער. און כאטש זיין צאהן איז גע־ווען א גאנץ געוועהנליכער, פונדעסטוועגען האט עם וואסילי אי־וואנאוויטש געהיט ווי עפעס א זעלטענהייט, און באווייזענדיג עס דעם פאטער אלעקסיי, האט ער ניט אויפגעהערט איבערצו'חזר'ן:

— גיט נאר א קוק, ס'ארא ווארצעל! ס'ארא כח יעווגעני האט! דער בחור האט זיך דערלאנגט אזא הויב... מיר דוכט, אז א דעמב וואלט אפילו ארויסגעפלויגען!...

— זעהר פיין! האט דער פאטער אלעקסיי ענדליך געזאגט, ניט וויסענדיג וואס צו ענטפערען און ווי אזוי אפצושטעפען זיך פון דעם אלטען, וועלכער איז ארייגעפאלען אין עקסטאז.

איינמאל האט א פויערל פון א דערבייאיגען דארף געבראכט צו וואסילי איוואנאוויטש'ען זיין ברודער, וועלכער איז קראנק גע־ווען אויף טיפוס; ליגענדיג אויסגעצויגען אויף א בינטעל שטרוי האט דער אומגליקליכער געהאלטען ביים שטארבען, טונקעלע פלע־קען האבען באדעקט זיין קערפער, ער האט שוין לאנג פארלוירען זיין באוואוסטזיין. וואסילי איוואנאוויטש האט אויסגעדריקט זיין באדויערונג, וואס קיינעם איז פריהער ניט איינגעפאלען צו ווענדען זיך נאך מעדיצינישער הילף, און האט ערקלערט אז קיין רעטונג איז ניטא. און נאך איידער דער פויערל האט דערפיהרט זיין ברודער אהיים, איז ער אויסגעגאנגען אין וואגען.

דרדיי טעג נאכדעם, איז באזאראוו אריין צו זיין פאטער אין

צימער און האָט איהם געפרעגט צי האָט ער ניט אַ גיהנום־שטיינדעל.

— איך האָב, צו וואָס דאַרפסטו עס?

— איך דאַרף עס... אויסצוברענען אַ שניט.

— וועמען?

— מיר אַליין.

— וואָס הייסט, דיר! צו וואָס? וואָס איז דאָס פאַר אַ שניט? וואו איז עס?

— אָט דאָ, אויפ'ן פינגער. איך בין היינט געפאָהרען אין דאָרף, דו ווייסט, פון וואַנען מ'האָט געבראַכט דעם פויער וואָס איז געשטאָרבען פון טיפוס. איך ווייס ניט פאַר וואָס, אָבער זיי האָבען באַשלאָסען צו פּאַלמעסען איהם, און איך האָב שוין לאַנג אין דעם ניט פּראַקטיצירט.

— נו?

— נו, האָב איך געבעטען דעם אויעזדנעם דאָקטאָר; נו, האָב איך זיך איינגעשניטען.

וואַסילי איוואַנאָוויטש איז מיט אַמאָל אין גאַנצען בלייך געוואָרען, און ניט זאָגענדיג קיין וואָרט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין קאַבינעט, פון וואַנען ער האָט זיך באַלד צוריקגעקעהרט מיט אַ שטיקעל גיהנום־שטיינדעל אין זיין האַנד. באַזאַראָוו האָט עס געוואָלט נעמען און אַוועקגעהן.

— אום גאָטעס ווילען, האָט וואַסיל איוואַנאָוויטש אויסגערו־פען, ערלויב עס מיר אַליין צו טאָן.

באַזאַראָוו האָט אַ שמייכעל געטאָן. — ס'אַרא חשק דו האָסט צו פּראַקטיצירען!

— שפּאַס ניט, איך בעט דיך. באַווייז דיין פינגער. דער שניט איז ניט גרויס. ס'טוט ניט וועה?

— דריק צו שטאַרקער, האָב קיין מורא ניט.

וואַסילי האָט זיך אָפּגעשטעלט. — ווי דענקסטו, יעווגעני, צי וואָלט ניט בעסער געווען אַז מ'זאָל עס אויסברענען מיט אייזען?

— דאס האט מען פריהער געדארפט טאן, און איצט איז אייגענטליך דער גיהנום־שטיינדעל אויך איבעריג. אויב איך בין אנגעשטעקט געווארן, איז שוין איצט צו שפעט.

— ווי... שפעט... האט וואסילי איוואנאוויטש קוים געקענט ארויסזאגען.

— נאך ווי! עס איז שוין מעהר ווי פיער שעה.

וואסיל איוואנאוויטש האט נאך אביסעל געברענט דעם שניט.

— וואסי, דער אויעזדנער דאקטאר האט ניט געהאט קיין גיהנום־שטיינדעל?

— ניין.

— ווי אזוי איז מען עס, גאט מיינער! א דאקטאר — און האט ניט אזא נויטיגע זאך.

— דו האסט באדארפט א קוק טאן אויף זיינע לאנצעטען, האט באזאראוו געזאגט, און איז ארויסגעגאנגען.

ביז שפעט אין דער נאכט און אויף מארגען דעם גאנצען טאג האט וואסילי איוואנאוויטש אויסגעזוכט פארשיידענערליי מעגליכע תירוצים, כדי אריינצוגעהן אין זיין זוהנ׳ס צימער, און כאטש ער האט ניט נאר נישט דערמאנט וועגען זיין שניט, נאר ער האט אפילו געזוכט צו ריידען וועגען גאנץ זייטיגע זאכען, פונדעסטוועגען האט ער איהם אזוי געקוקט אין די אויגען און האט איהם אזוי געהיט, אז באזאראוו איז ארויס פון געדולד און האט איהם א סטראשע געטאן, אז ער וועט אוועקפאהרען. וואסיל איוואנאוויטש האט איהם געגעבען דאסווארט, אז ער וועט זיך ניט בעאומרוהיגען. אויך ארינא וולאסיעוונא, פון וועמען ער האט, פאר־שטעהט זיך, אלץ אויסבאהאלטען, האט אנגעהויבען צו צו־שטעהן צו איהם מיט קשיות: „פאר וואס שלאפט ער ניט? און וואס איז מיט איהם?“ גאנצע צוויי טעג האט ער זיך גע־שטארקט, כאטש זיין זוהנ׳ס אויסזעהן אויף וועלכען ער האט זיך אלץ איינגעקוקט בגנבה, איז איהם זעהר ניט געפעלען געווען... אבער אויפ׳ן דריטען טאג, ביים עסען, האט ער ניט אויסגעהאלטען.

באזאראוו איז געזעסען מיט אראפגעלאזענע אויגען און האט זיך צו קיין מאכל ניט צוגעריהרט.

— פאר וואס עסטו ניט יעווגעניוש? האט ער גפרעגט מיט א כלומר'שט זארגלאזען אויסדרוק. — די מאכלים זיינען, דאכט זיך, גוט געמאכט.

— ס'ווילט זיך ניט, עס איך ניט.

— דו האסט קיין אפעטיט ניט? און דער קאפ? האט ער צונעגעבען מיט א ציטעריגען קול: טוט וועה?

— ער טוט וועה פאר וואס זאל ער ניט וועה טאן?

ארינא וולאסיעוונא האט זיך אויסגעגלייכט און האט אנגע־שטעלט מויל און אויערען.

— ווער ניט אין כעס, יעווגעני, איך בעט דיר, האט ער פאר־געזעצט — ערלויב מיר אנצוטאפען דיין דופק.

באזאראוו האט זיך אויפגעהויבען. — איך קען דיר אזוי אויך זאגען, אז איך האב היץ.

— האט דיך געטרייסעלט?

— ס'האט מיך אויך געטרייסעלט. איך וועל זיך געהן צו־לייגען. און איהר שיקט מיר צו לינדען טיי. איך האב זיך מסתמא צוגעקיהלט.

— איך האב טאקע געהערט, אז דו האסט בייניאכט געהוסט, האט ארינא וולאסיעוונא געזאגט.

— איך האב זיך צוגעקיהלט, האט באזאראוו איבערגע'חזרט, און איז ארויס.

ארינא וולאסיעוונא האט גענומען צוגרייטען דעם לינדען טיי, און וואסיל איוואנאוויטש איז אריין אין א צווייטען צימער און האט שווייגענדיג זיך אנגעכאפט פאר די האר.

באזאראוו איז שוין יענעם טאג ניט אויפגעשטאנען, און א גאנצע נאכט איז ער געלעגען אין א שווערען האלב באוואוסטלאזען דרעמעל. איינס אזייגער פארטאג האט ער מיט אנשטרענגונג אויפגעעפענט זיינע אויגען, און דערזעהענדיג איבער זיך, ביי דער שיין פון א לעמפעל דעם טאטענס בלייכען פנים, האט ער איחם

געהייסען אוועקגעהן. יענער האט געפאלגט, ער האט זיך אבער גלייך צוריקגעקעהרט אויף די שפּיץ פינגער, און האלב פארשטע־לענדיג זיך מיט די טירלאד פון אלמער, האט ער די אויגען ניט אראפגענומען פון זיין זוהן. ארינא וולאסיעוונא האט זיך אויך ניט געלייגט, און עטוואס אויפעפענענדיג די טיר פון קאבינעט פלעגט זי צוקומען אלע ווײלע צו צוהערען זיך „ווי אזוי יעניושא אטעמט", און א קוק צו טאן אויף וואסילי איוואנאוויטש'ען. זי האט נאר געקענט זעהן זיין אומבאוועגליכע, איינגעהויקערטע פּלייצע, אבער אויך דאס האט איהר אביסעל פארגרינגערט. אין דער פריה האט באזאראוו געפּרובירט אויפצוהויבען זיך, אבער דער קאפּ האט זיך איהם פארדרעהט, בלוט איז ארויס פון נאז, און ער האט זיך ווידער געלייגט. וואסילי איוואנאוויטש האט איהם שווייגענדיג באדינט. ארינא וולאסיעוונא איז צו איהם אריינגע־גאנגען, און האט איהם געפרעגט, ווי ער פיהלט. ער האט גע־ענטפערט: „בעסער", און האט זיך אומגעדרעהט צום וואנד. וואסיל איוואנאוויטש האט א מאך געטאן צו זיין ווייב מיטביידע הענד; זי האט פארביסען די ליפּען, כדי זי זאל זיך ניט פאנאנ־דערוויינען, און איז ארויסגעגאנגען. אלץ אין הויז איז מיט אמאל ווי פינסטער געווארען, אלע פּנים'ער האבען זיך אויסגעצויגען, ס'האט געהערשט א מאדנע שטילקייט, פון הויף האט מען ארויס־געטראגען אין דארף א שרייענדיגען האהן, וועלכער האט א היבשע ווײלע ניט געקענט באגרייפען, פאר וואס מ'בעהאנדעלט איהם אזוי. באזאראוו איז אלץ געלעגען מיט'ן פּנים צום וואנד. וואסילי איוואנאוויטש האט געפּרובירט ווענדען זיך צו איהם מיט פאר־שיידענע פראגען, זיי האבען אבער באזאראוו'ען מיעד געמאכט, און דער אלטער איז באוועגלאז געבליבען זיצען אין שטוהל. פון צייט צו צייט נאר, פלעגט ער קנאקען זיינע פינגער. ער פלעגט ארויס אויף עטליכע מינוטען אין גארטען, פלעגט דארט שטעהן ווי א סטאטוע, אזוי ווי ער וואלט זיך געוואונדערט אויף עפּעס (דער אויסדרוק פון פארוואונדערונג איז פון זיין פּנים סיי ווי ניט אראפּ), און פלעגט זיך ווידער אומקעהרען צום זוהן, זוכענדיג אויס־

צומיידען זיין ווייב'ס פראגען. ענדליך האט זי איהם אנגעכאפט פאר'ן האנד, און קאנוואולסיוו, כמעט מיט א סטראשונאק האט זי ארויסגעזאגט: „וואס איז מיט איהם?“ דא האט ער זיך צו־ריקגעכאפט און האט זיך געצוואונגען צו ענטפערען איהר מיט א שמייכעל, אבער, צו זיין אייגענעם שרעק, איז אנשטאט א שמייכעל ארויסגעקומען א געלכטער. באלד אין דער פריה האט ער געשיקט נאך א דאקטאר. ער האט געפונען פאר נויטיג צו לאזען וויסען וועגען דעם זיין זוהן, כדי ער זאל ניט אין כעס ווערען.

באזאראוו האט זיך מיט אמאל א דרעה געטאן אויפ'ן דיוואן, האט אנגעשטעלט א טעמפען קוק אויפ'ן טאטען, און האט גע־בעטען א טרונק.

וואסילי איוואנאוויטש האט איהם דערלאנגט וואסער, און אגב האט ער איהם א טאפ געטאן דעם שטערן. ס'האט געברענט ווי א פייער.

— אלטער, האט באזאראוו לאנגזאם אנגעהויבען מיט א הייזעריגען קול. — ס'האלט שמאל מיט מיר. איך בין אנגע־שטעקט, און אין עטליכע טעג ארום וועסטו שוין נאכגעהן נאך מיין לויה.

וואסילי איוואנאוויטש האט זיך א טרייסעל געטאן, ווי אי־מיצער וואלט איהם דערלאנגט איבער די פיס.

— יעווגעני! האט ער ארויסגעשטאמעלט: — פארוואס רעדסטו אזוי! גאט איז מיט דיר! דו האסט זיך צוגעקיהלט...

— הער אויף, האט איהם באזאראוו לאנגזאם איבערגעשלאגען.

— א דאקטאר איז ניט ערלויבט אזוי צו ריידען. אלע סמנים ווייזען אז איך בין אנגעשטעקט, דו ווייסט עס אליין.

— וואו זעהסטו, איך בעט דיך, די סמנים, אז דו ביזט... אנ־געשטעקט, יעווגעני?...

— און דאס איז וואס? האט באזאראוו געענטפערט, און אויפהויבענדיג דעם ארבעל פון העמד, האט ער דעם טאטען בא־וויזען אז אויסשלאג פון געפעהרליכע רויטע פלעקען. וואסילי

האט א ציטער געטאן און ס'איז איהם קאלט געווארען פאר שרעק.

— און ווען אפילו, האט ער ענדליך געזאגט, — און ווען אפילו... דאס ווייזט יע עפעס... סמנים פון אנשטעקונג...

— פיעמיע, האט באזאראוו אונטערגעזאגט

— נו יע... א מין... עפידעמיע...

— פיעמיע, האט באזאראוו שטרענג און קלאר איבערגע־חזר'ט: — אדער האסטו שוין פארגעסען די ביכער וואס דו האסט געלערענט?

— נו יע, יע, זאל זיין אזוי... און פונדעסטוועגען וועלען מיר דיך אויסהיילען.

— נו, דאס איז נארישקייטען. אבער ניט דאס איז די זאך. איך האב אויך ניט ערווארט, אז איך וועל אזוי גיך שטארבען, דער אינצידענט איז דעם אמת זאגענדיג זעהר ניט קיין אנגענעמער. דו און די מאמע האבען זיך איצט געדארפט באנוצען מיט אייער שטארקען רעליגיעזען גלויבען, איצט איז די צייט אויסצופרובירען עס. — ער האט א זופ געטאן נאך אביסעל וואסער: — און איך וויל דיר עפעס בעטען... אזוי לאנג ווי מיין קאפ דינט נאך מיר, דו ווייסט דאך אז מארגען אדער איבער מארגען, וועט מיין מח רעזיגנירען. איך בין אויך איצט ניט אין גאנצען זיכער, אז איך רייד צו דער זאך. די גאנצע צייט, וואס איך בין געלעגען האט זיך מיר אלץ געדוכט, אז רויטע הינט זיינען געלאפען ארום מיר, און דו האסט זיי אנגעשטעלט אויף מיר ווי אויף א ווילד האהן. איך בין ווי שכור, דו פארשטעהסט מיך גוט?

— העראויף, יעווגעני, דו רעדסט אזוי ווי עס באדארף צו זיין.

— איז אודאי גוט, דו האסט מיר געזאגט, אז דו האסט גע־שיקט נאך א דאקטאר... מיט דעם האסטו זיך געטרייסט.. טו עפעס פאר מיר אויך.. שיק א שליח..

צו ארקאדי ניקאלאאיטשען, האט דער אלטער אונטערגע־כאפט.

— ווער איז עס ארקאדי ניקאלאאיטש? האט באזאראוו גע־

פרעגט, ווי ער וואלט זיך געוואלט דערמאנען... — אח, יע! אט דער פויגעל! נייז, טשעפע איהם ניט: ער איז איצט געווארען א דאהלע. וואונדער זיך ניט, איך רייד נאך ניט פון היץ, דו שיק א שליח צו אדינצאוואזן, צו אנא סיערגיעוונא׳ן, זי איז א גוט באזיצעריז... האסט געהערט פון איהר? (וואסילי איוואנא־וויטש האט א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ.) זאל ער זאגען, אז יעווגעני, ס׳הייסט באזאראוו, האט איהר געהייסען גריסען און געהייסען זאגען, אז ער שטארבט. וועסט עס ערפילען?

— איך וועל ערפילען... איז עס אבער דען א מעגליכע זאך, אז דו זאלסט שטארבען, דו ,יעווגעני... נו זאג אליין! וואו איז דען דער יושר?

— דאס ווייס איך ניט, אבער שיק א שליח.

— איך שיק איהם שוין אוועק, און איך וועל אליין א בריעף אנשרייבען.

— נייז, צו וואס, זאג אז ער האט געהייסען גריסען, מעהר דארף מען גארניט. און איצט לאז איך זיך ווידער צו מיינע הינט. מאדנע! איך וויל אפשטעלען מיין געדאנק אויפ׳ן טויט, און ס׳קומט גארניט ארויס. איך זעהר עפעס א פלעק... און מעהר גארניט.

ער האט זיך ווידער שווער אויסגעדרעהט צום וואנד. וואסילי איוואנאוויטש איז ארויס פון קאבינעט, און דערשלעפענ־דיג זיך צו זיין ווייב׳ס שלאף צימער איז ער אנידערגעפאלען אויף די קניע פאר די הייליגע בילדער.

— טו תפלה, ארינא, טו תפלה! האט ער ארויסגעזיפצט: אונזער זוהן שטארבט.

דער דאקטאר, דער זעלבער אויעזדנער דאקטאר, וועלכער האט ניט געהאט קיין גיהנום שטיינדעל, איז געקומען צופאהרען, און באטראכטענדיג דעם קראנקען, האט ער געראטען צו האלטען זיך ביי דער אויסווארטונגס מעטאדע, און דא האט ער געזאגט עטליכע ווערטער וועגען דער מעגליכקייט געזונד צו ווערען.

— און איהר האט שוין אמאל געזעהן, אז מענשען אין מיין

צושטאנד זאלען זיך „ניט“ אפטראגען אויף יענער וועלט? האט באזאראוו געפרעגט, און פלוצלונג אנכאפענדיג א פוס פון שוועד־רען טיש, וואס איז געשטאנען לעבען דיוואן, האט ער איהם א טרייסעל געטאן און איהם אפגערוקט פון ארט. — די כחות, האט ער געזאגט, זיינען נאך פאראן, און איך מוז שטארבען!... אן אלטער מאן האט וויניגסטענס צייט גענוג אפצוגעוויינען זיך פון לעבען, אבער איך... לאמיר זעהן דו זאלסט אפלייקענען דעם טויט. ער לייקענט דיך אפ, און גענוג! ווער וויינט עס דארט? האט ער געפרעגט אין א ווײַלע ארום. — די מאמע? ארימע! וועמען וועט זי עס איצט קארמען מיט איהר וואונדערבארען בארשט? און דו וואסילי איוואנאוויטש, דוכט זיך, אז דו, וויינסט אויך? נו, אויב קריסטענטום העלפט ניט, זיי א פילאזאף, א סטאאיק! דו האסט זיך דאך באריהמט, אז דו ביזט א פילאזאף?

— וואס פאר א פילאזאף בין איך! האט וואסילי איוואנא־וויטש געכטפערט מיט א זיפץ, און טרעהרען האבען זיך געקיי־קעלט אויף זיינע באקען.

באזאראוו'ען איז ערגער געווארען מיט יעדער שעה. די קראנקהייט האט אנגענומען א גיכען גאנג, וואס דאס טרעפט גע־וועהנליך אין פעלע פון כירורגישע פארגיפטונגען. ער האט נאך ניט פארלוירען דעם באוואוסטזיין, און האט פארשטאנען, וואס מ'האט גערעדט צו איהם. ער האט זיך נאך געראנגעלט. „איך וויל ניט ריידען פון היץ“, האט ער געמורמעלט, צונויפדריקענדיג די פויסטען, — וואס פאר אן אומזין!“ און האט טאקע גלייך געזאגט: „נו, אז מ'נעמט אראפ צעהן פון אכט וויפיעל בלייבט? וואסילי איוואנאוויטש איז אומגעגאנגען ווי א צומישטער, פלעגט פארשלאגען דא איין מיטעל דא א צווייטען, און פלעגט אלע ווײַלע איינדעקען זיין זוהן'ס פיס. „מ'דארף איהם איינדרעהען אין קאלטע ליילאכער... געבען צום ברעכען... א זענעפט פלאסטער צום מאגען... בלוט לאזען“, האט ער מיט אנשטרענגונג גערעדט. דער דאקטאר, וועלכען ער האט איינגעבעטען בלייבען האט איהם נאכגעגעבען, ער האט דעם קראנקען געגעבען לימאנאד, און פאר

זיך האָט ער געבעטען דאָ אַ ליולקע, דאָ „דאָס וואָס וואַרעמט און קרעפטיגט", ס'הייסט בראַנפען. אַרינאַ וולאַסיעוונאַ איז גע־זעסען אויף אַ נידעריגען ביינקעלע לעבען טיר, און פון צייט צו צייט נאָר פלעגט זי אַוועקגעהן תפלה טאָן. מיט עטליכע טעג צוריק האָט זיך די טואַלעט שפּיגעלע אַרויסגעגליטשט פון איהרע הענד און האָט זיך צובראָכען, און דאָס האָט זי שטענדיג געהאַלטען פאַר אַ שלעכטען סימן. אפילו אַנפיסושקאַ האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען איהר. טימאָפעאיטש איז אַוועקגעפאָהרען צו אָדינצאָוואַ'ן.

באַזאַראָוו האָט געהאַט אַ שלעכטע נאַכט... אַ שרעקליכער פיבער האָט איהם געמאַטערט. צו מאָרגען צו, איז איהם גרינגער געוואָרען. ער האָט געבעטען, אַז אַרינאַ וולאַסיעוונאַ זאָל איהם פאַרקאַמען, האָט איהר אַ קוש געטאָן אין האַנד און האָט אַראָפּ־געשלונגען אַ פּאָר זופּען טיי. וואַסילי איוואַנאָוויטש איז אַביסעל לעבעדיגער געוואָרען.

— גאָט צו דאַנקען! האָט ער אַלץ געזאָגט — ס'איז אָנ־געקומען דער קריזיס... דער קריזיס איז געקומען.

— ס'אַרא מאָדנע זאַך! האָט באַזאַראָוו געזאָגט: — וואָס אַ וואָרט איז! ער האָט איהם געפונען, ער האָט געזאָגט: „קריי־זיס" און איז געטרייסט. אַ וואונדערבאַרע זאַך ווי אַ מענש גלויבט נאָך אין ווערטער. מ'זאָל איהם זאָגען צום ביישפּיעל, אַז ער איז אַ נאַר, און מ'זאָל איהם ניט שלאָגען, וועט ער אומעטיג ווערען. און אַז מ'וועט זאָגען אַז ער איז אַ קלוגער און ניט באַצאָהלען וועט ער האָבען פאַרגעניגען.

וואַסילי איוואַנאָוויטש איז געריהרט געוואָרען פון באַזאַ־ראָוו'ס קלייניגקער רעדע, וועלכע האָט איהם דערמאָנט אַן זיינע פריהערדיגע גלייכווערטלאַך.

— בראַוואָ! גוט געזאָגט, גוט! האָט ער אויסגערופען, מאַ־כענדיג דערביי אַזוי ווי ער קלאַפּט אין די הענד. באַזאַראָוו האָט אומעטיג אַ שמייכעל געטאָן.

— איז ווי איז עס נאך דיין מיינונג נאך, האט ער געזאגט,— דער קריזיס איז אוועק אדער ער איז געקומען?

— דו פיהלסט בעסער, אט וואס איך זעה, אט וואס מיך פרעהט האט וואסילי איוואנאוויטש געענטפערט.

— נו, גוט. פרעהען זיך איז קיינמאל ניט שלעכט. און צו יענער, דו געדענקסט? האסטו אוועקגעשיקט?

— אוועקגעשיקט ווי דען.

די ענדערונג צו בעסער האט לאנג ניט אנגעהאלטען. די אטאקעס פון דער קראנקהייט האבען זיך ווידער באנייט. וואסילי איוואנאוויטש איז געזעסען לעבען באזאראוו'ען. ס'איז קענטיג געווען אז עפעס נאר אן אנדער זאך האט דעם אלטען געמאטערט. איינינגע מאל האט ער זיך געקליבען אנהויבען צו ריידען — און האט ניט געקענט.

— יעווגעני! האט ער ענדליך ארויסגערעדט: — טייערער זוהן מיינער, ליעבער זוהן.

אט דער ניט געוועהנליכער ווענדען זיך צו איהם, האט גע־ווירקט אויף באזאראוו'ען... ער האט עטוואס אומגעדרעהט דעם קאפ און קענטיג וועלענדיג ארויסצושלאגען זיך פון אונטער דער לאסט פון פארגעסענהייט וואס האט איהם געשטיקט, האט ער ארויסגערעדט: — וואס טאטע?

— יעווגעני, — האט וואסילי איוואנאוויטש פארטגעזעצט, און ער האט זיך אראפגעלאזען אויף די קני פאר באזאראוו'ען, כאטש יענער האט די אויגען ניט געעפענט און האט איהם ניט געקענט זעהן, — יעווגעני, דו פיהלסט איצט בעסער גאט וועט געבען און ...יסט געזונד ווערען נוץ אוים די צייט טרייסט מיך מיט דער ...ען ערפיהל די פליכט פון א קריסט! מיר איז שרעקליך ...ר געווען צו זאגען דיר עס, אבער נאך שרעקליכער... ס'איז ...ר אויף אייביג, יעווגעני... גיב נאר א טראכט וואס עס הייסט...

דעם אלט...נ'ס קול האט זיך איבערגעריסען, און כאטש זיין זוהן איז נאך אלץ געלעגען מיט פארמאכטע אויגען, האט זיך פונדעסטוועגען דערזעהן א מאדנער אויסדרוק אויף זיין פנים. —

איך זאג זיך ניט אפ אויב דאס קען אייך טרייסטען, האט ער ענדליך געזאגט, אבער מיר דוכט, אז עס איז זיך ניטא וואס צו איילען. דו זאגסט דאך אליין אז איך פיהל בעסער.

— בעסער, יעווגעני, בעסער, אבער ווער ווייס ס'איז דא אלץ גאט'ס ווילען, און ערפילענדיג די פליכט...

— ניין, איך וועל צואווארטען, האט באזאראוו איבערגע־שלאגען, — איך שטים איין מיט דיר אז עס איז אנגעקומען דער קריזיס, און אויב מיר האבען זיך ביידע טועה געווען, דעמאלט! מ'קען דאך אויך באוואוסטלאזע פארגעבען די זינד.

— איך בעט דיר, יעווגעני.

— איך וועל צואווארטען. און איצט וויל איך שלאפען, שטער מיר ניט. און האט זיין קאפ אוועקגעלעגט אויף דעם פריהערדיגען ארט.

דער אלטער האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל, און אננעמענדיג זיך פאר'ן קין, האט ער אנגעהויבען צו בייסען זיך די פינגער...

א גערויש פון אן עקיפאזש, יענער גערויש, וועלכען מען באַ־מערקט אזוי שטארק איז דער שטילקייט פון דארף, האט צוגע־צויגען זיין אויפמערקזאמקייט. נעהענטער און נעהענטער, הא־בען זיך געקייקעלט די גרינגע רעדער, עס האט זיך דערהערט דאס שנאבען פון די פערד... וואסילי איוואנאוויטש איז אויפגעשפרונ־גען און האט זיך אווארף געטאן צום פענסטער. אין דעם הויף פון זיין הויז איז אריינגעפאהרען א צוויי זיציגע קארעטע גע־שפאנט אין פיער פערד. ניט אפגעבענדיג זיך קיין רעכענונג וואס אייגענטליך דאס האט געקענט באטייטען, איז ער מיט אן אומזיניגער פרייד ארויסגעלאפען אויפ'ן גאנעק... א לאקיי אין א מאדנער יוניפארם האט אויפגעעפענט די טירלאד פון דער קא־רעטע, און א דאמע אונטער א שווארצען שלייער, אין א שוואר־צען מאנטעלע איז ארויס פון איהר.

— איך בין אדינצאווא, האט זי געזאגט. — יעווגעני וואַ־

סיליעווימש לעבט? איהר זייט זיין פאטער? איך האב מיט זיך געבראכט א דאקטאר.

— וואוילטעטיגע פרוי! האט וואסילי איוואנאוויטש אויס־געשריגען, און אנכאפענדיג איהר האנד, האט ער עס קאנוואולסיוו צו־געדריקט צו זיינע ליפען, אין דער צייט ווען אנא סיערגיעוונא'ס דאקטאר, א קלייניקער מענשעלע אין ברילען מיט א דייטשער פיזיאנאמיע, איז ניט איילענדיג ארויסגעקראכען פון קארעטע. — ער לעבט נאך, ער לעבט מיין יעווגעני, און איצט וועט ער גע־ראטעוועט ווערען. ארינא! ארינא!... צו אונז איז געקומען א מלאך פון הימעל...

— וואס איז געשעהן, גאט מיינער! האט די אלטע געשטא־מעלט, ארויסלויפענדיג פון גאסט צימער, און ניט באגרייפענדיג וואס דא איז, איז זי גלייך אין פאדער צימער געפאלען צו אנא סיערגיעוונא'ס פיס, און האט אנגעהויבען צו קושען איהר קלייד ווי א משוגענע.

— וואס טוט איהר! האט אנא סיערגיעוונא פראטעסטירט, ארינא וולאסיעוונא האט אבער ניט געהערט, און וואסילי איוואַ־נאוויטש האט ניט אויפגעהערט צו שעפטשען: „מלאך! מלאך!“

— „ווא איזט דער קראנקע?“ וואו איז דער פאציענט? האט דער דאקטאר ענדליך געפרעגט, ניט אין גאנצען אהן כעס.

וואסילי איוואנאוויטש איז צו זיך געקומען, — דא, דא, געהט נאך מיר „ווירדיגסטער הער קאלעגא“, האט ער צונעגעבען, בעדענקענדיג עס נאך פון אמאל.

— עה! האט דער דייטש א בורטשע געטאן, און האט גע־מאכט א זויערע מינע...

וואסילי איוואנאוויטש האט איהם אריינגעפיהרט אין קא־בינעט. ער האט זיך צוגעבויגען צו זיין זוהן'ס אויער און האט איהם געזאגט: אנא סיערגיעוונא אדינצאווא איז געקומען און זי האט מיט זיך געבראכט א דאקטאר.

באזאראוו האט פלוצלונג אויפגעעפענט די אויגען. — וואס האסטו געזאגט?

— איך זאג, אז אנא סיערגיעוונא אדינצאווא איז געקומען, און אז זי האט געבראכט מיט זיך דעם הער דאקטאר.

באזאראוו האט א פיהר געטאן מיט די אויגען ארום זיך. — זי איז דא... איך וויל איהר זעהן.

— דו וועסט איהר זעהן יעווגעני, אבער פריהער דארף מען זיך דורכריידען מיט'ן הער דאקטאר. איך וועל איהם דערצעהלען די גאנצע געשיכטע פון דער קראנקהייט, ווייל סידאר סידאראוויטש איז אוועקגעפאהרען (אזוי האט מען גערופען דעם אויעזד־נעם דאקטאר), און מיר וועלען האבען א קליינע בעראטונג. באזאראוו האט א קוק געטאן אויפ'ן דייטש. — נו רעדט זיך דורך וואס גיכער, אבער ניט אויף לאטיין, איך פארשטעה דאך, וואס עס מיינט

— „דער הער שיינט דעם דויטשען מעכטיג צו זיין", האט אנגעהויבען עסקולאפ'ס נייער נאכפאלגער, ווענדענדיג זיך צו וואסילי איוואנאוויטיש'ען.

— „איך... האבע"... רעדט בעסער אויף רוסיש, האט דער אלטער געזאגט.

— אה, אזוי אזוי.. איך בעט אייך... און די קאנסולטאציע האט זיך אנגעהויבען.

אין א האלבער שעה ארום, איז אנא סיערגיעוונא אריינגע־גאנגען אין קאבינעט אין דער באגלייטונג פון וואסילי איוואנא־וויטש'ען. דער דאקטאר האט איהר שוין אריינגעשושקעט, אז עס איז ניטא וואס צו האפען אויף זיין געזונד ווערען.

זי האט א קוק געטאן אויף באזאראוו'ען.. און איז שטעהן געבליבען אין טיר, אזוי שטארק האט איהר ערשיטערט דער ענטצונדענער און אין דער זעלבער צייט טויטער פנים, וועלכער האט געקוקט אויף איהר מיט טריבע אויגען. עס האט איהר ארומגעכאפט עפעס א קאלטער מאטערנדיגער שרעק. דער געדאנק אז זי וואלט ניט אזוי געפיהלט ווען זי וואלט איהם

באמת געליעבט — האט מיט אמאל א בליץ געטאן אין איהר קאפ.

— א דאנק, האט ער קוים ארויסגערעדט, — איך האב עס ניט ערווארט. אט זעהען מיר זיך נאך אמאל, ווי איהר האט צוגעזאגט.

— אנא סיערגיעוונא איז געווען אזוי גוט, האט וואסילי איוואנאוויטש אנגעהויבען...

— טאטע, לאז אונז אליין, — אנא סערגעיעוונא, איהר ער־לויבט? דוכט זיך, איצט...

ער האט מיט'ן קאפ אנגעוויזען אויף זיין אויסגעשטרעקטען, מאכטלאזען קערפער.

— וואסילי איוואנאוויטש איז ארויסגעגאנגען.

— נו, א דאנק, האט באזאראוו איבערגע'חזר'ט. — דאס איז אויף א קיסרליכען אופן. קיסרים, זאגט מען באזוכען אויך שטארבענדע.

— יעווגעני וואסיליטש, איך האף...

— עך, אנא סיערגיעוונא, לאמיר אנהויבען צו זאגען דעם אמת. מיט מיר איז געענדיגט. איך האב זיך ארייננעכאפט אונ־טער די רעדער. און עס קומט אויס, אז עס איז ניט געווען וואס צו טראכטען וועגען דער צוקונפט. טויט איז אן אלטע זאך, און דאך איז עס פאר איטליכען ניי. ביז איצט האב איך נאך קיין מורא ניט... און נאכדעם וועט קומען באוואוסטלאזיגקייט, און אן עק וועט עס נעמען! (ער האט שוואך א מאך געטאן מיט'ן האנד). נו, וואס זאל איך אייך זאגען... איך האב אייך ליעב געהאט! דאס האט פריהער אויך קיין זין ניט געהאט, און איצט אודאי ניט. ליעבע איז א פארמע, און מיין אייגענע פארמע האלט שוין ביים אויפגעלייזט ווערען. איך וועל בעסער זאגען, אז — ס'ארא וואוילע איהר זייט! און אט איצט שטעהט איהר אזא שעהנע...

אנא סיערגיעוונא האט ניט ווילענדיג א ציטער געטאן.

— ס׳מאַכט ניט, בעאומרוהיגט זיך ניט... זעצט זיך דאָרט... נעהט צו מיר ניט צו: מיין קראנקהייט איז דאָך אנשטעקענד.

אַנאַ סיערגיעוונא איז גיך דורכגעגאנגען דעם צימער און האָט זיך געזעצט אויף אַ שטוהל לעבען דיוואַן, אויף וועלכען באַזאראָוו איז געלעגען.

— גרויסמוטיגע! האָט ער א שעפּטשע געטאָן. — אך, ווי נאָהענט, און ס׳אַרא יונגע, ס׳אַרא פרישע, ס׳אַרא ריינע... אין אָט דעם עקעלהאַפטען צימער!... נו, פאַרבלייבט געזונד! לעבט לאַנג, דאָס איז בעסער פון אַלץ, און באַנוצט זיך מיט׳ן לעבען, אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך פאַראַן צייט. גיט א קוק ס׳אַרא אבשטויסענדיגע בילד: אַ וואָרים אַ האַלב דערשטיקטער, און דרעהט זיך נאָך. איך האָב דאָך אויך געטראַכט: איך וועל נאָך אויפטאָן א סך זאַכען, איך וועל ניט שטאַרבען, ניין! אַ פּראָבלעם איז פאַראָן, און איך בין דאָך א גיגאנט! און איצט איז די איינציגע פּראָבלעם פון דעם גיגאַנט — ווי צו שטאַרבען אַנשטענדיג, כאָטש וועמען קימערט עס... סיי ווי: מיט׳ן עק וועל איך ניט דרעהען.

באַזאראָוו איז אַנשוויגען געוואָרען און האָט אָנגעהויבען צו זוכען מיט זיין האנד די גלאָז. אַנאַ סיערגיעוונא האָט איהם דערלאַנגט א טרונק, ניט אראָפּנעמענדיג די הענטשיקעס און אָטעמענדיג מיט שרעק.

— מיך וועט איהר פאַרגעסען, האָט ער ווידער אָנגעהויבען.— א טויטער איז פאַר א לעבעדיגען ניט קיין חבר. מיין טאַטע וועט אייך זאָגען: אָט ס׳אַרא גרויסען מענשען רוסלאַנד פאַרלירט... ס׳איז נאַרישקייטען, אָבער זאָגט איהם ניט, אז ס׳איז ניט אַזוי. אַזוי לאַנג ווי דאָס קינד טרייסט זיך.. איהר ווייסט. און טרייסט דער מאַמען. ווען מ׳זאָל אויסגעהן אייער גאַנצע וועלט, וועט מען אַזעלכע מענשען ניט געפינען... רוסלאַנד דאַרף מיך... ניין קענטיג אַז ניט. און וועמען דאַרף מען יע? אַ שוסטער דאַרף מען, אַ שניידער דאַרף מען, א קצב... פאַרקויפט פלייש... א קצב.. וואַרט, איך פּלאָנטער זיך.. דאַ איי פאַראַן אַ וואַלד...

באזאראוו האט ארויפגעלעגט די האנד אויפ'ן שטערן.

אננא סיערגיעוונא האט זיך צו איהם צוגעבויגען, — יעווגעני וואסיליטש, איך בין דא... ער האט מיט אמאל אוועקגענומען זיין האנד און האט זיך א הויב געטאן. — זייט געזונד, האט ער ארויסגעזאגט מיט א פלוצלונגען כח, און זיינע אויגען האבען געגלאנצט מיט'ן לעצטען גלאנץ. — פארבלייבט געזונד... הערט... איך האב דאך אייך דעמאלט קיין קוש ניט געגעבען... גיט א בלאז אויף דעם אויסגעהענדיגען לעמפעל, און זאל ער פארלאשען ווערען...

אננא סיערגיעוונא האט איהרע ליפען צוגעלייגט צו זיין שטערן.

— און גענוג! האט ער ארויסגערעדט, און האט זיך אראפּגעלאזען אויפ'ן קישען, — איצט... פינסטערניש...

אננא סיערגיעוונא איז שטיל ארויסגעגאנגען. — וואס? האט וואסילי איוואנאוויטש שטיל א פרעג געטאן.

— ער איז איינגעשלאפען, האט זי געענטפערט קוים וואס מ'האט געקענט הערען.

באזאראוו'ען איז שוין באשערט געווען ניט אויפצוכאפען זיך. צו נ'אווענד צו איז ער אריינגעפאלען אין א פאלשטענדיגער באוואוסטלאזיגקייט, און אויף מארגען איז ער געשטארבען. דער פאטער אלעקסיי האט דורכגעפיהרט אלע רעליגיעזע צערעמאניעס. ווען זיי האבען איהם געזאלבט, ווען דער הייליגער אייל האט אנגעריהרט זיין ברוסט, האט זיך ביי איהם איין אויג אויפגעעפענט און ס'האט זיך אויסגעדוכט, אז דערזעהענדיג דעם גלח אין זיין מאנטעל, דעם רויכערדיגען טעפעל, די ליכט פאר'ן הייליגען בילד, אז עפעס עהנליך צו א ציטער האט זיך אפּגעשפיגעלט אויף זיין טויטען פנים. ווען ער האט ענדליך ארויסגעלאזען זיין לעצטען אטעם און אין הויז האט זיך אויפגעהויבען אן אלגעמיינער קרעכצען, האט וואסילי איוואנאוויטש'ען ארומגעכאפט א משוגעת. „איך האב געזאגט, אז איך וועל א וכוח האבען", האט ער הייזעריג געשריען מיט א צופלאמטען פאר-

קרימטען פּנים, טרייסלענדיג זיין פויסט אין דער לופטען, ווי ער וואלט אימיצען געסטראשעט: „און איך וועל א וכוח האבען, איך וועל א וכוח האבען!" אבער ארינא וולאסיעוונא, א פאר־גאסענע מיט טרעהרען, האט זיך איהם אויפ'ן האלז אנגעהאנגען און זיי האבעןביידע זייערע קעפּ צו דער ערד איינגעבויגען. — „אזוי" האט אנפיסושקא דערצעהלט דערנאך אין דינער צימער, „האבען זיי איינע לעבען די אנדערע איינגעבויגען זייערע קעפּ־לאך, ווי שעפּסעלאך אין מיטען טאג.

אבער די בייטאגעדיגע היץ געהט אוועק, און ס'קומט אן דער אווענט, די נאכט. און נאכדעם דער צוריקעהר צום מקום מנוחה, וואו עס שלאפט זיך זיס פאר פארמאטערטע און מיעדע...

28.

עס זיינען אוועק זעקס חדשים. ס'איז דעמאלט געווען ווייסער ווינטער, מיט א גרויזאמער שטילקייט פון וואלקענלאזע פרעסט, מיט א דיקען סקריפּעדיגען שניי, מיט'ן ראזען טוי אויף די בוימער, מיט א בלייבען סמאראגדענעם הימעל, מיט היטלען רויך איבער די קוימענס, מיט קנוילען פּארע פון די אויף א וויילע אויפגעפענטע טירען, מיט פרישע אנגעפרוירענע מענשליכע פּנים'ער, מיט א גיכען לויפען פון ציטערדיגע פערדלאך. א יאנואר טאג האט זיך דערנעהענטערט צום סוף, די אווענד קעלט האט נאך שטארקער צונויפגעדריקט די באוועגלאזע לופט, און האט גיך געלאשען דעם פייער רויטען הימעל... אין די פענסטער פון דער הויז אין מארינא, האבען זיך אנגעצונדען פייערלאך. אין א שווארצען פראק מיט ווייסע האנדשוה האט פּראקאפּיטש מיט אן אויסערגעוועהנליכען פריידיגען אויסזעהן געגרייט צום טיש פאר זיבען מענשען. מיט א וואך צוריק זיינען אין דעם קליינעם קלויסטער פארגעקומען צוויי חתונות: ארקאדיא מיט קאטיא'ן, און ניקאלאי פּעטראוויטש מיט פעניטשקא'ן, און אין דעם זעלבען טאג האט ניקאלאי פּעטראוויטש געמאכט אן אפשייד

מאהלצייט פאר זיין ברודער, וועלכער האט געדארפט אוועקפאה־
רען קיין מאסקווע צוליעב געשעפט. אנא סיערגיעוונא איז אויך
אהין אוועקגעפאהרען גלייך נאך דער חתונה, איבערלאזענדיג
שעהנע פרעזענטען פאר די יונגע מענשען.. פונקט דריי אזייגער
האבען זיך אלע ארומגעזעצט ארום טיש. מיטיא׳ן האט מען דא
אויך אוועקגעזעצט, מיט איהם איז שוין געזעסען א ניאנקע אין
א גלאזירענעם קאפבאנד. פאוועל פעטראוויטש האט זיך אוועק־
געזעצט צווישען קאטיא׳ן און פעניטשקא׳ן: די „מענער" האבען
זיך געזעצט לעבען זייערע ווייבער. אונזערע באקענטע האבען
זיך געענדערט פאר דער לעצטער צייט: עפעס אלע זיינען שעהנער
און שטארקער געווארען, נאר פאוועל פעטראוויטש איז מאגע־
רער געווארען, כאטש דאס האט נאך מעהר עלעגאנץ צוגעגעבען
זיינע אויסדרוקספולע שטריכען... אויך פעניטשקא איז געווארען
אן אנדערע. אין א נייער זיידענער קלייד, מיט א ברייטער סא־
מעטענער הויב אויף איהרע האר, מיט א גאלדענער קייטעלע אויף
איהר האלז, איז זי געזעסען מיט דרך ארץ אומבאוועגליך, מיט
דרך ארץ צו זיך אליין און צו אלץ וואס איהר האט ארומגערינ־
געלט, און האט געשמייכעלט אזוי, ווי זי וואלט געוואלט זאגען:
„ענטשולדיגט מיר, ס׳איז ניט מיין שולד". און ניט נאר זי אליין —
אלע איבעריגע האבען אויך געשמייכעלט, און האבען זיך אויך
ווי ענטשולדיגט. אלע האבען עפעס מאדנע געפיהלט, אביסעל
אומעטיג, אבער אין דער אמת׳ן זעהר גוט. יעדער האט דעם
צווייטען באדינט מיט קאמישער אויפמערקזאמקייט, עפעס ווי
אלע וואלטען איינגעשטימט צו שפילען עפעס א הארציגע קאמע־
דיע. קאטיא איז געווען רוהיגער פון אלעמען: זי האט מיט
צוטרויען געקוקט ארום זיך, און מ׳האט געקענט באמערקען אז
ניקאלאי פעטראוויטש איז שוין געווען משוגע פאר איהר. ביים
סוף פון מאהלצייט האט ער זיך אויפגעהויבען און גענומען א
באקאל אין די הענד, האט ער זיך געווענדט צו פאוועל פעט־
ראוויטש׳ען.

— דו וואַרפסט אונז אוועק... דו וואַרפסט אונז אוועק,

ליעבער ברודער, האָט ער אָנגעהויבען: — זיכער ניט אויף לאַנג, נאָר פונדעסטוועגען קען איך ניט, ניט אויסדריקען דיר, אַז איך... אַז מיר... וויפיעל איך... וויפיעל מיר... ס'איז אַן אומגליק, וואָס מיר קענען ניט האַלטען קיין רעדעס! ארקאַדי, זאָג דו עפּעס.

— ניין, טאַטע, איך האָב זיך ניט צוגעגרייט.

— און איך האָב זיך גוט צוגעגרייט! פּשוט, ברודער, לאָז מיר דיך אַרומנעמען, און ווינשען דיר אַלדאָס גוטס, און קום צוריק וואָס גיכער!

פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט זיך מיט אַלעמען צוקושט, ניט אויסשליסענדיג, פאַרשטעהט זיך, אויך מיטיאַ'ן: פעניטשקאַ'ן האָט ער אויך אַ קוש געטאָן אין האַנד, וועלכע זי האָט נאָך ניט געקענט געבען ווי עס באַדאַרף צו זיין, און, אויסטרינקענדיג דעם ווידער אָנגעפילטען באָקאַל, האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ טיפען זיפץ: זייט גליקליך, מיינע פריינד! Farewell! דער ענגלישער ווערטעל איז דורכגעגאַנגען אומבאַמערקט, אָבער אַלע זיינען גערירט געוועזען.

„פאַר באַזאַראָוו'ס אָנדענקונג", האָט קאַטיאַ אַ שעפּטשע געטאָן איהר מאַן אויפ'ן אויער, און האָט אָנגעקלאַפּט איהר גלעזעל אָן זיינעם. ארקאַדי האָט איהר געענטפערט מיט אַ שטאַרקען האַנד דרוק, ער האָט אָבער ניט געוואַגט פאַרצושלאָגען זיין טאָסט אין דער הויך.

דוכט זיך, אַז ס'האָט שוין געקענט זיין דער סוף? אָבער אפשר וויל נאָך אימיצער פון די לעזער וויסען, וואָס עס טוט איצט, דוקא איצט, יעדער פון די אַרויסגעפיהרטע טיפּען. מיר זיינען גרייט איהם צופרידען צו שטעלען.

אַנאַ סיערגיעוונאַ האָט ניט לאַנג צוריק חתונה געהאַט, ניט פון ליעבע, נאָר פון איבערצייגונג, פאַר איינעם פון רוסלאַנד'ס צוקונפטיגע טוער, פאַר אַ זעהר קלוגען מענשען, אַ קענער פון געזעץ, מיט אַ געזונטען פּראַקטישען שכל, מיט אַ שטאַרקען ווילען און מיט אַ וואונדערבאַרער שפּראַך. — ער איז נאָך אַ יונגער מענש, אַ גוטער און אַ קאַלטער ווי אייז. זיי לעבען האַרמאָניש

איינער מיט דעם אנדערען און זיי וועלען נאך אפשר דערלעבען גליק... און אפשר ליעבע. די פירשטין ק. איז געשטארבען, און פארגעסען געווארען אין דעם זעלבען טאג פון איהר טויט. די קירסאנאווס, דער טאטע מיט'ן זוהן, האבען זיך באזעצט אין מארינא. זייערע געשעפטען הויבען זיך אן צו פארבעסערען. ארקאדי איז געווארען אן איבערגעבענער באלעבאס און דער „פארם" טראגט שוין אריין א גאנץ באדייטענדע הכנסה. ניקאלאי פעטראוויטש איז געווארען א כלל טוער, און ער ארבייט מיט אלע זיינע כחות, ער פאהרט כסדר ארום אין זיין בעצירק, האלט לאנגע רעדעס (ער האלט זיך ביי דעם מיינונג, אז די פויערים דארף מען „אויפקלעהרען", ס'הייסט, פארמאטערען זיי מיט דעם איבער'חזר'ן די זעלביגע ווערטער.) און פונדעסטוועגען, דעם אמת זאגענדיג, באפריעדיגט ער ניט אין גאנצען, ניט די געבילדעטע אדעל-לייט, וועלכע ריידען, אמאל מיט אן אנשטעל, און אמאל מעלאנכאליש, וועגען דער „עמאנציפאציע" (ארויסריידענדיג עס אונטער'ן נאז) און ניט די אומוויסענדע, וועלכע פלעגען אהן חכמות אנפאלען אויף דער „מונציפאציע". סיי פאר די, סיי פאר יענע איז ער צו ווייך. קאטיערינא סיערגעיעוונא האט געבוירען א זוהן, קאליא, און מיטיא לויפט שוין ארום און רעדט שוין שארף. פעניטשקא, פעדאסיא ניקאלאיעוונא, פארגעטערט קיינעם ניט אזוי ווי איהר שנור, אויסער איהר מאן און מיטיא'ן. און ווען קאטיא זעצט זיך ביים פארטאפיאן, וואלט זי א גאנצען טאג געזעסען לעבען איהר. לאמיר אגב דערמאנען אויך פיאטער'ן. ער איז נאך געווארען שטאלצער און נארישער ווי פריהער, ער פאררעהט די ווערטער ווען ער רעדט. ער האט אבער אויך חתונה געהאט, ער האט נעקאגען א כלה מיט א גאנץ פיינעם נדן. א טאכטער פון א שטאדטישען גערטנער, וועלכע האט אוועקגעווארפען צוויי וואוילע חתנים, נאר דערפאר, ווייל זיי האבען קיין זייגערס ניט געהאט: אבער פיאטער האט ניט נאר געהאט א זייגער נאר אויך לייקענע האלבע שטיוועלאך.

אין דרעזדען, אויף דער בריהלער טערראסע, צווישען צוויי און

פיער אזייגער, אין דער אנגענומענער שפאציר צייט, קענט איהר
באגעגענען א מענשען פון א יאהר פופציג שוין אין גאנצען א
גרויען, און ווי ער וואלט געליטען אויף די פיס, אבער נאך אלץ
א שעהנער, עלעגאנט אנגעטאן, אויף זיין פנים ליגט יענער שטעמ־
פעל וואס מ׳זעהט אויף יענע מענשען, וועלכע פארקעהרען שוין
לאנג אין דער העכערער געזאלשאפטפ. אט דאס איז פאוועל פעט־
ראוויטש. פון מאסקווע איז ער אוועקגעפאהרען קיין אויסלאנד, צו
פארבעסערען זיין געזונד, און ער איז פארבליבען וואוינען אין
דרעזדען, וואו ער קאן זיך מיינסטענס מיט ענגלענדער, און מיט
רוסישע באזוכער. מיט די ענגלענדער האלט ער זיך פשוט, כמעט
עניוות׳דיג אבער ניט אהן ווירדע, ער מאכט אויף זיי דעם איינ־
דרוק פון א ביסעל א לאנגווייליגען, זיי רעספעקטירען אבער אין
איהם דעם „דזשענטעלמאן“. מיט די רוסען איז ער פרייער,
אפנעלאזענער, ער שפאסט פון זיך אליין און פון זיי, אבער דאס
אלץ קומט ביי איהם ארויס זעהר שעהן, נאכלעסיג און אנשטענ־
דיג. ער האלט זיך ביי דער סלאוואפילישער אנשויאונג: פאר־
שטעהט זיך, אז אין דער העכערער געזעלשאפט האלט מען עס פאר
tries distingue רוסיש, לייענט ער גאר ניט, אבער
אויף זיין שרייב־טיש געפינט זיך א זילבערנער אש־טעצעל, וואס
זעהט אויס ווי א לאפטשע פון א רוסישען פויער. אונזערע טור־
ריסטען לויפען איהם שטארק נאך. מאטוויי איליטש קאליאזין,
וועלכער איז איצט געווען „אין א צייטווייליגער אפאזיציע“ האט
איהם באעהרט מיט א באזוך. דורכפאהרענדיג די באהעמישע
וואסערען. די איינגעבוירענע, פון וועלכע ער האט זיך, אגב, גע־
האלטען פון ווייטען, האבען פאר איהם גרויס דרך ארץ געהאט.
קיינער האט אזוי גרינג ניט געקענט קריגען א בילעט אין פאר־
שיידענע אמוזירונגס־פלעצער ווי „דער הער באראן פאן קירסאנאף“.
ער טוט נאך אלץ גוטע זאכען, אויף וויפעל ער קען, און טומעלט
נאך אלץ צוביסלאך, ניט אומזיסט האט ער דאך אמאל גע׳שמ׳ט
פאר א לייב. אבער לעבען איז איהם שווער... נאך שווערער ווי
ער אליין דענקט... ס׳איז גענוג א קוק צו טאן אויף איהם אין א

רוסישען קלויסטער, וועז, שטעהענדיג אנגעשפארט אן א זייט צום וואנד, פארקלערט ער זיך און ריהרט זיך ניט לאנג, ביטער צונויפדריקענדיג די ליפען, דערנאך דערמאנט ער זיך פלוצלונג און אומבאמערקט הויבט ער זיך אן צו צלמ'ען...

אויך קוקשינא דרעהט זיך ארום אין אויסלאנד. איצט איז זי אין היידעלבערג, און שטודירט דארט שוין ניט נאטור־וויסענ־שאפט, נאר ארכיטעקטור, אין וועלכער, זי זאגט, אז זי האט ענדעקט נייע געזעצען. זי שלעפט זיך נאך אלץ ארום מיט סטו־דענטען, איבערהויפט מיט יונגע רוסישע פיזיקער און כעמיקער, מיט וועלכע היידעלבערג איז אנגעפילט, און וועלכע פלעגען די ערשטע צייטען איבערראשען די נאאיווע דייטשע פראפעסארען מיט זייער ניכטערען קוק אויף זאכען, און נאכדעם פלעגען זיי די זעלבע פראפעסארען איבעראשען מיט זעהר אבסאלוטען ליידיג־ארומגעהן, און מיט זייער אבסאלוטער פוילקייט. זי שלעפט זיך ארום מיט אזעלכע צוויי־דריי כעמיקער, וועלכע האבען ניט גע־וואוסט דעם אונטערשייד צווישען זויער שטאף ביז שטיק שטאף, וועלכע האבען זיך אבער געהאלטען פאר גרויסע מענשען. זי חבר'ט זיך אויך מיט דעם גרויסען יעליסעוויטשען. סיטניקאוו, וועלכער גרייט זיך אויך צו זיין א גרויסער מענש, שלעפט זיך ארום אין פעטערבורג, און לויט ווי ער פארזיכערט, זעצט ער פאר באזאראוו'ס „ארבייט". מ'זאגט אז אימיצער האט איהם ניט לאנג צוריק אנגעבראכען דיביינער, ער האט זיך אבער מיט יענעם אפגערעכענט: אין א קליינינקען ארטיקעלע, וואס ער האט אריינגעקוועטשט אין א פארדעכטיגען זשורנאלכעל, האט ער אנ־געדופען דעם מאן וואס האט איהם געשלאגען — פייגלינג. ער רופט עס אן איראניע. דער טאטע שאפט זיך נאך אלץ מיט איהם ארום ווי פריהער, און די ווייב האלט איהם פאר א נארעלע... און פאר א ליטעראט.

עס איז פאראן א קליינער דארפישער בית־עלמין, אין איינעם פון די ווייטע ווינקעלאך אין רוסלאנד. ער ווארפט אן א טרויע־ריגע שטימונג, ווי כמעט אלע אונזערע בית־עלמינ'ס: די גראבענס,

וואס רינגלען איהם ארום זיינען שוין לאנג פארוואקסען, די גרויע הילצערנע צלמים זיינען איינגעפאלען און פוילען אונטער זייערע אמאליגע געפארבטע דעכלאך, די שטיינערנע פלאטען זיינען אלע ארויסגערוקט פון פלאץ, ווי אימיצער וואלט זיי געשטויסען פון אונטען. א צוויי־דריי נאקעטע בוימער ווארפען א קארגען שאטען, שעפסען געהען ארום אומגעשטערט איבער די קברים... אבער צווישען זיי געפינט זיך איינער, וואס ווערט פון קיין מענשען נים אנגעריהרט און פון קיין חיות נים געטראטען: בלויז פויגע־לאך זעצען זיך אויף איהם און זינגען ווען די זון געהט אויף. אן אייזערנער צאם רינגעלט איהם ארום, צוויי יונגע יאלקעס זיי־נען פארזעצט פון זיינע ביידע עקען: ס'איז דער קבר פון יעווגעני באזאראוו. אפט קומען צו איהם פון א נאהענטען דערפעל צוויי שוואכע אלטעטשקע — א מאן מיט א ווייב. האלטענדיג איינער דעם אנדערען, געהען זיי מיט א שווערען גאנג, זיי דערנעהענטערען זיך צום צאם, זיי פאלען צו איהם צו און בלייבען שטעהן אויף די קני, און לאנג און ביטער וויינען זיי, און לאנג און אויפמערק־זאם קוקען זיי אויפ'ן שטומען שטיין, אונטער וועלכען זייער זוהן ליגט. זיי בייטען זיך איבער מיט א ווארט, זיי שטויבען אפ דעם שטיין, זיי גלייכען אוים א צווייגעל פון א יאלקע, און ווידער פאלען זיי צו מיט א געבעט, און זיי קענען נים פארלאזען דעם ארט, פון וועלכען ס'איז זיי ווי נעהענטער צו זייער זוהן, צו זייערע עראינע־רונגען פון איהם... נים שוין זשע זיינען זייערע תפלות, זייערע טרעהרען פרוכטלאז? נים שוין זשע איז די ליעבע, די הייליגע איבערגעבענע ליעבע נים אלמעכטיג? אה, ניין! ס'איז קיין אונטערשייד ווי ליידענשאפטליך, ווי זינדיג, ווי ווידערשפעניג ס'איז די הארץ, וואס ליגט אין קבר, די בלומען, וואס וואקסען אויף איהם קוקען אויף אונז מיט זייערע אומשולדיגע אויגען: נים נאר פון אייביגער רוה דערצעהלען זיי אונז, נים נאר פון יענער גרוי־סער רוה פון דער „גלייכגילטיגער" נאטור, זיי דערצעהלען אונז אויך פון אן אייביגען שלום מאכען און פון אן אייביגען לעבען.